


פ.מ. ראַטשאַ׳עוסקי

# זכרונות פון טויטן הויז



פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ ווארשע

פ. מ. דאָסטאָיעווסקי

# זכרונות פֿון טויטן הויז

איבערזעצט פון רוסיש:
א. זילבערמאַן




וואַרשע 1925

פארלאג ש. יאטשקאװסקי, לעשנע 27

געזעצט אין פולאװ, פ. קרומער

געדרוקט בא ברידער װאָיצי־
קיעװיטש. װארשאָ, גענשע 15

געבונדן בא א. קאמיען

F. M. Dostojewskiego
Pamiętniki z martwego domu

Wyd. Sz. Jaczkowskiego
Warszawa, Leszno 27

Drukarnia B-ci Wójcikiewicz
Warszawa, Gęsia 15·

## דער שפּיטאָל

באַלד נאָך די ימים=טובים בין איך קראַנק געוואָרן און איך בין אַוועק אין אונדזער מיליטערישן שפּיטאָל. ער איז געשטאַנען אַן אָפּגעזונדערטער, בײַ אַ האַלב וויאָרסט פֿון דער פֿעסטונג. דאָס איז געווען אַ לאַנגער איינשטאָקיקער בנין, אָפּגעפאַרבט מיט געלער פאַרב. זומער. ווען עס איז פֿאָרגעקומען די רעמאָנט-אַרבעט, האָט דער דאָזיקער בנין אַוועקגענומען אַ גרויסע צאָל אָקער. אויפֿן גרויסן הויף פֿונם שפּיטאָל האָבן זיך געפֿונען די דירות פֿאַר דער דינערשאַפֿט, די הײַזער פֿאַר די שפּיטאָל=באַאַמטע און אַנדערע נויטיקע בנינים. אינם הויפּט=קאָרפּוס אָבער האָבן זיך געפֿונען בלויז די פּאַלאַטעס. עס זיינען אַפֿילו געווען אַ סך פּאַלאַטעס, אָבער פֿאַר די אַרעסטאַנטן בלויז צוויי, שטענדיק זייער אָנגעפּילט, באַזונדערס זומער, אַזוי, אַז עס איז עפּטער אויסגעקומען צונויפּצערוקן די בעטן. אונדזערע פּאַלאַטעס זײַנען געזען אָנגעפּילט מיט כּלערליי מינים פֿונם „אומגליקלעכן פֿאָלק”. עס זײַנען געגאַנגען אַהין די אונדזעריקע, און עס זײַנען געגאַנגען פֿאַרשידענע מיליטערישע פֿאַרמשפּטע, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין פֿאַרשידענע הויפּטוואַכן, געמשפּטע און נישט געמשפּטע און עטאַפּ=אַרעסטאַנטן; מ'איז אויך געגאַנגען פֿון דער

אויסבעסערונגס־ראָטע, — אַן אויסטערלישע אַנשטאַלט, אין וועלכער עס זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן די פֿאַרשולדיקטע און ווייניק־זיכערע זעלנערלעך פֿון די באַטאַליאָנען, ווו עס דאַרף אויסגע־בעסערט ווערן זייער אויפֿפֿירונג, און פֿון דאָרט, אין אַ וואַסערע צוויי יאָר אַרום און מער, זײַנען זיי על־פּי־רוב אַרויס אַזעל־כע אויסוואורפֿן, וועלכע ס׳איז ממש זעלטן צו טרעפֿן. די אַרעס־טאַנטן, וואָס זײַנען בײַ אונדז קראַנק געוואָרן, האָבן געוויינטלעך אין דערפֿרי געמאָלדן וועגן זייער קראַנקהייט דעם אונטער־אָפֿיציר. האָט מען זיי באַלד פֿאַרשריבן אין אַ בוך, און מיט דעם דאָזיקן בוך איז דער קראַנקער אָפּגעשיקט געוואָרן מיט אַ וואַך־סאָלדאַט אינעם באַטאַליאָן־שפּיטאָל. דאָרט האָט דער דאָקטאָר דערווײַל באַטראַכט די אַלע חולאים פֿון אַלע מיליטערישע קאָמאַנדעס, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין פֿעסטונג. און אַז ער האָט אײַנגעזען, אַז עמעץ פֿון זיי איז באמת קראַנק, האָט ער אים פֿאַרשריבן אין שפּיטאָל. מען האָט מיך פֿאַרצייכנט אין בוך, און אַרום צוויי אַ זייגער, ווען אַלע אונדזעריקע זײַנען שוין אַרויס פֿון דער טורמע אויף דער נאָכמיטאָגדיקער אַרבעט, בין איך אַוועק אין שפּיטאָל. דער קראַנקער אַרעסטאַנט האָט געוויינלעך גענומען מיט זיך, וויפֿיל ער האָט נאָר געקאָנט — געלט, ברויט, ווײַל אין אַזאַ טאָג האָט ער קיין שום אויסזיכט נישט געהאַט אויף אַ פּאָרציע אין שפּיטאָל; ער האָט אויך מיטגענומען זײַן קליין לולקעלע, דאָס בײַטעלע מיט טאַבאַק, און דאָס קרעמשטיינדל מיטן אײַזנדל. די לעצטע זאַכן האָט מען גוט באַהאַלטן אין די שטיוול. איך בין אַרײַנגעטרעטן אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל מיט אַ געוויסער נײַגעריקייט צו דעם נײַעם, מיר נאָך אומבאַקאַנטן וואַריאַנט פֿון אונדזער אַרעסטאַנטישן לעבן.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, אַ כמורנער און אַן אומעטיקער — איינער פֿון יענע טעג, ווען אַזעלכע אײַנריכטונגען,

ווי אַ שפּיטאָל באַקומען אַ באַזונדער געשעפּטלעכן, נודנעם און זויערן אויסזען. איך בין אַרײַן מיטן וואַכסאָלדאַט אינם אופּ־נאַמצימער, ווו עס זײַנען געשטאַנען צוויי קופּערנע וואַנעס און ווו עס האָבן שוין געוואַרט, אויך מיט וואַכסאָלדאַטן, צוויי חולאים, אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן נאָך באַדאַרפט געמשפּט ווערן. עס איז אַרײַנגעקומען דער פעלדשער; פויל, ווי אַ מושל, האָט ער אונדז אָנגעקוקט און נאָך פוילער איז ער אַוועק מעלדן דעם דעזשור־נעם דאָקטאָר. יענער האָט זיך באַלד באַוויזן: באַקוקט, זיך באַ־גאַנגען זייער ווייך און אַרויסגעגעבן אונדז „חולאים־ליסטעס", אין וועלכע עס זײַנען אָנגעוויזן געוואָרן אונדזערע נעמען. די ווײַטערדיקע באַצייכענונג פון דער קראַנקהײַט, דאָס באַשטימען רפואות, פּאָרציעס און דאָס איבעריקע האָט שוין געהערט צו יענעם פון די אָרדינאַטאָרן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די אַרעסטאַנטישע פּאַלאַטעס. איך האָב נאָך אויך פריער געהערט, אַז די אַרעסטאַנטן קענען זיך גאָרנישט אָפּלויבן פון זייערע דאָקטוירים. „מען דאַרף גאָר קיין טאַטעס נישט!" — האָבן זיי מיר געענטפערט אויף מײַן נאָכפרעגן זיך, ווען איך בין אַוועק אין שפּיטאָל. בינו־לבינו האָבן מיר זיך איבערגעטון. די מלבושים און וועש, אין וועלכע מיר זײַנען געקומען, האָט מען בײַ אונדז צוגענומען און מ'האָט אונדז אָנגעטון אין שפּיטאָל־וועש, און, חוצדעם, האָט מען אַונדז אַרויסגעגעבן לאַנגע זאָקן, שטעקשיך, נאַכטמיצן און גראָבע געוועבטענע טונקל־ברוינע כאַלאַטן, אונטערגעניייט אָדער מיט לײַוונט, אָדער מיט אַ מין פּלאַסטער. מיט איין וואָרט, דער כאַלאַט איז געווען שמוציק ביז גאָר; אָבער ערשט אויפן אָרט האָב איך אים, ווי געהעריק, אָפּגעשאַצט. נאָכדעם האָט מען אונדז אַוועק־געפירט אין די אַרעסטאַנטישע פּאַלאַטעס, וועלכע האָבן זיך גע־פונען אין עק פונם לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז געווען הויך און ריין. די אויסערלעכע ריינקייט איז אומעטום געווען זייער אַ

באַפרידיקלעכע. אַלץ, וואָס האָט זיך באַם ערשטן מאָל געוואָרפן אין די אויגן, האָט ממש געגלאַנצט. איבעריקנס, האָט עס מיר געקאָנט אַזוי אויסוויַיזן נאָך אונדזער טורמע. די צוויי חולאים=אַרעסטאַנטן זיַינען געגאַנגען אין פּאַלאַטע לינקס, איך — רעכטס. באַ דער טיר, וואָס איז געווען פאַרמאַכט מיט אַן איַיזערנעם שטאַנג, איז געשטאַנען אַ וואַך מיט אַ ביקס לעבן אים אַ געהילף. דער יינגערער אונטער=אָפיציר (פון דער שפּיטאָל=וואַך) האָט געהייסן מיך אַדורכלאָזן, און איך האָב מיך פלוצלינג געפונען אין אַ לאַנגן און שמאָלן צימער, וואָס באַ זיַינע ביידע לאַנגע ווענט זיַינען געשטאַנען באַ צוויי און צוואַנציק בעטן, צווישן וועלכע אַ דריַי=פיר זיַינען נאָך געווען נישט פאַרנומען. די בעטן זיַינען געווען הילצערנע, אָפּגעפאַרבט אויף גרין, און זיַינען צו גוט באַקאַנט אַלעמען און יעדן איינעם באַ אונדז אין רוסלאַנד, — טאַקע יענע בעטן, וואָס זיי איז שוין אַזוי באַשערט — בשום אופן נישט צו בלייַבן אָן וואַנצן. איך האָב מיר פאַרנומען אַן אָרט אין אַ ווינקל, אויף יענער זיַיט, וווּ עס זיַינען געווען די פענסטער.

ווי איך האָב שוין געזאָגט, זיַינען דאָ אויך געווען אונדזערע אַרעסטאַנטן, פון טורמע. איינִיקע פון זיי האָבן מיך שוין געקאָנט אָדער ווייניקסטנס, מיך פריִער געזען. אַ סך מער זיַינען געווען פון די, וואָס האָבן נאָך באַדאַרפט געמשפט ווערן און פון דער אויסבעסערונגס=ראָטע. שווערע חולאים, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זיַינען שוין נישט אויפגעשטאַנען פון בעט, איז געווען נישט אַזוי פיל. די אַנדערע, ווידער, לייַכט=קראַנקע, אָדער די, וואָס זיַינען געקומען צו די כּוחות, זיַינען אָדער געזעסן אויף די בעטלעך, אָדער זיי האָבן געשפּאַנט אַהין און צוריק איבערן צימער, ווו צווישן די צוויי שורות בעטן איז נאָך איבערגעבליבן אַ שטח, גענוג צום שפּאַנען. אין פּאַלאַטע איז געווען זייער אַ

פאַרשטיקטער שפּיטאָל=ריח. די לופט איז געווען אָנגעשטעקט מיט פאַרשידענע נישט ניחאדיקע אויסדאַמפונגען און ריחות פון רפואות, נישט געקוקט דערויף, וואָס כמעט אַ גאַנצן טאָג האָט אין ווינקל געברענט דאָס אייוועלע. מײַן בעטל איז געווען באַצויגן מיט אַ געשטרייפטער ציך. איך האָב זי אַראָפּגענומען. אונטער דער ציך איז געלעגן אַ געווענטענע קאָלדרע, אונטערגענייט מיט לײַוונט, און וואַרעמע וועש פון זייער א צווייפלהאפטער ריינקײַט. לעבן בעטל איז געשטאַנען אַ טישל און דערויף אַ קריגל מיט אַ צין=טעפּעלע. פון אָנשטענדיקײַט וועגן האָט מען דאָס אַלץ צוגעדעקט מיט אַ קליין האַנטוכל, וואָס מ'האָט מיר אַרויסגעגעבן. אונטן אין טישל איז נאָך געווען אַ פּאָליצע. די, וואָס האָבן געטרונקען טיי, האָבן דאָרט באַהאַלטן די טשײַניקעס, די קריגלעך מיט קוואַס און ד. גל. אָבער די צאָל טיי=טרינקער איז אויך געווען זייער א קנאַפּע אַפילו צווישן די קראַנקע. די לולקעס און טאַבאַק־בײַטעלעך, וואָס כמעט יעדער איינציקער האָט זיי בײַ זיך געהאַט, נישט אויסשליסנדיק אפילו די שווינדזיכטיקע, האָט מען באַהאַלטן אונטער די בעטלעך. דער דאָקטאָר און אַנדערע פון די שפּיטאָל=באַאַמטע האָבן זיי כמעט קיינמאָל נישט באַזוכט, און אויב זיי האָבן יאָ געטראָפן עמעצן מיט אַ לולקע, האָבן זיי געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי זיי באַמערקן עס נישט. איבעריקנס, זײַנען אויך די קראַנקע געווען תמיד פאַרזיכטיק און זיי זײַנען געגאַנגען רויכערן באַם אייוועלע. נו, באַנאַכט האָט מען שוין גערויכערט פּשוט אויף די בעטן, אָבער באַנאַכט האָט קיינער נישט באַזוכט די פּאַלאַטעס, סײַדן אַמאָל דער אָפּיציר, דער שעף פון דער שפּיטאָל=וואַך.

ביז אַהער בין איך קיינמאָל נישט געלעגן אין קיין שום שפּיטאָל; דערפֿאַר האָט מיר אַלץ ארום אויסגעוויזן זייער נײַ. איך האָב באַמערקט, אַז איך רוף אַרויס באַם שפּיטאָל=עולם א

געוויסע נייַגעריקייַט. מען האָט שוין געהערט פון מיר און מ'האָט
מיך אָנגעקוקט אָן שום צערעמאָניעס. אפילו מיט אַ סימן
פון אַ געוויסן פאָרצוג, ווי מען קוקט געוויינלעך אין די שולן
אויף אַ נייַעם תלמיד אָדער אין די אַמטלעכע ערטער אויף אַ
מענטשן, וואָס קומט מיט אַ בקשה. רעכטס לעבן מיר איז געלעגן
אַן אַרעסטאַנט, אַ קאַנצעלאַריע-שרייַבער, אַן אומגעזעצלעכער זון פון אַ
דעמיסיאָנירטן קאַפּיטאַן. מען האָט אים געמשפּט פאַר פאַלש געלט און
ער איז שוין געלעגן, דאַכט זיך, אַ יאָר צייַט, לגמרי נישט
קראַנק, אָבער ער האָט פאַרזיכערט די דאָקטוירים, אַז ער לייַדט
אויף אַנעווריזם. ער האָט דערגרייכט דעם ציל: די קאַטאָרגע און
לייַב=שטראָף האָבן אים אויסגעמיטן, און אין אַ יאָר אַרום איז
ער אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ט—ק אויפציהאַלטן זיך דאָרט בײַ
אַ שפּיטאָל. דאָס איז געווען אַ געזעצטער קערנדיקער יונג פון אַ
יאָר אַכט און צוואַנציק, אַ גרויסער שווינדלער און אַ בקי אין
געזעצן, גאָר נישט קיין נאַר, אַ חברה=מאַן מיט אויסערגעוויינלעך
פרייַע מאַנירן, שטאַרק אייַנגעגלויבט אין זיך, מיט אַ געפערלעכער
אייַגנליבע, וואָס האָט גאָר אויף אַן אמת זיך אייַנגעשמועסט, אַז
ער איז דער ערלעכסטער און דער וואָרהאַפטיקסטער מענטש
אויף דער וועלט און אַז ער איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק, און אין
דער דאָזיקער אייַנגעשמועסטקייַט וועט ער מסתּמא שוין פאַרבלייַבן
אויף אייביק. ער האָט דער ערשטער אָנגעהויבן רעדן מיט מיר און
אויסצופרעגן מיך מיט גרויס נייַגיר און דערבייַ האָט ער מיר
באריכות דערציילט וועגן די אויסערלעכע אָרדענונגען פון שפּיטאָל.
קודם=כּל האָט ער מיר, פאַרשטייט זיך, געמאָלדן, אַז ער איז
אַ קאַפּיטאַנס אַ זון. אים האָט זיך זייער געוואָלט אַרויסווייַזן פאַר
אַן אדלמאַן אָדער, לפּחות, „פון די וווילגעבוירענע“. באַלד נאָך
אים איז צוגעגאַנגען צו מיר אַ קראַנקער פון דער אויסבעסע=
רונגס=ראָטע און האָט מיך אָנגעהייבן צו פאַרזיכערן, אַז ער האָט

געקאָנט אַ סך פון די פריער־פּאַרשיקטע אדללײַט, אָנרופנדיק זײ בײַם נאָמען און פּאַטערנאַמען. דאָס איז שוין געווען אַ גרויער זעלנער; אויפן פּנים איז אים געווען אָנגעשריבן, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער זאָגט, איז ליגן. געהײסן האָט ער טשעקונאָוו. ער האָט, קענטיק, זיך אונטערגעלעקט צו מיר, ווײַל ער האָט אַודאי הוֹשד געווען, אַז איך האָב געלט. דערזען בײַ מיר אַ פּעקעלע מיט טײ און צוקער, האָט ער מיר באַלד פאָרגעלײגט זײַן באַדינונג: באַקומען אַ טשײַניק און פאַרבריען מיר טײ. מ — צקי האָט מיר צוגעזאָגט צו שיקן אויף צומאָרגנס אַ טשײַניק מיט עמעצן פון די אַרעסטאַנטן, וואָס זײַנען געגאַנגען אין שפּיטאָל אויף אַרבעט. אָבער טשעקונאָוו האָט שוין אײַנגעאָרדנט דעם עסק. ער האָט דערטאַפּט ערגעץ אַ טשוהונענעם שערבל, מיט אַ טעפּעלע אפילו, האָט אויפגעקאָכט דאָס וואַסער און פאַרבריט טײ; מיט אײן וואָרט, ער האָט באַדינט מיט אומגעווײנלעכן פלײַס, אַזוי, אַז ער האָט באַלד אַרויסגערופן בײַ אײנעם פון די קראַנקע עטלעכע גיפטיקע וויצעלעך אויף זײַן חשבון. דער קראַנקער איז געווען אַ שווינדזיכטיקער און איז געלעגן קעגנאיבער מיר. געהײסן האָט ער אוסטיאַנצעוו, פון די זעלנער־אַרעסטאַנטן, טאַקע דער אײגע־נער, וועלכער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער שטראָף, און האָט אויסגעטרונקען אַ טעפּעלע בראָנפן, שטאַרק אײַנגעריוירט מיט טאַבאַק, און אַזוי אַרום איז אים געקומען די שווינדזוכט; וועגן אים האָב איך שוין ערגעץ דערמאָנט פריער. ביז אַהער איז ער געלעגן שווײַגנדיק, מיט אַ שווערן אָטעם, שאַרף און ערנסט זיך צוגעקוקט צו מיר און מיט כּעס נאָכגעהיט טשעקונאָוון. די אומ־געווײנלעכע, גאַליקע ערנסטקײַט האָט צוגעגעבן ערגעץ אַ באַזונדער קאָמישע שאַטירונג זײַן גרימצאָרן. צולעצט האָט ער נישט אויס־געהאַלטן:

— אָט אַ קנעכט! אַ פּריץ האָט ער געפונען! — האָט ער

אַ זאָג געטון מיט אַן אָפּגעהאַקטער און פאַרקלײַנטער שטימע פון שוואכקײַט. ער האָט שוין געהאַלטן באַ די לעצטע טעג פון זײַן לעבן.

טשעקונאָוו האָט זיך אַ בײזער אויסגעדרײט צו אים.

— ווער איז דאָס א קנעכט? — האָט ער אַ זאָג געטון — און מיט פאַראַכטונג אַ גלאָץ געטון די אויגן צו אוסטיאַנצעוון.

— דו ביזט אַ קנעכט! — האָט יענער געענטפערט מיט אַזאַ זיכערן טאָן, ווי ער וואָלט געהאַט די פולע רעכט גוט אָנצווזידלען טשעקונאָוון און ווי דאָס וואָלט אפילו געווען זײַן עובדה בנוגע צו אים.

— איך בין אַ קנעכט?

— דו ביזט אַ קנעכט. הערט, גוטע מענטשן, ער גלויבט דאָך נישט! ער חדושט זיך!

— אָבער וואָס גײט עס דיר אָן! זעסט דאָך, אַז אַלײן זײַנען זײ דאָך, ווי אָן הענט. אָן באַדינונג זײַנען זײ נישט געוויגט, א גאנץ געווײנלעכע זאַך. טאָ פאַרוואָס־זשע נישט באַדינען, דו מאוסער לץ!

— ווער איז אַ מיאוסער?

— דו ביזט אַ מיאוסער.

— איך בין אַ מיאוסער!

— טאַקע דו!

— און דו ביזט אַ שײנער? אַלײן האָט ער אַ פּנים, ווי אַן אײ פון אַ ווראָנע... ווען איך בין אַ מיאוסער.

— אַ מיאוסער ביזטו! האָט דיר שוין גאָט באַצאָלט, ליגט מען און מען שטאַרבט! נײן, וואָס קריכסטו!

— וואָס! נײן, איך וועל מיך בעסער בוקן צו אַ שטיוול, איידער צו אַ לאַפּטשע. מײַן פאָטער האָט זיך נישט געבוקט און מיר האָט ער אויך נישט געהײסן. איך... איך...

ער האָט געוואָלט ווייטער ריידן, אָבער ער האָט זיך שרעקלעך פאַרהוסט אויף עטלעכע מינוט און אויסגעשפּיַיט מיט בלוט. באַלד איז אים אַ קאַלטער שווייס, וואָס פּייניקט אויס די ביינער, אַרויסגעטרעטן אויף זיין שמאָלינקן שטערן. דער הוסט האָט אים געשטערט, אַזוי וואָלט ער נאָך אַלץ גערעט. פון זיינע אויגן האָט מען געקענט זען, ווי אים האָט זיך נאָך געוואָלט זידלען, אָבער פון גרויס אָפּגעשוואַכטקייט האָט ער בלויז אַ מאַך געטון מיט דער האַנט... אַזוי, אַז טשעקונאָוו האָט סוף־כל־סוף אויך פאַרגעסן אין אים.

איך האָב דערשפּירט, אַז דער כעס פונם שווינדזיכטיקן איז גיכער געווענדט קעגן מיר, איידער קעגן טשעקונאָוון. דער־פאַר, וואָס טשעקונאָוו האָט געוואָלט באַדינען און אַזוי־אַרום פּאַקן אַ קאָפּיקע, וואָלט זיך קיינער אויף אים נישט געבייזערט אָדער געקוקט אויף אים מיט אַ באַזונדער פאַראַכטונג. יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער טוט דאָס פּשוט פאַר געלט. אין דעם פּרט איז דאָס פּשוטע פאָלק גאָרנישט אַזוי קליינלעך און קען זייער גוט אונטערשיידן אַ זאַך. אין פלוג האָב איך נישט נושא חן געווען באַ אוסטיאַנצעוון; עס איז אים נישט געפעלן געוואָרן מיין טיי און דאָס, וואָס איך האַלט מיך ווי אַ פּריץ אפילו אין די קייטן, פונקט ווי איך וואָלט מיך נישט קענען באַגיין אָן באַדינונג, הגם איך האָב גאָרנישט גערופן און נישט פאַרלאַנגט קיין שום באַדינונג. און באמת, מיר האָט זיך שטענדיק געוואָלט אַלץ טון אַליין, און איך האָב אפילו באַזונ־דערס נישט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז איך בין אַ ווייס הענטעלע, אַ געצערטלטער מענטש, אַ פּריץ. דערין איז טיילווייז באַשטאַנען אפילו מיין אייגנליבע, אויב עס איז שוין געקומען אַזוי צום וואָרט. אָבער — און איך פאַרשטיי לחלוטין נישט, ווי אַזוי דאָס איז שטענדיק געשען, — אָבער איך האָב מיך קיינמאָל

נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון פאַרשידענע משרתים און באדינער, וועלכע האָבן זיך מיר אַליין אָנגעבונדן און צולעצט מיך אינגאנצן באַהערשט, אַזוי, אַז זיי זיינען אינאמתן געווען מיינע האַרן און איך זייער דינער; אָבער אין דער אויסערלעכקייט איז אַרויסגעקומען ווי פון זיך אַליין, אַז איך בין באמת דער פּריץ, אַז איך קען מיך נישט באַגיין אָן באַדינונג, און אַז איך פיר מיך מעשה־שׂררה. דאָס האָט מיר, נאַטירלעך, זייער געקרענקט. אָבער אוסטיאַנצעוו איז געווען אַ שווינדזיכטיקער, אַ צוריינצטער מענטש. די איבעריקע חולאים, ווידער, האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי זיינען גלייכגילטיק, און אפילו אַ ביסל גרויס בא זיך. איך געדענק, ווי אַלע זיינען געווען באַשעפטיקט מיט אַ באַזונדער אומשטאנד. פון די אַרעסטאַנטישע שמועסן בי איך געוויר געוואָרן, אַז אין דעם אייגענעם אָוונט וועט מען ברענגען צו אונדז אַן אַרעסטאַנט, וועלכן מ׳האָט אין דעם מאָמענט באַשטראָפט מיט ריטער. די אַרעסטאַנטן האָבן אָפּגעוואַרט דעם דאָזיקן אַרעסטאַנט מיט אַ געוויסער נייגעריקייט. מען האָט, איבעריקנס, געשמועסט, אז די שטראָף וועט זיין אַ לייכטע, — בלויז פינף הונדערט שמיץ.

ביסלעכווייז האָב איך מיך אַרומגעקוקט. אויף וויפיל איך האָב געקאָנט באַמערקן, זיינען דאָ, ווירקלעך, על־פּי־רוב געלעגן חולאים אויף סקאָרבוט און אויגן־מחלות — אָרטיקע קראַנקהייטן פון יענער געגנט. עטלעכע חולאים אַזעלכע זיינען געלעגן אין פּאַלאַטע. פון די אַנדערע, באמת קראַנקע, זיינען דאָ מאַנכע געלעגן מיט פיבער, מיט פאַרשידענע ווונדן, מיטן האַרץ. דאָ איז נישט געווען אַזוי, ווי אין די אַנדערע פּאַלאַטעס, — דאָ זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין אַ קופּע אַלע קראַנקהייטן, אפילו ווענערישע. איך האָב געזאָגט באמת קראַנקע, מחמת דאָ זיינען געווען עטלעכע, וואָס זיינען געקומען סתם אַזוי, אָן אַ שום קראַנקהיי

נאָר „אָפּרוען". די דאָקטוירים האָבן, אויס מיטלייד, גערן צוגעלאָזט אַזוינע חולאים, באַזונדערס ווען עס זיינען געווען אַ סך ליידיקע בעטן. דאָס אַרעסטאַנטן־לעבן אויף די הויפּטוואַכן און אין תּפיסה האָט אויסגעזען אין פאַרגלייך מיטן שפּיטאָל אויף אַזויפיל שלעכט, אַז פיל ארעסטאנטן זיינען מיט פאַרגעניגן געקומען ליגן, נישט געקוקט אויף דער פאַרשטיקטער לופט און דער פאַרשלאָסענער פּאַלאַטע. עס זיינען געווען באַזונדערע ליבהאָבער פון ליגן און בכלל פון שפּיטאָל־לעבן, איבעריקנס, על־פּי־רוב פון דער אויסבעסערונגס־ראָטע. מיט נייגעריקייט האָב איך באַטראַכט מיינע נייע חברים, נאָר איך געדענק, אַז אַ באַזונדערע נייגעריקייט האָט דעמאָלט דערוועקט אין מיר איינער פון אונדזער תּפיסה, שוין אַ גוסס, אויך אַ שווינדזיכטיקער, און אויך אין די לעצטע טעג, וואָס איז געלעגן אַ בעט איבער אַ בעט מיט אוסטיאַנצעוון און אַזויאַרום אויך כמעט קעגנאיבער מיר. מ'האָט אים גערופן מיכאַילאָוו; נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק האָב איך אים געזען אין טורמע. ער איז לאַנג קראַנק געווען און עס איז שוין לאַנג צייט געווען, ער זאָל זיך גיין היילן; אָבער מיט עפּעס אַ פאַרעקשנטער און לחלוטין אומנוצלעכער געדולדיקייט האָט ער זיך איבערגעשטייגט און האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, און ערשט אויף די ימים־טובים איז ער אַוועק אין שפּיטאָל, צו שטאַרבן דאָרט אין דריי וואָכן צייט פון אַ שרעקלעכער שווינדזוכט, אַזוי ווי אַ מענטש וואָלט פאַרברענט געוואָרן. איצט האָט מיך איבעראַשט זיין שרעקלעך פאַרענדערט פּנים — דאָס פּנים, וואָס איך האָב פון די ערשטע באמערקט נאָך מיין אָנקומען אין טורמע; דאָס דאָזיקע געזיכט האָט זיך מיר דעמאָלט דווקא געוואָרפן אין די אויגן. לעבן אים איז געלעגן אַ סאָלדאַט פון דינער אויסבעסערונגס־ראָטע, שוין אַן אלטער מאן, אָבער אַ שרעקלעכע און עקלהאַפט־אָפּגעלאָזטע בריאה...

נאָר, צוריקגערעט, ווערל איך דאָך נישט אויסרעכענען אַלע קראַנקע... דעם דאָזיקן זקן האָב איך דערמאָנט בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט דעמאָלט אויף מיר געמאַכט אַ געווויסן איינדרוק און האָט אין איין מינוט באַוויזן מיר צו געבן אַ גענוג פולן באַגריף וועגן מאַנכע אייגנשאַפטן פון דער אַרעסטאַנטישער פּאַלאַטע. דער דאָזיקער אַלטיטשקער, געדענק איך, האָט דעמאָלט געהאַט זייער אַ שטאַרקן קאַטאַר. ער האָט אַלץ גענאָסן, און די גאַנצע וואָך נאָכדעם האָט ער גענאָסן אפילו אויך אין שלאָף, אַזוי זאַלפּנווייַז, צו פינף און זעקס ניסן פאַר אַמאָל, און בעת מעשה האָט ער יעדעס מאָל צוגעגעבן: „גאָט אין הימל, אָט אַ שטראָף אַ ביסל!” אין דער מינוט איז ער געזעסן אויפן געלעגער און האָט מיט גרויס אַפּעטיט זיך אָנגעפּאַקט אַ נאָז מיט טאַבאַק פון אַ פּאַפּירענעם זעקעלע, ער זאָל שטאַרקער און בעסער זיך אויסניסן. גענאָסן האָט ער אין אַ ביינוולנעם טיכעלע, אַן אייגן טיכעלע, אין קעסטעלעך, וואָס איז אַמאָל הונדערט שוין געוואַשן געוואָרן און איז שטאַרק אָפּגעבלאַקירט געוואָרן; בשעתן ניסן האָט זיך זיין קליינע נאָז עפּעס גאָר אויף אַ באַזונדער שטייגער געקנייטשט מיט דראָבנע אומצייליקע קנייטשעלעך, און דערביי האָבן זיך אַרויסגעזען די שיריים פון זיינע אַלטע, שווארצע ציין, צוזאַמען מיט די רויטע פאַרשליימיקטע דזיאָסלעס. זיך אויסגענאָסן, האָט ער באַלד פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס טיכל, גוט באַקוקט די גרויסע שטיקער ליחות, וועלכע ער האָט תיכף ומיד אַראָפּגעשמירט אויף זיין ברוינעם קאַזיאָנעם כאַלאַט, אַזוי, אַז די דאָזיקע ליחות זיינען פאַרבליבן אויפן כאַלאַט, און דאָס טיכל האָט בלויז געהאַט אַ ביסל פייכטקייט. אַזוי איז ער זיך נוהג געווען די גאַנצע וואָך. דאָס, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל טירחה און קאַרגקייט אָפּגעהיט דאָס אייגענע טיכל צום שאָדן פון דעם קאַזיאָנעם כאַלאַט, האָט בא די קראַנקע קיין שום

פראָטעסט נישט אַרויסגערופן, הגם נאָך דעם זקן וואָלט דאָך אודאי עמעצן פון זיי אויסגעקומען אָנצוטון דעם דאָזיקן כאַלאַט. אָבער דאָס פשוטע פאָלק אונדזערס ווייס זיך גאָרנישט צו מאוסן און צו איבלען פון אַזוינע זאַכן. מיך האָט טאַקע רעכט אַ צופ געטון אין דער דאָזיקער מינוט, און נישט־ווילנדיק האָב איך מיט עקל און נייגיר גענומען אַרומקוקן מיין נאַר־וואָס אָנגעטוענעם כאַלאַט. דאָ האָב איך באַמערקט, אַז ער האָט שוין לאַנג דערוועקט מיין אויפמערקזאַמקייט מיט זיין שטאַרקן ריח; ער האָט שוין באַוויזן אויף מיר זיך אָנצוואַרעמען און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט ער געשמעקט מיט רפואות, מיט פלאַסטערס און, ווי מיר האָט אויסגעוויזן, אויך מיט עפּעס אַ מין אייטער, וואָס איז גאָרנישט קיין חידוש, ווייל די חולאים האָבן אים שוין יאָרנלאַנג נישט אַראָפּגעצויגן פון זייערע פּלייצעס. עס קען זיין, אַז זיין לייוונטענעם אונטערשלאַג אויף דער פּלייצע האָט מען אַמאָל אויסגעוואַשן, אָבער אויף געוויס ווייס איך עס נישט. דערפאַר אָבער איז דער אונטערשלאַג איצט געווען אָנגעזאַפּט מיט כלערליי מעגלעכע נישט־ניחאָדיקע זאַפטן, מיט קאָמפּרעסן, מיטן פאַרגאָסענעם וואַסער פון די דורכגעשניטענע פלאַסטערס און דאָסגלייכן. דערצו נאָך זיינען זייער אָפט געקומען אין די אַרעסטאַנטישע פּאַלאַטעס די יעניקע, וואָס זיינען נאָר־וואָס באַשטראָפט געוואָרן מיט שפּיס־רוטן און וואָס האָבן געהאַט צוקאַלעטשעטע רוקנס. זיי האָט מען געהיילט מיט קאָמפּרעסן, און דערפאַר האָט דער כאַלאַט, וועלכן מ׳האָט אָנגעטון גלייך אויפן נאַסן העמד, געמוזט דורכאויס קאַליע ווערן. אַזוי־אַרום איז אַלץ פאַרבליבן אויף אים. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין טורמע, די גאַנצע עטלעכע יאָר, האָב איך יעדעס מאָל, ווי נאָר מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין שפּיטאָל (און געווען בין איך עפטער), מיט אַן איבער־

געשראָקענעם אומצוטרוי אָנגעטון דעם כאַלאַט. באַזונדערס זיינען מיר נישט געפעלן געוואָרן די לייז, די גרויסע און מערקוויר־דיקע לייז, וואָס מען פלעגט אַמאָל געפינען אין די דאָזיקע כאַלאטן. די אַרעסטאַנטן האָבן זיי מיט גרויס תענוג געטויט אַזוי, אַז בשעת אונטער דעם גראָבן אומגעלומפּערטן נאָגל פון אַרעסטאַנט פלעגט אַ קנאַק טון דאָס געטויטע חיהלע, האָט מען אפילו פון דעם יעגערס פּנים געקאָנט משפּטן וועגן דער מדרגה פון זיין באַקומענער באפרידיקונג. מ'האָט אויך זייער נישט ליב געהאַט באַ אונדז קיין וואַנצן. די גאַנצע פּאַלאַטע פלעגט זיך אונטערנעמען אמאָל זיי אויסצוראָטן אין אַ לאַנגן, לאַנגווייליקן ווינטעראָוונט. און הגם אין פּאַלאַטע איז, אויסער דעם שווערן ריח, לפּנים געווען מעגלעכסט ריין, אָבער דאָך מיט אַן אינווייניק־סטער, אַזוי צו זאָגן, אונטערשלאַג־ריינקייט האָט מען זיך באַ אונדז נישט געצירט. די קראַנקע זיינען געווען צוגעוווינט דערצו אין זי האָבן אפילו גערעכנט, אַז אַזוי באדאַרף עס צו זיין, אָבער אויך די פּאַראָנדקעס גופא האָבן נישט אונטערגעהאַלטן דעם חשק צו ריינקייט. אָבער וועגן די פּאַראָנדקעס וועל איך נאָך ריידן שפּעטער...

טשעקונאָוו האָט מיר נאָר־וואָס דערלאנגט טיי (פאַרבייגיי־ענדיק, וועל איך באמערקן, אַז דער טיי איז געווען פונם פּאַלאַטע־וואַסער, וואָס מ'האָט געבראַכט פאַר אמאָל אויף גאַנצע מעת־לעתן און וואָס איז עפּעס זייער שנעל קאַליע געוואָרן אין אונדזער לופט), האָט זיך געעפנט רוישיק די טיר, און אונטער אַ פאַרשטאַרקטער וואַך איז אַריינגעפירט געוואָרן דאָס זעלנערל, וואָס איז נאָר־וואָס באַשטראָפט געוואָרן מיט ריטער. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, ווי איך האָב געזען אַ באַשטראָפטן. דערנאָך האָט מען זיי געבראַכט עפטער, מאַנכע האָט מען אפילו געבראַכט צוטראָגן (שוין זייער שווער באַשטראָפטע), און יעדעס מאָל האָט עס געוואַלדיק געווילט די קראַנקע. אַז איינעם האָט

מען באַ אונדז געוויינלעך באַגעגנט מיט גוזמאדיק שטרענגע פנימער, און אפילו מיט עפעס אַן אָנגעצויגענער ערנסטקייט. איבעריקנס, איז דער קבלת־פנים געווען אַ ביסל אָפּהענגיק אויך פון דער וויכטיקייט פונם פאַרברעכן, און דעריבער אויך פון דער צאָל שטראָף. אזא איינער, וואָס איז שטאַרק געשמיסן געוואָרן און וואָס שטט פאַר אַ גרויסן פאַרברעכער, האָט דער־וועקט מער דרך־ארץ און מער אויפמערקזאַמקייט צו זיך, איידער עפעס אַן אַנטלאָפענער זעלנערל, ווי, אַ שטייגער, דער, וועלכן מ׳האָט איצט געבראַכט. אָבער סיי אין דעם און סיי אין יענעם פאַל, האָט מען נישט געמאַכט קיין שום באַזונדערע באַמער־קונגען, וואָס זאָלן זיין פאַרבונדן מיט באַלייריגונג, אָדער מיט עפעס אַ באַזונדער אויפרעגונג. שווייגנדיק האָט מען געהאָלפן דעם אומגליקלעכן, און מען האָט זיך געטענטלט מיט אים, באַזונדערס ווען ער האָט נישט געקאָנט זיך באַגיין אָן הילף. די פעלדשערס האָבן שוין אַליין געוווסט, אַז זיי גיבן איבער דעם געשמיסענעם אין געניטע און געשיקטע הענט. די הילף איז געוויינלעך געווען אינם אָפטן און נויטווענדיקן איבערטוישן די אין קאַלט וואַסער איינגענעצטע לײלעך אָדער העמד, וואָס מ׳האָט אָנגעטון אויף דעם צופליקטן רוקן. באַזונדערס, ווען דער באַשטראָפטער איז שוין אליין נישט געווען בכּוח אַכטונג צו געבן אויף זיך, — אינם געשיקטן אַרויסרייסן די שטיקעלעך האָלץ פון די אייטער־בלעזלעך. אָט די שטיקעלעך האָלץ פאַרבלייבן אָפט אין פלייצע פון די שטעקנס, וואָס ווערן צו־בראָכן אויף איר. די לעצטע אָפעראַציע איז געוויינלעך נישט זייער קיין אנגענעמע פאַרן קראַנקן. בכלל אָבער האָט מיך שטענדיק געחידושט די אומגעוויינלעכע פעסטקייט, מיט וועלכע די באַשטראָפטע זיינען ביַיגעשטאַנען די ווייטיקן. איך האָב געזען אַ סך פון די דאָזיקע, טיילמאָל שוין צופיל געשמיסענע,

און כמעט קיין איינער פון זיי האָט נישט געקרעכצט. בלויז דאָס פנים ענדערט זיך אַלץ, ווערט בלאַס; די אויגן ברענען; דער בליק איז אַ צווייטער, אַן אומרויקער, די ליפּן ציטערן, אַזוי, אַז דער אָרימער נעבעך פלעגט זיי טיילמאָל אומישנע איינבייסן מיט די ציין, כמעט ביז בלוט. דאָס זעלנערל, וואָס איז אַריינגעקומען, איז געווען אַ יונג פון אַ יאָר דריי און צוואַנציק, שטאַרק געבויט, מיט פעסטע מוסקולן, מיט אַ שיין געזיכט, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, אַ ברונעטער. זיין פּלייצע, איבעריקנס, איז געווען גאָר נישקשהדיק צוקלאַפּט. פון אויבן ביזן סאַמע גאַרטל איז זיין גאַנצער קערפּער געווען נאַקעט; אויף זיין פּלייצע איז געווען פאַרוואָרפן אַ נאַס ליילעך, פון וועלכן ער האָט זיך געטרייסלט מיט אַלע זיינע גלידער, ווי אין אַ פיבער, אַ גאַנץ אָנדערטאַלבן שעה איז ער געגאַנגען אַהין און צוריק איבער דער פּאַלאַטע. איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים. עס האָט אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט אין דער דאָזיקער מינוט וועגן קיין זאַך נישט געטראַכט; געקוקט האָט ער משונה און ווילד, מיט אַ לויפנדיקן בליק, וועלכן עס איז, קענטיק, שווער געווען זיך אָפּצושטעלן אויף עפּעס אויפמערקזאַם. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט שאַרף אָנגעקוקט מיין טיי. דער טיי איז געווען הייס; די פּאַרע האָט געזעצט פון שעלכל, און דער אָרעמער האָט געפיבערט פון קעלט און אַ צאָן אין אַ צאָן האָט אים געקלאַפּט. איך האָב אים פאַרבעטן צום טיי. אָן שום ווערטער האָט ער זיך תיכף ומיד אויסגעדרייט צו מיר, גענומען דאָס שעלכל, אויסגעטרונקען שטייענדיק, אָן צוקער, און בעת מעשה זיך זייער געיאָגט און זיך אַזוי ווי באַזונדערס געסטאַרעט נישט צו קוקן אויף מיר. אויסגעטרונקען אינגאַנצן, האָט ער אָן שום ווערטער אַנידערגעשטעלט דאָס שעלכל, צומאָל נישט אַ שאָקל געטון אפילו צו מיר מיטן קאָפּ, און באַלד גענומען שפּאַנען

פונדאָסנײַ אַהין און צוריק איבער דער פּאַלאַטע. אָבער ער האָט איצט נישט געהאַלטן בײַ װערטער און בײַ שאָקלען מיטן קאָפּ! װאָס איז שײך די אַרעסטאַנטן, האָבן זײ אַלע תּחילת עפּעס אױסגעמיטן יעדן שמועס מיטן באַשטראָפטן רעקרוטל; אדרבה, נאָכדעם, װי זײ האָבן אים פֿריער געהאָלפֿן, האָבן זײ זיך איצט אַזױ װי באַמיט נישט צו לײגן מער אױף אים קײן שום אַכט, נישט דערעסן אים מיט קײן שום װערטער, אױס־פֿרעגענישן און „מיטלײד”, װעלנדיק מסתּמא, ער זאָל װאָס בעסער אױסרוען, און דאָס רעקרוטל איז, דאַכט זיך, דערמיט זײער צופֿרידן געװען.

דערװײל איז טונקל געװאָרן, האָט מען אָנגעצינדן דעם נאַכט־לאָמפּ. בײַ מאנכע פֿון די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אפילו באַװיזן אײגענע לײכטער, הגם בײַ נישט זײער פֿיל. צולעצט, שױן נאָכן אָװנט־װיזיט פֿונם דאָקטאָר, איז אַרײנגעקומען דער אונטער־אָפֿיציר פֿון דער װאַך, ער האָט איבערגעצײלט אַלע קראַנקע, מ׳האָט פֿאַרמאַכט די פּאַלאַטע, אַרײַנטראָגנדיק פֿריער דעם נאכט־צעבער... מיט גרױס חידוש בין איך געװױר געװאָרן, אַז דער דאָזיקער צעבער פֿאַרבלײַבט אױף אַ גאַנצער נאַכט, בשעת דער אָפּטרעט איז געװען דאָ באַלד, אין קאָרידאָר, אײנגאַנצן צװײ טריט פֿון דער טיר. אָבער אַזױ איז שױן געװען דער אײנגעפֿירטער כּדר. באַטאָג האָט מען נאָך דעם אַרעסטאַנט אַרױסגעלאָזט פֿון דער פּאַלאַטע, איבעריקנס, נישט מער װי אױף אײן מינוט. באַנאַכט אָבער—פֿאַר קײן פֿאַל נישט. די אַרע־סטאַנטישע פּאַלאַטעס זײנען נישט געװען ענלעך צו די געװײנלעכע, און דער קראַנקער אַרעסטאַנט האָט אפילו בשעת דער קרענק געטראָגן זײן שטראָף. איך װײס נישט, װער עס האָט באַלד אין אָנהײב אײנגעפֿירט די דאָזיקע אָרדענונג. איך װײס נאָר, אַז קײן עוב אנתע אָרדענונג איז דערין נישט געװען, און אַז קײנ־

מאָל האָט זיך דער גאַנצער מגושמדיקער תּוך פונם פאָרמאַליזם נישט ארויסגעוויזן גרעסער, ווי אַ שטייגער, אין דעם פאַל. די דאָזיקע אָרדענונג איז, נאַטירלעך, געקומען נישט פון די דאָקטוירים. איך זאָג נאָכאמאָל: די אַרעסטאַנטן האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון זייערע דאָקטוירים, זיי האָבן זיי געהאַלטן פאַר טאַטעס, און די דאָקטוירים זיינען בא זיי געווען זייער חשוב. יעדערער האָט פון זיי געזען צו זיך אַ ליבשאַפט, געהערט אַ גוט וואָרט; און באַ דעם אַרעסטאַנט, וואָס איז פארשטויסן פון אַלעמען, איז עס געווען זייער חשוב, ווייל ער האָט געזען נישט קיין פאַלשקייט, נאָר אויפריכטיקייט פונם דאָזיקן גוטן וואָרט און פון דער דאָזיקער ליבשאַפט. די דאָזיקע ליבשאַפט האָט געקאָנט אויך נישט זיין; פון די דאָקטוירים וואָלט קיינער נישט געמאָנט, ווען זיי וואָלטן זיך באַגאַנגען אַנדערש, דאָס הייסט גרעבער און אומענטשלעכער: הייסט עס, אַז זיי זיינען געווען גוט בלויז פון ריינער מענטשנליבע. און זיי, פאַרשטייט זיך, האָבן שוין רעכט פאַרשטאַנען, אַז דער חולה, ווער ער זאָל נישט זיין, צי אַן אַרעסטאַנט, צי נישט, נויטיקט זיך אין דערזעלבער פרישער לופט, ווי יעדער אַנדער קראַנקער, מעג ער פאַרמאָגן אַפילו דעם סאמע העכסטן ראנג. די קראַנקע אין די אַנדערע פאַלאַטעס, די יעניקע, וואָס זיינען שוין, אַ שטייגער, געקומען אַ ביסל צו די כּוחות, האָבן געקאָנט פריי ארומגיין איבער די קאָרידאָרן, באַוועגן זיך מער, עטעמען מיט נישט אַזאַ פאַרסמטער לופט, ווי די לופט אין פאַלאַטע, וואָס איז אַ פאַרשטיקטע און איז שטענדיק אָנגעזאַפּט מיט דערשטיקנדיקע גאַזן. און עס איז שרעקלעך און מיאוס זיך איצט פאָרצושטעלן, ווי ווייט עס האָט באַדאַרפט פאַרסמט ווערן די אָן דעם אויך פאַרסמטע לופט אין די נעכט בא אונדז, בשעת מ'האָט אַריינגעטראָגן דעם דאָזיקן צעבער, באַ דער וואַרעמער טעמפּעראַטור פון דער פאַלאַט-

און בא געוויסע קראַנקהייטן, וואָס באַ זיי קען מען זיך בשום־אופן נישט באַגיין אָן דעם שטולגאַנג? אויב איך האָב איצט געזאָגט, אַז דער אַרעסטאַנט האָט אויך בשעת דער קרענק געטראָגן זיין שטראָף, האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געמיינט און מיין אויך נישט, אַז אַזאַ מין אָרדענונג איז געשאַפן געוואָרן נעמלעך בלויז פאַר דער שטראָף אליין. עס פארשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט געווען פון מיין זייט אַן אומזיניקע לשון־הרע. די קראַנקע איז שוין נישטאָ וואָס צו באַשטראָפן. און אויב אַזוי, איז דאָך פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין, אַז עפּעס אַ האַרבע בייזע נויטווענדיקייט האָט אַודאי געצוווּנגען די באַאַמטע, זיי זאָלן אָננעמען אַזוינע מיטלען, וואָס זיינען אַזוי שעדלעך לויט זייערע פאָלגן. אָבער וואָס איז עס פאַר אַ נויטווענדיקייט? נאָר דערפאַר טאַקע איז עס אַזוי פאַרדראָסלעך, וואָס מיט עפּעס אַנדערש קען מען זיך גאָרנישט דערקלערן כאָטש פיל עס אין די נויטווענדיקייט פון דעם דאָזיקן מיטל, ווי אויך די אַלע אַנדערע מיטלען, וועלכע זיינען אַזוי אומפאַרשטענדלעך, וואָס נישט בלויז דערקלערן, נאָר אפילו טרעפן זייער אויסטייטשונג איז אוממעגלעך. מיט וואָס דערקלערט מען אַזאַ מין איבעריקע אכזריות? צי דערמיט אפשר, וואָס דער אַרעסטאַנט וועט קומען אין שפּיטאָל, מיט אַן אָנשטעל פון אַ חולה, וועט אָפּנאַרן די דאָקטוירים, וועט אַרויסגיין באַנאַכט אין אָפּטרעט און וועט מאַכן פליטה, נעמענדיק זיך צוהילף די נאַכט־פינסטערניש? דערווייַזן ערנסט דעם גאַנצן אומזין פון אַזאַ מין השערה, איז כמעט אוממעגלעך. וווהין וועט ער אַנטלויפן? ווי אַזוי וועט ער אַנטלויפן? אין וואָס וועט ער אַנטלויפן? באַטאָג לאָזט מען אַרויס איינציקווייז; אַזוי וואָלט עס אויך געקאָנט זיין באַנאַכט. בא דער טיר שטייט אַ וואַך מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס. דער אָפּטרעט איז בוכשטעבלעך צוויי טריט פון דער וואַך, אָבער נישט געקוקט

דערויף, ווערט דער קראַנקער געפירט אַהין דורך אַ וואַכגעהילף, וואָס לאָזט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּ די אויגן פון אים. אין אָפּטרעט איז פאַראַן בלויז איין פענסטער, פאַרשטעלט, ווי מען פירט זיך ווינטער, מיט טאָפּעלע פענסטער און מיט אייזערנע גראַטעס. הינטערן פענסטער, אויפן הויף, בײַ די סאַמע פענסטער פון די אַרעסטאַנטישע פּאַלאַטעס, גייט אויך אום אַ גאַנצע נאַכט אַ וואַך. אַז מען זאָל זיך אַרויסקריגן פון פענסטער, באַדאַרף מען אויסברעכן די ראַם און די גראַטעס. ווער וועט עס דער־לויבן? אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז ער וועט פריער דערהרגענען דעם וואַכגעהילף, אַזוי, אַז יענער זאָל אפילו קיין פּיפּס נישט טון, און קיינער זאָל עס נישט דערהערן. אָבער אַפילו צו־לאָזנדיק די דאָזיקע נאַרישקייט, דאַרף מען דאָך, לפּחות, צוברעכן דאָס פענסטער און די גראַטעס. נעמט אייך אויך אַריין אין זינען, אַז דאָ בײַלד, נעבן דער וואַך, שלאָפן די וועכטער פון די פּאַלאַטעס, און בײַ אַ צען טריט ווייטער, בײַ דער צווייטער אַרעסטאַנטישער פּאַלאַטע, שטייט אַ צווייטע וואַך מיט אַ ביקס, לעבן איר אַ צווייטער וואַכגעהילף און אַנדערע וועכטער. און וווהין אַנטלויפט מען ווינטער אין זאָקן, אין שטעקשיך, אין אַ שפּיטאָלכאַלאַט און אין אַ שלאָפמיץ? און אויב אַזוי, אויב עס איז אַזאַ קליינע געפאַר (דאָס הייסט, אינדערעמתן איז קיין שום געפאַר נישטאָ)— טאָ צו וואָס אַזאַ ערנסטע באַלעסטיקונג פאַר די קראַנקע, מעגלעך, אין די לעצטע שעהן פון זייער לעבן, קראַנקע, וואָס די פרישע לופט איז פאַר זיי נאָך נויטווענדיקער, ווי פאַר די געזונטע? צו וואָס? איך האָב עס קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין...

נאָר אויב מ'האָט שוין אַמאָל געפרעגט: „צו וואָס“, און עס איז שוין אַזוי געקומען צום וואָרט, קען איך מיך נישט איינהאַלטן און מוז דאָ דערמאַנען נאָך אַ חידושלעכע זאַך, וואָס

האָט אַזויפיל יאָרן געשטעקט פאַר מיינע אויגן, ווי אַן אומפאַר־
שטענדלעכער פאַקט, פאַר וועלכן איך האָב בשום אופן נישט
געקענט אויסגעפינען עפּעס אַן ענטפער. איך מוז דאָ זאָגן וועגן
דעם כאָטש עטלעכע ווערטער, איידער איך וועל צוטרעטן צו
דעם המשך פון מיין באַשרייבונג. איך רייד וועגן די קייטן, וואָס
קיין שום חולאת קען נישט באַפרייען פון זיי דעם פאַרמשפּטן
אַרעסטאַנט. אַפילו שווינדזיכטיקע זענען אויף מיינע אויגן גע־
שטאָרבן אין קייטן. און דערווייל זענען אַלע געוווינט צו דעם
און מען האַלט עס פאַר אַן אומבאַדינגטע זאַך, וואָס איז אומ־
פאַרמיידלעך. ס׳איז אַ ספק, צי עמיצער האָט זיך צמאָל פאַר־
טראַכט וועגן דעם, בשעת אַפילו קיינעם פון די דאָקטוירים איז
אַזוינס נישט געקומען אויפן זינען, פאַר די גאַנצע עטלעכע יאָר,
הגם איין מאָל האָט מען זיך יאָ משתדל געווען באַ דער נאַ־
טשאַלסטווע, מען זאָל אַראָפּנעמען די קייטן באַ אַ שווער־קראַנקן
אַרעסטאַנט, דערעיקרשט באַ שווינדזוכט. מען קען אַפילו אָנע־
מען, אַז די קייטן זיינען גאָרנישט אַזאַ שווערע משא. זיי וועגן
געוועגלעך פון אַכט ביז צוועלף פונט. טראָגן צען פונט איז פאַר
אַ געזונטן מענטשן נישט אַזוי שווער. מ׳האָט מיר, איבעריקנס,
געזאָגט, אַז פון די קייטן הויבן אָן די פיס, נאָך עטלעכע יאָר,
אַזוי ווי צו טריקענען. איך ווייס נישט, צי דאָס איז אמת, הגם
דאָס לייגט זיך אויפן שכל. די משא, אַפילו אַ קליינע, אַפילו פון
צען פונט, צוגעטשעפּעט צום פוס אויף שטענדיק, פאַרגרעסערט
דאָך אומנאָרמאַל די וואָג פון גליד און דורך אַ לאַנגער צייט קען
זי אַרויסווייזן אַ געוויסע שעדלעכע ווירקונג... אָבער לאָמיר אָנע־
מען, אַז פאַרן געזונטן איז אַלץ גאָרנישט. אָבער צי דאָס איז
אַזוי אויך פאַרן קראַנקן? לאָמיר אָנעמען, אַז אויך פאַר דעם
געוועגלעכן קראַנקן איז עס גאָרנישט. אָבער צי דאָס איז אַזוי,
זאָג איך נאָכאַמאָל, פאַר שווערע חולאים, צי דאָס איז אַזוי, זאָג

איך נאָכאַמאָל, פאַר שווינדזיכטיקע, באַ וועלכע עס טריקענען שוין אָן דעם אויך די הצנט און די פיס, אַזוי, אַז יעדעס שטרויעלע איז זיי שווער? און כלעבן, ווען די שפיטאָל-באַאַמטע וואָלטן אויסגעפּועלט אַ פאַרלייכטערונג כאָטש בלויז פאַר די שווינדזיכטיקע, וואָלט שוין דאָס אַליין געווען אַן אמתער און גרויסער חסד. לאָמיר אָנעמען, אַז עמעץ וועט זאָגן, אַז דער אַרעסטאַנט איז אַ פאַרברעכער און פאַרדינט נישט קיין חסד. אָבער צי דאַרף מען נאָך באַשווערן די שטראָף דעם יעניקן, וואָס איז שוין אַזוי אויך געשטראָפט געוואָרן פון גאָט? און עס לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל, אַז דאָס זאָל געטון ווערן צוליב דער בלויזער שטראָף. אַ שווינדזיכטיקער ווערט אַפילו געריכטלעך באַפרייט פון לייבשטראָף. הייסט עס, אַז דערמיט מיינט מען טאַקע עפעס אַ געהיים, וויכטיק מיטל, דורך וועלכן מען וויל זיך פאַרהיטן פון געפאַר. אָבער וואָס פאַר אַ מיטל? — נישט צום פאַרשטיין. דאַרף מען זיך דאָך באמת נישט שרעקן, אַז דער שווינדזיכטיקער וועט אַנטלויפן. ווען וועט עס איינפאַלן צו אַנטלויפן, באַזונדערס ווען די קראַנקהייט האָט דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה פון איר אַנטוויקלונג? מאַכן, ווידער, אַן אָנשטעל פון אַ שווינדזיכטיקן, אָפנאַרן די דאָקטוירים, כדי צו אַנטלויפן, — דאָס איז אומעגלעך. דאָס איז נישט אַזאַ קראַנקהייט; באַלד פון ערשטן בליק דערקענט מען זי. און צום אָרט געזאָגט: שוין-זשע פאַרשמידט מען אַ מענטשן אין פיס-קייטן בלויז דערפאַר, ער זאָל נישט אַנטלויפן אָדער דאָס זאָל אים שטערן צו אַנטלויפן? לגמרי נישט. קייטן — דאָס איז פאַרמיאַסונג, בושה און לאַסט, סיי פיזיש און סיי מאָראַליש. דאָס איז, לפּחות, די כונה פון זיי. אַנטלויפן אָבער קענען זיי קיינמאָל און קיינעם נישט שטערן. דער סאַמע אומוויסנדיקסטער, נישט געשיקטער אַרעסטאַנט וועט זיי קענען אָן איבעריקער טירחה און גאַנץ שנעל אונטערזעגן אָדער אָפּהאַקן

דאָס קייטנאָגל מיט אַ שטיין. פוס-קייטן פאַרהיטן לחלוטין נישט פון גאָרנישט; און אויב אַזוי, אויב זיי ווערן באַשטימט פאַרן געמשפטן קאַטאָרזשניק בלויז פאַר דער איינציקער באַשטראָפונג, טאָ פרעג איך ווידעראַמאָל: צי באַשטראָפט מען אַ גוססן?

און אָט איצט, בשעת איך שרייב עס, קומט מיר קלאָר אין זכרון איינער אַ שווינדזיכטיקער, וואָס האָט געהאַלטן באַם שטאַרבן, טאַקע דער אייגענער מיכאַילאָוו, וואָס איז געלעגן כמעט אַנטקעגן מיר, נישט ווייט פון אוסטיאַנצעוון, און וואָס איז געשטאָרבן, געדענק איך, אויפן פערטן טאָג נאָכדעם, ווי איך בין אַריין אין פאַלאַטע. עס קען גאַנץ גריילעך זיין, אַז איך האָב מיך איצט טאַקע פאַרשמועסט וועגן שווינדזיכטיקע, ווייל נישט-ווילנדיק האָבן זיך איבערגעחזרט יענע איינדרוקן און יענע רעיונות, וועלכע זענען מיר דאַמאָלס געקומען אין קאָפּ אַריין אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן טויט. מיכאַילאָוון אַליין האָב איך, איבעריקנס, ווייניק געקאָנט. דאָס איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, נישט מער, אַ הויכער, אַ דינער, וואָס האָט זייער אָנשטענדיק אויסגעזען. ער האָט געוווינט אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג און איז געווען משונה שוויי-געוודיק, תמיד עפּעס אַזוי ווי שטיל, עפּעס אַזוי ווי רויק-אומעטיק, פונקט ווי ער וואָלט „איינגעטריקנט" געוואָרן אין טורמע. אַזוי, לפּחות, האָבן זיך דערנאָך אויסגעדריקט וועגן אים די אַרעסטאַנטן, צווישן וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גוטן זכרון. איך דערמאָן מיך בלויז, אַז ער האָט געהאַט זייער שיינע אויגן, און, כלעבן, איך ווייס נישט, פאַרוואָס ער קומט מיר אויפן זכרון אַזוי דייטלעך. געשטאָרבן איז ער אַ זייגער דריי נאָכמיטאָג, אין אַ פראָסטיקן קלאָרן טאָג. איך געדענק, ווי די זון האָט ממש דורכגעשפּיזלט מיט שטאַרקע קרומע שטראַלן דאָס גרינע, לייכט פאַרפרוירענע גלאָז אין די פענסטער פון אונדזער

פּאַלאַטע. אַ גאַנצער שטראַלנשטראָם האָט זיך געגאָסן אויפֿן אומגליקלעכן. געשטאָרבן איז ער נישט באַם זינען און שווער; לאַנג האָט ער זיך געראַנגלט מיטן טויט, עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד. נאָך אינדערפֿרי האָבן שוין זיינע אויגן אָנגעהויבן נישט צו דערקענען די יעניקע, וואָס זיינען צוגעגאַנגען צו אים. מ׳האָט אים געוואָלט אַ ביסל פֿאַרלייכטערן; מ׳האָט געזען, אַז אים איז זייער שווער; געעטעמט האָט ער שווער, טיף, מיט אַ כריפּ; די ברוסט האָט זיך אים הויך אונטערגעהויבן, ווי ער וואָלט געהאַט ווייניק לופֿט. ער האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די קאָלדרע, דאָס גאַנצע אָנטון און צולעצט גענומען אַראָפּרייסן פֿון זיך דאָס העמד. עס איז געווען שרעקלעך צו קוקן אויף דעם לאַנגן־לאַנגן קערפּער, מיט די ביז צום ביין אויסגעטריקנטע פֿיס און הענט, מיט אַן איינגעפֿאַלענעם בויך, מיט אַן אונטערגעהויבענער ברוסט, מיט ריפּן, וואָס האָבן זיך דייטלעך געצייכנט, ווי באַ אַ סקעלעט. אויף זיין גאַנצן קערפּער איז בלויז פֿאַרבליבן דער הילצערנער צלם מיטן אַמולעטל און די קייטן, דורך וועלכע ער וואָלט איצט געקענט, דאַכט זיך, אַדורכציען דעם אויסגעטריקנטן פֿוס. אַ האַלבע שעה פֿאַר זיין טויט זענען אַלע באַ אונדז אַזוי ווי איינגעשטילט געוואָרן, און אַז מען האָט גערעט, האָט מען כמעט ווי געשעפּטשעט. איז ווער געגאַנגען — האָט מען אַזוי ווי נישט געהערט זיינע טריט. געשמועסט האָט מען צווישן זיך ווייניק, פֿון זייטיקע זאַכן, זעלטן בלויז האָט מען געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן גוסס, וועלכער האָט אַלץ מער און מער געכריפּעט. צולעצט האָט ער מיט אַ בלאָנדזיענדיקער און נישט זיכערער האַנט אָנגעטאַפּט אויפֿן האַרץ זיין אַמולעטל און האָט עס גענומען רייסן פֿון זיך, פּונקט ווי דאָס וואָלט אים אויך געווען שווער, ווי דאָס וואָלט אים באַאומרויִקט, געדריקט. האָט מען אים אַראָפּגענומען דאָס אַמולעטל, אין צען מינוט אַרום איז ער געשטאָרבן. מ׳האָט אָנגע-

קלאַפּט אין טיר צו דער וואַך, מ'האָט איר געגעבן צו וויסן. איז
אַריין דער וועכטער, האָט טעמפּ אַ קוק געטון אויפן בר·מינן און
איז אַוועק צום פעלדשער. דער פעלדשער, אַ יונגער און אַ ווילער,
וואָס באַשעפטיקט זיך אַ ביסל צופיל מיט זיין אויסערלעכקייט,
וועלכע איז, איבעריקנס, אַ גאַנץ גליקלעכע, איז באַלד געקומען.
מיט שנעלע טריט, טרעטנדיק הויך איבער דער שטיל·געוואָרענער
פּאַלאַטע, איז ער צוגעגאַנגען צום געשטאָרבענעם און מיט עפּעס
אַ באַזונדער פאַמיליערן אויסזען, וואָס איז אַזוי ווי ספּעציעל צו·
געטראַכט געוואָרן צו אַזאַ מין פאַל, האָט ער אים אָנגענומען
פאַרן פּולס, געטאַפּט, נאָכדעם אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און
איז אַרויסגעגאַנגען. מען איז תיכף אַוועק צו וויסן טון דער
וואַך: דער פאַרברעכער איז געווען אַ וויכטיקער, פון דער באַ·
זונדערער אָפּטיילונג; אַפילו אַלס טויטן האָט מען אים באַדאַרפט
באַשטעטיקן מיט באַזונדערע צערמאָניעס. וואַרטנדיק אויף דער
וואַך, האָט עמעץ פון די אַרעסטאַנטן מיט אַ שטילער שטימע
אַ זאָג געטון, אַז עס וואָלט גאָרנישט אויסגעמאַכט, מען זאָל דעם
געשטאָרבענעם צומאַכן די אויגן. אַ צווייטער האָט אים אויפ·
מערקזאַם אויסגעהערט, איז שווייגנדיק צוגעגאַנגען צום טויטן
און האָט אים צוגעמאַכט די אויגן. דערזען דאָס צלמל, וואָס איז
געלעגן אויפן קישן, האָט ער עס גענומען, באַקוקט און שווייגנ·
דיק עס ווידעראַמאָל אָנגעטון מיכאַילאָוון אויפן האַלדז; אָנגעטון
און זיך איבערגעצלמט. דערווייל האָט דאָס טויטע פּנים געגלי·
ווערט. אַ שטראַל פון דער זון האָט געשפּילט דערויף; דאָס מויל
איז געווען האַלב·אָפן; צוויי שורות ווייסע, יונגע ציין האָבן גע·
גלאַנצט פון אונטער די דינע ליפּן, וואָס זענען צוגעקלעבט גע·
ווען צו די דזיאָסלעס. צולעצט, איז אַריינגעקומען דער אונטער
אָפיצער פון דער וואַך, מיט אַ קורץ שווערדל און קאַשקעט,
הינטער אים — צוויי וועכטער. ער איז צוגעגאַנגען און האָט

אַלץ מער און מער פאַרקלענערט די טריט, קוקנדיק מיט חידוש אויף די שטיל-געוואָרענע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן אים פון אַלע זייטן בייז אָנגעקוקט. צוגעגאַנגען אַ טריט פון בר-מנן, איז ער געבליבן שטיין, ווי אַן איינגעבראָכענער, פונקט ווי ער וואָלט זיך איבערגעשראָקן. אינגאַנצן אַ נאַקעטער, האָט אים דער אויס-געטריקנטער טרופּ, אין די בלויזע קייטן, שטאַרק איבעראַשט, און ער האָט פּלוצלונג אָפּגעשפּילעט אַ שופל פון שינעל, האָט אַראָפּגענומען דאָס קאַשקעטל, וואָס האָט זיך גאָרנישט געפּאָדערט, און האָט זיך ברייט איבערגעצלמט. דאָס איז געווען אַ שטרענג, גרוי, דינסט-געזיכט. איך געדענק, ווי אין דער אייגענער רגע איז דאָ געשטאַנען טשעקונאָוו, אויך אַ גרויער זקן. די גאַנצע צייט האָט ער שווייגנדיק און שאַרף געקוקט דעם אונטער-אָפיציר גלייך אין פּנים אַריין און מיט עפּעס אַ מאָדנער אויפמערקזאַמ-קייט בעת מעשה זיך צוגעקוקט צו זיין יעדער באַמערקונג. אָבער זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, און בײַ טשעקונאָוון האָט פּלוצלונג עפּעס אַ ציטער געטון די אונטערשטע ליפּ. די דאָזיקע ליפּ האָט ער עפּעס משונה פאַרקרימט, אויסגעשטשערעט די ציין און שנעל, אַזוי ווי אומגערן, אַ ווינק געטון דעם אונטער-אָפיציר אויפן טויטן, און אַ זאָג געטון:

— האָט דאָך אויך געהאַט אַ מאַמע! — און האָט זיך אָפּ-געטרוקט.

איך געדענק, ווי די דאָזיקע ווערטער האָבן מיך אַזוי ווי דורכגעשטאָכן... און צו וואָס האָט ער זיי אַרויסגעזאָגט, די דאָ-זיקע ווערטער, און ווי אַזוי זענען זיי אים געקומען אין קאָפּ אַריין? און אָט האָט מען גענומען אונטערהויבן דעם מת — מ׳האָט אים אונטערגעהויבן צוזאַמען מיטן בעטל. די שטרוי האָבן געקנאַקט, די קייטן האָבן, אין דער אַלגעמיינער שטילקייט, היל-כיק זיך אָפּגעקלאַפּט אין דער פּאָדלאָגע... מ׳האָט זיי אויפגעהויבן.

דעם קערפּער האָט מען אַוועקגעטראָגן. פלוצלונג האָבן אַלע אָנ־געהויבן הויך צו ריידן. מ׳האָט געהערט, ווי דער אונטער־אָפי־ציר, שוין אין קאָרידאָר, האָט עמעצן אַוועקגעשיקט נאָכן שמיד. מ׳האָט באַדאַרפט אויפשמידן דעם טויטן...

אָבער איך האָב מיך אָפּגעקערט פון דער זאַך...

# II.

## המשך

אינדערפרי האָבן די דאָקטוירים באַזוכט די פּאַלאַטעס. אַ זייגער עלף זענען זיי אַלע צוזאַמען געקומען צו אונדז, באַגלייטנדיק דעם הויפּט־דאָקטאָר, און פאַר זיי, מיט אַנדערטהאַלבן שעה פריער, האָט אונדזער אָרדינאַטאָר באַזוכט די פּאַלאַטע. אין אָט דער צייט איז בײַ אונדז געווען אָרדינאַטאָר אַ יונגעטשקער דאָקטאָר, וואָס האָט געוווסט זיין זאַך, אַ ליבלעכער, אַ פריינטלעכער, וועלכן די אַרעסטאַנטן האָבן זייער ליב געהאַט. זיי האָבן געפונען אין אים בלויז איין חסרון: „שוין אַ צו שטילער”. ער איז באמת געווען עפּעס נישט קיין ריידעוודיקער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַפילו געשעמט פאַר אונדז, שיער נישט רויט געוואָרן, און ער האָט געענדערט די פּאָרציעס כמעט באַלד נאָך דער ערשטער בקשה פון די קראַנקע און איז, דאַכט זיך, אַפילו מוכן ומזומן געווען צו באַשטימען זיי די רפואות אויך לויט זייער בקשה. איבעריקנס, ער איז געווען אַ בראַווער יונגערמאַן. מען מוז מודה זיין, אַז פיל דאָקטוירים אין רוסלאַנד ווערן געליבט און געשעצט פונם פּשוטן פאָלק, און דאָס איז, אויף וויפיל איך האָב באַמערקט, גאַנץ ריכטיק. איך ווייס, אַז מיינע ווערטער וועלן קלינגען, ווי אַ פּאַראַדאָקס, אויב מען זאָל באַזונדערס גע-

מען אין אַכט דעם אַלגעמיינעם אומצוטרוי פונם גאַנצן רוסישן פּשוטן פאָלק, צו דער מעדיצין און צו די רפואות פון יענער זייט ים. דער מענטש פון פאָלק, מעג ער עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד ליידן אויף דער שווערסטער מחלה, וועט זיך בעסער היילן בּאַ אַ זנאַכערקע אָדער מיט אייגענע היימישע רפואות, וואָס זענען אָנגענומען באַם פאָלק (מ׳טאָר אויף זיי בשום אופן נישט קוקן פון אויבן אַראָפּ), איידער גיין צום דאָקטאָר אָדער צו ליגן אין שפּיטאָל. אָבער חוצדעם, וואָס דאָ איז פאַראַן זייער אַ וויכטיקער אומשטאַנד, וואָס האָט לגמרי נישט קיין שייכות צו דער מעדיצין, נעמלעך: דער אַלגעמיינער אומצוטרוי פון גאַנצן פּשוטן פאָלק צו אַלעם דעם, וואָס טראָגט אויף זיך דעם חותם פון אַדמיניסטראַטיווע, פאָרמעלעס — חוצדעם, איז דאָס פאָלק איבערגעשראָקן און האָט אַ שלעכטע מיינונג איבער די שפּיטאָלן צוליב די פאַרשידענע פחדים, מעשיות, טיילמאָל נאַרישע און טיילמאָל אָבער האָבן זיי דאָך אַ גרונט. דער עיקר אָבער שרעקן דאָס פאָלק די דייטשע אָרדענונגען פון שפּיטאָל, די פרעמדע מענטשן אַרום אין דער גאַנצער צייט פון דער קראַנקהייט, די שטרענגקייט בנוגע די עסנס, די מעשיות וועגן דער פאַרעקשנטער האַרטקייט פון די פעלדשערס און דאָקטוירים, וועגן דעם, אַז מען שניידט און מען פּאַלמעסט די טויטע און אַז. וו. דערצו נאָך מיינט דאָס פאָלק, אַז היילן וועלן די האַרן, ווייל די דאָקטוירים זענען דאָך פאָרט האַרן. אָבער באַ אַ נענטערער באַקאַנטשאַפט מיט די דאָקטוירים (כאָטש אויך נישט אָן אַן אויסנאַם, נאָר על־פּי־רוב), ווערן די אַלע פחדים זייער שנעל אַנטרונען, וואָס דאָס געהערט שוין, לויט מיין מיינונג, דירעקט צו דעם כּבוד פון אונדזערע דאָקטוירים, דערעיקרשט די יונגע. אַ גרויסער טייל פון זיי קענען פאַרדינען די אַכטונג און אַפילו די ליבע פונם פאָלק. וויינקסטנס שרייב איך וועגן דעם, וואָס איך האָב אַליין געזען און אויסגע-

פּרוּווט נישט איין מאָל און אין פיל ערטער, און איך האָב נישט קיין גרונט צו טראַכטן, אַז אין אַנדערע ערטער זאָל מען זיך צו־אָפּט באַגיין אַנדערש. געוויס, אין מאַנכע ערטער נעמען די דאָק־טוירים כּאַבאַר, האָבן שוין צופיל הכנסה פון זייערע שפּיטאָלן, פּאַרנאַכלעסיקן כּמעט די קראַנקע און פאַרגעסן אַפילו לגמרי אין דער מעדיצין. אַזוינע זאַכן ווערן נאָך אָפּגעטון. אָבער איך רייד וועגן דער מערהייט, אָדער, בעסער געזאָגט, וועגן יענעם גייסט, וועגן יענער ריכטונג, וועלכע ווערט מקוים איצט, היינט צו טאָג, אין דער מעדיצין. יענע אָבער, וואָס האָבן בוגד געווען אין דער זאַך, די וועלף אין דער שעפּסן־סטאַדע, וואָס זיי זאָלן נישט ברענגען אין זייער פאַרענטפערונג, ווי זיי זאָלן זיך נישט גע־רעכט מאַכן, אַ שטייגער, כאָטש מיט דער סביבה, וואָס האָט זיי אויך פאַרדאָרבן, ווי די אַלע אַנדערע, וועלן זיי דאָך תּמיד זיין אומגערעכט, באַזונדערס ווען זיי האָבן דערביי פאַרלוירן אויך די מענטשן־ליבע. אָבער מענטשן־ליבע, וואַרעמקייט, ברידערלעכע מיטלייד צום קראַנקן איז דעם פאָלק טיילמאָל נויטווענדיקער, ווי די אַלע רפואות. עס וואָלט שוין צייט געווען, מיר זאָלן זיך אויפהערן אַפּאַטיש צו באַקלאָגן אויף דער סביבה, אַז זי האָט אונדז פאַרדאָרבן. ס׳איז, לאָמיר אָנעמען, אַן אמת, אַז פיל פון אונדז ווערן קאַליע דורך איר, דאָך אָבער נישט אַלע, און אַן אַנדער כיטרער דריי־קאָפּ, וואָס פאַרשטייט אַ געשעפט, פאַרשטעלט טיילמאָל און זייער געשיקט און פאַרענטפערט מיטן תּירוץ, אַז די ווירקונג פון דער סביבה איז שולדיק, נישט איין שוואַכקייט זיינע, און נישט זעלטן פּשוט אויף אַ געמיינהייט, באַזונדערס ווען ער קען שיין רעדן אָדער שרייבן. איבעריקנס, בין איך ווי־דעראַמאָל אָפּגעטרעטן פון דער טעמע; איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז דאָס פּשוטע פאָלק האָט נישט קיין צוטרוי און איז פיינטלעך מער צו דער מעדיצינישער אַדמיניסטראַציע, און נישט

צו די דאָקטוירים. געוואָרן, ווער זיי זענען אין אמתן, פאַרלירט דאָס פאָלק שנעל אַ סך פון זיינע איינגערעטע נאַרעש־קייטן. די איבעריקע פאראנדקעס פון אונדזערע שפיטאָלן אַנט־שפּרעכן נאָך היינט אויך נישט אין פיל פּרטים דעם גייסט פון פאָלק, און זענען נאָך היינט אויך פיינטלעך די געוווינהייטן פון אונדזער פשוטן המון; זיי זענען לחלוטין נישט בכוח צו דער־ווערבן דעם פולן צוטרוי און די אַכטונג פון פאָלק. אַזוי, לפּחות, ווייזט מיר אויס פון מאַנכע אייגענע איינדרוקן מיינע.

אונדזער אָרדינאַטאָר האָט זיך געווענלעך אָפּגעשטעלט בײַ יעדן קראַנקן, האָט אים ערנסט און זייער אויפמערקזאַם באַטראַכט און אויסגעפרעגט און האָט באַשטימט רפואות, פּאָרציעס. טייל־מאָל האָט ער אַליין באַמערקט, אַז דער קראַנקער איז גאָרנישט קראַנק; אָבער אַזוי ווי דער אַרעסטאַנט איז געקומען אָפּצורוען פון דער אַרבעט אָדער צו ליגן אַ ביסל אויפן מאַטראַץ, איידער אויף די בלויזע ברעטער; ס'איז דאָך פּאָרט אַ וואַרעם צימער, נישט די פייכטע הויפטוואַך, ווו עס ווערן אויפגעהאַלטן אין גרויס שטיקעניש גאַנצע קופּעס בלאַסע און אויסגעצערטע אַרעס־טאַנטן — אָנגעקלאָגטע (די אָנגעקלאָגטע זענען בײַ אונדז כמעט תמיד, אין גאַנץ רוסלאַנד, בלאַס און אויסגעצערט — אַ סימן, אַז זייער אויסערלעך לעבן און דער אינערלעכער צושטאַנד איז כמעט תמיד שווערער, ווי בײַ די פאַרמשפּטע), — דעריבער האָט זיי אונדזער אָרדינאַטאָר רויק פאַרשריבן עפּעס febris catarhalis און האָט זיי געלאָזט ליגן טיילמאָל אַ וואָך צייט אַפילו. פון דעם דאָזיקן febris catarhalis האָבן אַלע געלאַכט בײַ אונדז. זיי האָבן זייער גוט געוווּסט, אַז דורך עפּעס אַ קעגנזייטיקער הסכמה פון דעם דאָקטאָר מיטן קראַנקן איז אָנגענומען געוואָרן אַזאַ מין פאָרמולע צו באַצייכנען אַ כלומרשטע קראַנקהייט: „רעזערוו־שטעכעניש", ווי די אַרעסטאַנטן האָבן אַליין איבערגעזעצט דעם

דאָזיקן febris catarhalis. אַמאָל האָט דער קראַנקער גע־
שפּילט אויף דער ווייכהאַרציקייט פונם דאָקטאָר און איז געלעגן
אַזוי לאַנג, ביז מ׳האָט אים מיט כּוח אַרויסגעטריבן. דאַמאָלס האָט
מען באַדאַרפט אַ קוק טון אויף אונדזער אָרדינאַטאָר: ער האָט
אַזוי ווי מורא געהאַט, אַזוי ווי זיך געשעמט גלייך צו זאָגן דעם
קראַנקן, אַז יענער זאָל געזונט ווערן און זאָל וואָס גיכער בעטן
זיך אויסצושרייבן, הגם דער דאָקטאָר האָט געהאַט די פולע רעכט,
פּראָסט־פּשוט, אָן שום טענות און גלאַטע ריידעלעך, אים אויסצו־
שרייבן און פאַרצייכענען אין דעם קראַנקנס פּאַפּיר: Sanat est.
תּחילת האָט ער אים געגעבן אָנצוהערן, דערנאָך האָט ער זיך ווי־
איינגעבעטן: „נאָך נישט צייט? דו ביזט דאָך שוין כּמעט גע־
זונט, אין פּאַלאַטע איז ענג" און אַזוי ווייטער און ווייטער, אַזוי
לאַנג, ביז דער קראַנקער אַליין האָט זיך שוין געשעמט, און סוף־
כּל־סוף געבעטן, מען זאָל אים אויסשרייבן. הגם דער הויפּט־
דאָקטאָר איז אויך געווען אַ מענטשן־פריינטלעכער און ערלעכער
מענטש (די קראַנקע האָבן אים אויך זייער ליב געהאַט), דאָך
אָבער איז ער געווען אומפאַרגלייכלעך שטרענגער, אַנטשלאָסענער
פאַרן אָרדינאַטאָר; באַ אַ געלעגנהייט האָט ער אַפילו אַרויסגעוויזן
אַ האַרבע שטרענגקייט, און דערפאַר טאַקע האָט מען אים באַ
אונדז אַזוי ווי נאָכמער געשעצט. ער פלעגט קומען אין דער
באַגלייטונג פון אַלע שפּיטאָל־דאָקטוירים, נאָך דעם אָרדינאַטאָרס
וויזיט, האָט אויך באַטראַכט יעדן חולה באַזונדער און דערעיקרשט
זיך אָפּגעשטעלט באַ די שווערע חולאים; תּמיד האָט ער זיי גע־
קאָנט זאָגן אַ גוט וואָרט, וואָס האָט אויפגעמונטערט, טיילמאָל
אַפילו אַ האַרציק וואָרט, און בכלל האָט ער געמאַכט אַ גוטן
איינדרוק. די, וואָס פלעגן קומען מיט די רעזערוו־שטעכעניש,
האָט ער קיינמאָל נישט אָפּגעשטויסן און האָט זיי נישט אָפּגע־
שיקט צוריק; אויב אָבער דער קראַנקער האָט זיך פאַרעקשנט,

האָט ער אים פּראָסט-פּשוט אויסגעשריבן: „נו, מילא, ברודער, געָנוג געלעגן, זיך אָפּגערוט, גיי, עס דאַרף דאָך עפּעס האָבן אַ שיער אויך". איינגעשפּאַרט האָבן זיך געווענטלעך אָדער די יעניקע, וואָס האָבן זיך געפּוילט צו אַרבעטן, בעזונדערס אין דער זומערדיקער אַרבעט-צייט, אָדער פון די אָנגעקלאָגטע, וואָס וואַרטן אויף זייער שטראָף. איך געדענק, ווי צו איינעם פון די דאָזיקע האָט מען געמוזט געברויכן אַ באַזונדערע שטרענגקייט, אַפילו אכזריות, צו פּועלן ביי אים, ער זאָל זיך אויסשרייבן. ער איז געקומען מיט אַן אויגנקראַנקהייט: די אויגן רויט, קלאָגט זיך אויף אַ שטאַרקן שטעכיקן ווייטיק אין די אויגן. האָט מען אים אָנגעהויבן צו היילן מיט פּלאַסטערס, מיט פּיאַווקעס, מיט איינשפּריצן אין די אויגן עפּעס אַזאַ עסעדיקע פליסיקייט און דאָסגלייכן, אָבער די קראַנקהייט איז אַלץ נישט אַדורכגעגאַנגען, די אויגן זענען נישט ריין געוואָרן. ביסלעכווייז האָבן זיך די דאָקטוירים אָנגעשטויסן, אַז די קראַנקהייט איז אַ געמאַכטע: די אָנצינדונג איז שטענדיק נישט קיין גרויסע, ערגער ווערט נישט, זי היילט זיך אָבער אויך נישט אויס, אַלץ אין איין צושטאַנד. דער פאַל איז אַ פאַרדעכטיקער. אַלע אַרעסטאַנטן האָבן שוין לאַנג געוווּסט, אַז ער מאַכט אַן אָנשטעל און נאַרט אָפּ דעם עולם, הגם ער האָט זיך דערין נישט מודה געווען. דאָס איז געווען אַ יונג בחורל, אַפילו אַ גאַנץ שיינער, וואָס האָט אָבער אויף אונדז אַלעמען געמאַכט עפּעס אַ נישט-אָנגענעמען איינדרוק: אַ פאַרבאָרגענער, אַ פאַרדעכטיקער, אַן אָנגעברוגזטער, רעט נישט מיט קיינעם, קוקט פון אונטערן שטערן, באַהאַלט זיך פון אַלעמען, פונקט ווי ער וואָלט אַלעמען חושד געווען. איך געדענק — ביי אַ טייל איז אַפילו געקומען אויפן זינען, אַז ער זאָל עפּעס נישט אָפּטון. ער איז געווען אַ זעלנער און האָט געמאַכט אַ היבשע גנבה; מען האָט אים געכאַפּט און ער האָט באַדאַרפט באַקומען

טויזנט שטעקנס און אַרעסטאַנטן-ראָטע. כדי צו דערוווייטערן דעם מאָמענט פון דער שטראָף, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, זענען די אָנגעקלאָגטע טיילמאָל גרייט אָפּצוטון שרעקלעכע זאַכן: ערב דער שטראָף קען ער אַמאָל אַריינהאַקן אַ מעסער עמעצן פון די באַקאַנטע, אָדער גאָר זיין ברודער-אַרעסטאַנט. אַזוי-אַרום משפט מען אים אויפדאָסניי, די שטראָף ווערט אָפּגעלייגט אויף אַ וואָסערע צוויי חדשים און זיין ציל ווערט דערגרייכט. מילא, וואָס אַרט עס אים, וואָס אין אַ צוויי חדשים אַרום וועט מען אים צוויי-פאַך, דריי-פאַך האַרבער באַשטראָפן? אבי איצט נאָר דערוווייטערן די דאָזיקע שרעקלעכע מינוט כאָטש אויף עטלעכע טעג, און נאָכדעם מעג שוין זיין וואָס עס וויל — אַזוי ווייט ווערט טיילמאָל געפאַלן דער מוט באַ די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן. באַ אונדז האָבן שוין אַנדערע געמורמלט צווישן זיך, אַז מען דאַרף זיך היטן פאַר אים; אַזאַ איינער קען נאָך אַוודאי עמעצן שעכטן ביינאַכט. איבעריקנס, האָט מען בלויז אַזוי געשמועסט, אָבער קיין שום באַזונדערע פאָרזיכט-מיטלען האָט מען נישט אָנגענומען, אַפילו די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט זייערע בעטלעך לעבן אים. זיי האָבן, איבעריקנס, געזען, ווי ער רייבט זיך אָן די אויגן אַלע נאַכט מיט קאַלעך פון דער וואַנט און מיט נאָך עפּעס אַנדערש, אַז די אויגן זאָלן צומאָרגנס זיין ווידעראַמאָל רויט. צולעצט, האָט אים דער הויפּט-דאָקטאָר געדראָט מיט וויי-פעדים *). באַ אַן איינגעשפּאַרטער אויגנקראַנקהייט, וועלכע געדויערט לאַנג, און ווען אַלע מעדיצינישע מיטלען זענען שוין

*) דאָס איז זייער אַ פּיינלעכע אָפּעראַציע: עטלעכע פעדים אָדער אַ דינצע לענטע ווערט מיט אַ נאָדל אַדורכגעפירט אונטער דער הויט. דער צוועק פון דער דאָזיקער אָפּעראַציע: אַרויסרופן שטענדיקע שווערע ווייטיקן און אייטער אין אַ באַשטימטן אָרט פון קערפּער און אַזוי-אַרום אָפּציען אָדער אָפּשוואַכן די אָנצינדונג אָדער דעם בלוטצופלוס אין אַן אַנדער נאָענטן וויכטיקן אָרגאַן. דער איבערזעצער.

אויסגעפּרוּווט געוואָרן, צו ראַטעווען ד׳י ראיה, באַשליסן זיך די דאָקטוירים אויף אַ שטאַרקן און פיינלעכן מיטל: זיי מאַכן דעם קראַנקן ווייפּעדים, ווי מען טוט עס מיט פערד. אָבער דער בידנער אַרעסטאַנט האָט אויך דאָ נישט איינגעוויליגט געזונט צו ווערן. וואָס פאַר אַן איינגעשפּאַרטער כאַראַקטער דאָס איז געווען, אפשר גאָר אַ משוגענער, ווייל בכל אופן איז עס פאַר אים זייער געווען א גרויסער וויי, צו אַנטלויפן פון דעם גרויסן יסורים. אַזוי פיינלעך, ווי די שטעקנס, דאָך אָבער האָבן זיי פאַרשאַפט געוואלדיק יסורים. דעם קראַנקן נעמט מען אָן מיט דער האַנט די הויט פון הינטן, אויפן האַלדז, וויפיל מען קען נאָר אָנעמען, און מען שטעכט דורך אָט דאָס גאַנצע אָנגענומענע לייב מיט אַ מעסער, פון וואָס עס ווערט אַ ברייטע און לאַנגע ווונד איבער דער גאַנצער פּאַטילניצע; דורך דער ווונד ציט מען אַדורך אַ לייוונטענע לענטע, וואָס איז געווען ברייט, כמעט ווי אַ פינגער; דערנאָך דרייט מען איבער, יעדן טאָג, אין אַ באַשטימטער שעה דאָס לענטעלע אין דער ווונד, אַזוי ווי מען וואָלט זי אויפדאָסניי אויפגעשניטן, כדי זי זאָל שטענדיק אייטערן און זיך נישט פאַרהיילן. דער בידנער אַרעסטאַנט האָט, איבעריקנס, מיט גרויס עקשנות, עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אויסגעהאַלטן אויך די דאָזיקע גיהנום-יסורים, און ערשט צולעצט האָט ער איינגעוויליגט זיך אויסצושרייבן. זיינע אויגן זענען אין איין טאָג צייט אינגאַנצן געזונט געוואָרן, און באַלד ווי זיין האַלדז האָט זיך פאַרהיילט, איז ער אַוועק אויף דער הויפּטוואַך, צו באַקומען סאַמע אויף צומאָרגנס די טויזנט שטעקנס.

געוויס, די מינוט ערב דער שטראָף איז אַ שווערע, אַזוי ווייט אַ שווערע, אַז איך וועל אפשר זינדיקן, ווען איך וועל אָנרופן די דאָזיקע שרעק קליינמוטיקייט און פּחדנות. הייסט עס טאַקע, אַז ס׳איז שווער, ווען מען איז גרייט זיך אונטערצוּוואַרפן אַ צווייפאַכער און דרייפאַכער שטראָף, אַבי זי זאָל נאָר איצט

נישט אויסגעפירט ווערן. איך האָב, איבעריקנס, אויך דערמאָנט די יעניקע, וועלכע האָבן זיך אַליין געבעטן, מען זאָל זיי וואָס גיכער אויסשרייבן, בשעת די פּלייצע איז זיי נאָך נישט פאַרהיילט געוואָרן פון די ערשטע שטעקנס: זיי האָבן געוואָלט איבערקומען די איבעריקע קלעפּ און אַזויאַרום זיך אַנטגילטיק באַפרייען פונם רשות פון געריכט. און דאָס אויפהאַלטן זיך אין דער הויפטוואַך, אין רשות פון געריכט, איז, נאַטירלעך, פאַר פיל אומפאַרגלייכלעך ערגער, ווי די קאַטאָרגע. אָבער אויסער דעם חילוק פון די טעמפעראַמענטן, שפּילט אויך אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטשלאָסנקייט און אומדערשראָקנקייט פון אַנדערע — די איינגעוואָרצלטע געוווינהייט צו קלעפּ און שטראָף. דער, וואָס איז אַסך מאָל געשלאָגן געוואָרן, ווערט עפּעס שטאַרקער סיי מיטן גייסט און סיי מיט דער פּלייצע, און קוקט, סוף-כל-סוף, סקעפּטיש אויף דער שטראָף, כמעט ווי אויף אַ קליינער אומבאַקוועמלעכקייט, און האָט שוין פאַר איר נישט קיין מורא. בכלל גערעט, איז דאָס ריכטיק. איין אַרעסטאַנטל אונדזערס, פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג, אַ געטויפטער קאַלמיק, אַלעקסאַנדער אָדער אַלעקסאַנדרע, ווי מ'האָט אים באַ אונדז גערופן, אַ מאָדנער יונג, אַ דריי-קאָפּ, וואָס ווייס נישט פון כּחד און גלייכצייטיק אויך זייער אַ גוטמוטיקער, האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי ער איז איבערגעקומען זיינע פיר טויזנט; ער האָט דערציילט מיט געלעכטער און שפּאַס, נאָר דאָ טאַקע האָט ער זיך זייער ערנסט געשוואָרן, אַז ווען ער, אַ שטייגער, וואָלט סאַמע פון דער קינדהייט אָן, פון זיינע ערשטע צאַרטע קינדעריאָרן, נישט אויסגעוואָקסן אונטערן קאַנטשיק, פון וועלכן עס זיינען בוכשטעבלעך נישט אַראָפּגעגאַנגען די קאַרבן פון דער פּלייצע צייט ער לעבט, וואָלט ער פאַר קיין פאַל נישט איבערגעטראָגן די פיר טויזנט. דערציילנדיק, האָט ער אַזוי ווי געבענטשט די דאַזיקע דערציונג.

אונטערן קאַנטשיק. „מען האט מיך כסדר געשלאָגן, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש, — האָט ער מיר אַ מאָל געזאָגט, זיצנדיק אויף מיין געלעגער, פאַרנאַכט, פאַרן פייער, — פאַר אַלץ און אַלעם, וואָס עס זאָל נישט געשען. מ׳האָט געשלאָגן אַ יאָר פופצן כסדר פון דעם סאַמע טאָג אָן, זינט איך האָב מיך אָנגעהויבן צו געדענקען, און יעדן טאָג צו עטלעכע מאָל. נישט געשלאָגן האָט נאָר דער, ווער עס האָט נישט געוואָלט, אַזוי, אַז איך בין שוין סוף־כל־סוף איינגאַנצן צוגעוווינט געוואָרן״. ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן צו די זעלנער, ווייס איך נישט; איבעריקנס, געדענק איך נישט, אפשר האָט ער עס אויך דערציילט; דאָס איז געווען אַ שטענדיקער פליטהניק און אַ בראָדיאַגע. איך געדענק נאָר זיין דערציילונג וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט זיך שרעקלעך געשראָקן, ווען מ׳האָט אים פאַרמשפט צו פיר טויזנט, פאַר דערהרגענען א נאַטשאַלניק. „איך האָב געוווּסט, אַז מען וועט מיך שטרענג באַשטראָפן און אַז איך וועל אפשר שוין נישט דערלעבן זיך אַרויסצוקריגן פון אונטער די שטעקנס, און כאָטש איך בין געוווינט צו שמיץ, נאָר פאָרט אָבער פיר טויזנט שטעקנס, — אַ קלייניקייט! און די גאַנצע נאַטשאַלסטווע איז נאָך דערצו אַריינגעפאַלן אין גרויס גרימצאָרן! איך האָב געוווּסט, אויף זיכער געוווּסט, אַז עס וועט אומזיסט נישט אַ דורך, איך וועל נישט אויסהאַלטן; זיי וועלן מיך נישט אַרויסלאָזן פון אונטער די שטעקנס. האָב איך מיך תחילת געפּרוּווט צושמדן, אפשר טראַכט איך, וועלן זיי מוחל זיין, און כאָטש די אונדזעריקע האָבן מיר דאַמאָלס געזאָגט, אַז דערפון וועט גאָרנישט אַרויסקומען, זיי וועלן נישט מוחל זיין, טראַכט איך מיר אָבער: פונדעסטוועגן וועל איך מיך פּרוּוון, אויף אַ געשמדטן וועלן זיי מער רחמנות האָבן. נו, האָט מען מיך טאַקע אינדערהאַמתן אָפּגעשמדט און בשעתן הייליקן טויפן אַ נאָמען געגעבן אַלעקסאַנדער; נו, און די־

שטעקנס זענען זיך פונדעסטוועגן פאַרבליבן שטעקנס; וואָלטן זיי כאָטש איינעם געשענקט; איך האָב זיך אַזש באַליידיקט. טראַכט איך מיר טאַקע: וואַרט, איך וועל אייך אַלעמען רעכט אָנפייפן. און וואָס-זשע מיינט איר, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש, איך האָב זיי טאַקע אָנגעפייפט! איך האָב זייער גוט געקענט מאַכן אַן אָנ-שטעל פון אַ טויטן, דאָס הייסט נישט אינגאַנצן אַ טויטער, נאָר אָט-אָט לויפט אַרויס די נשמה פון גוף. האָט מען מיך אַוועקגע-פירט; קלאַפּט מען די ערשטע טויזנט: בריט, שריי איך. קלאַפּט מען די צווייטע טויזנט, נו, טראַכט איך, מיין סוף איז שוין גע-קומען. פון זינען האָט מען מיך גאָר אַרויסגעשלאָגן; די פיס ברעכן זיך אונטער; בין איך אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד: די אויגן זיינען מיר געוואָרן טויט, דאָס פּנים בלאָ, נישטאָ קיין אָטעם, אויף די ליפּן אַ שוים. צוגעגאַנגען דער דאָקטאָר: באַלד, זאָגט ער, וועט ער שטאַרבן. האָט מען מיך אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל, בין איך באַלד לעבעדיק געוואָרן. אַזוי האָט מען מיך נאָכדעם נאָך צוויי מאָל אַרויסגעפירט, און מען האָט שוין געכעסט אויף מיר, שוין שטאַרק געכעסט אויף מיר, אָבער איך האָב זיי נאָך צוויי מאָל אָנגעפייפט. באַלד ווי איך בין נאָר אַריבערגעקומען די דריטע טויזנט, בין איך שוין אַ געחלשטער, און אַז עס האָט געהאַלטן באַ דער פערטער, איז יעדער קלאַפּ אַזוי ווי מיט אַ מעסער אַדורכגעגאַנגען איבערן האַרץ; יעדער קלאַפּ איז פאַר דריי קלעפּ באַשטאַנען, אַזוי שטאַרק האָבן זיי געשלאָגן! זיי האָבן געפייערט אויף מיר פון רציחה. אָט דער דאָזיקער קאַרג-געציילטער לעצטער טויזנט, (ס'זאָל אים...) איז פאַר אַלע ערשטע דריי באַשטאַנען, און ווען איך וואָלט נישט געשטאָרבן פאַרן סאַמע סוף (אינגאַנצן נאָך אַ צוויי הונדערט שטעקנס געבליבן), וואָלטן זיי מיך דאָ טאַקע געווען דערהרגעט אויף טויט. נו, האָב איך מיך אָבער אויך נישט געלאָזט שפּייען

אין קאַשע: איך האָב זיי ווידעראַמאָל אָנגעפּייפּט און ווידער אַמאָל געחלשט; האָט מען ווידער געגלויבט. און ווי טאַקע זאָל מען נישט גלויבן, אַז דער דאָקטאָר גלויבט. און כאָטש זיי האָבן געשלאָגן מיט גרויס גרימצאָרן, אַזוי געשלאָגן, אַז אַן אַנדערש מאָל האַלט מען לייכטער אויס צוויי טויזנט, האָט מען מיך דאָך באַ די לעצטע צוויי הונדערט נישט דערהרגעט, ניין, נישט דער-הרגעט, אַ מכה. און פאַרוואָס נישט דערהרגעט? אַלץ טאַקע דערפאַר, וואָס איך בין פון קינדוויז אָן געוואַקסן אונטערן קאַנ-טשיק. דערפאַר טאַקע לעב איך נאָך היינט אויך. אָך, האָט מען מיך געשלאָגן, האָט מען מיך געשלאָגן אין מיין לעבן!" האָט ער צוגעגעבן צום סוף פון דער דערציילונג, ווי אין אַ טרויעריקן ישוב הדעת, פּונקט ווי ער וואָלט זיך באַמיט צו דערמאַנען און צו באַחשבונען וויפיל מאָל, אַ שטייגער, מ'האָט אים געשלאָגן. „אָבער ניין, — האָט ער צוגעגעבן און איבערגעריסן דאָס קורצע שווייגן, — מען קען גאָרנישט באַרעכענען, וויפיל מ'האָט גע-שלאָגן; ווו באַרעכענען! עס וועט גאָר אַזאַ חשבון נישט זיין". ער האָט אַ קוק געטון אויף מיר און האָט זיך צעלאַכט, אָבער אַזוי גוטמוטיק, אַז איך האָב אויך געמוזט אַ שמייכל טון אים אַלס ענטפער. „ווייסט איר, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש, אַפילו איצט, אַז איך זע ביינאַכט אַ חלום, איז עס נישט אַנדערש, ווי מען שלאָגט מיך; קיין אַנדערע חלומות האָב איך נישט". ער האָט, ווירקלעך, עפטער געשריגן באַנאַכט, און שרייען פלעגט ער הויך, אויפן קול, אַזוי, אַז די אַרעסטאַנטן פלעגן אים באַלד אויפ-וועקן מיט שטורכעס: „נו, וואָס שרייסטו, שד איינער!" געווען איז ער אַ געזונטער חברהמאַן פון אַ יאָר פינף און פערציק, הויך געוואַקסן, אַרירעוודיקער און אַ פריילעכער, מיט אַלעמען גוט געלעבט, און הגם ער האָט זייער ליב געהאַט צו לקחנען און האָט זייער אָפט געכאַפּט קלעפּ דערפאַר, דאָך אָבער ווער האָט

באַ אונדז נישט געגנבעט, און וואָס איז באַ אונדז דען פאַר נישט געשלאָגן געוואָרן?

איך וועל נאָר מוסיף זיין איין זאַך צו דעם: איך האָב שטענדיק באַוווּנדערט די אומגעוועהנלעכע מוטיקייט, די נישט־בייזקייט, מיט וועלכער עס האָבן דערציילט די אַלע געשלאָגענע וועגן דעם, ווי אַזוי מ׳האָט זיי געשלאָגן, און וועגן די יעניקע, וואָס האָבן זיי געשלאָגן. עפּעטער האָט זיך אַפילו דער מינדסטער סימן פון בייזקייט אָדער שנאה נישט געשפּירט אין אַזאַ מין דערציילונג, פון וועלכער באַ מיר האָט זיך צייטנווייז אויפגעהויבן דאָס האַרץ און האָט אָנגעהייבן שטאַרק און פעסט צו קלאַפּן. און זיי פלעגן דערציילן און לאַכן, ווי קינדער. אָט האָט מיר מ—צקי, אַ שטייגער, דערציילט וועגן זיין שטראָף; ער האָט נישט געהערט צום אַדל און איז אַדורכגעגאַנגען פינף הונדערט. איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם פון אַנדערע און האָב איס געפרעגט: צי איז דאָס אמת, און ווי אַזוי איז דאָס געוועזן? ער האָט עפּעס קורץ געענטפערט, ווי מיט עפּעס אַן אינעווייניקסטן ווייטאָג, פונקט ווי ער וואָלט זיך באַמיט נישט צו קוקן אויף מיר, און זיין פּנים האָט זיך פאַררויטלט; אין אַ ווייל אַרום האָט ער אַ קוק געטון אויף מיר, און אין זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט א פייער פון שנאה, און די ליפּן האָבן געגומען ציטערן פון גרימצאָרן. איך האָב דערפילט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן דאָס בלעטל פון זיין עבר. אָבער אונדזערע האָבן, כמעט אַלע (איך בין נישט ערוב, אַז ס׳זאָלן נישט זיין קיין אויסנאַמען), געקוקט אויף דעם גאָר אַנדערש. עס קען נישט זיין, האָב איך טייל מאָל געטראַכט, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן לחלוטין פאַר שולדיקע און האָבן פאַרדינט די שטראָף, באַזונדערס, ווען זיי זיינען באַגאַנגען אַ פאַרברעכן נישט קעגן די אייגענע, נאָר קעגן דער נאַטשאַלסטווע. דאָס רוב פון זיי האָט

זיך לגמרי נישט באַשולדיקט. איך האָב שוין געזאָגט, אַז קיין געוויסן־יסורים האָב איך נישט באַמערקט, אַפילו אין די פאַלן, ווען דאָס פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דער אייגענער געזעלשאַפט. וועגן די פאַרברעכנס קעגן דער נאַטשאַלסטווע איז דאָך אודאי נישטאָ וואָס צו ריידן. טיילמאָל האָט מיר אויסגעוויזן, אַז אין אָט דעם לעצטן פאַל איז געלעגן אַן אייגענער, אַזוי צו זאָגן, עפּעס אַ פּראַקטישער אָדער, בעסער, פאַקטישער בליק אויף דער זאַך. מ׳האָט גענומען אין אַכט דעם גורל, די אומבאַזיגלעכקייט פון די פאַקטן און נישט ווייל ס׳איז אַרומגעטראַכט געוואָרן פיל־וויניק, נאָר סתם אַזוי, אומבאַוווסטזיניק, ווי עפּעס אַן אמונה־זאַך. דער אַרעסטאַנט, אַ שטייגער, הגם ער איז שטענדיק גענייגט צו פילן זיך גערעכט אין פאַרברעכנס קעגן דער נאַטשאַלסטווע, אַזוי, אַז אַפילו די פראַגע וועגן דעם האָט פאַר אים קיין שום זין נישט, פאַרשטייט דאָך פּראַקטיש, אַז די נאַטשאַלסטווע קוקט אויף זיין פאַרברעכן גאָר מיט אַן אַנדער אויג, און דעריבער, הייסט עס, דאַרף ער באַשטראָפט ווערן און פאַרטיק. דאָס איז אַ קעגנזייטיקער קאַמף. דער פאַרברעכער ווייס און צווייפלט נישט, אַז ער איז באַפרייט געוואָרן דורכן געריכט פון זיין אייגענער סביבה פון זיין פשוטן פאָלק, וואָס וועט אים קיינמאָל — און ער ווייס עס טאַקע זייער גוט — אַנטגילטיק נישט פאַרמשפּטן, און על־פּי־רוב אַפילו אינגאַנצן באַפרייען, אַבי זיין חטא זאָל נאָר זיין נישט קעגן אייגענע, קעגן ברידער, קעגן זיין אייגענעם לייבלעכן פאָלק. זיין געוויסן איז רויק, און מיטן געוויסן איז ער אי שטאַרק אי ער פאַרלירט זיך נישט מאָראַליש, און דאָס איז דער עיקר. ער וואָלט אַזוי, ווי געפילט, אַז ס׳איז דאָ אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן, און דעריבער טראָגט ער נישט קיין שנאה, און נעמט אָן דאָס, וואָס געשיט מיט אים, פאַר אַן אומפאַרמיידלעכן פאַקט, וועלכער האָט זיך נישט מיט אים אָנגע־

אָנגעהייבן און וועט זיך אויך מיט אים נישט ענדיקן, און לאַנג־לאַנג נאָך וועט ער זיך ציען אין דעם איינמאָל אויפגעהויבענעם פּאַסיוון, אָבער פאַרעקשנטן קאַמף. וואָסער זעלנער האָט עס פער־זענלעך פיינט דעם טערק, ווען ער האַלט מיט אים מלחמה; אָבער דער טערק שניידט אים דאָך און שטעכט אים און שיסט אין אים. איבעריקנס, נישט אַלע דערציילונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט קאַלטבלוטיקייט און גלייכגילטיקייט. וועגן דעם פּאָרוטשיק זשערעביאַטניקאָוו, אַ שטייגער, האָט מען אַפילו פאַרציילט מיט כעס, הגם נישט מיט גרויס כעס. מיט דעם דאָזיקן פּאָרוטשיק זשערע־ביאַטניקאָוו האָב איך זיך באַקענט, נאַטירלעך, פון אַרעסטאַנטי־שע מעשיות. נאָכדעם האָב איך אים אַמאָל געזען אויך אין דער נאַטור, בשעת ער האָט געהאַלטן באַ אונדז די וואַך. דאָס איז געווען אַ מענטש באַ אַ יאָר דרייסיק, אַ הויכער, אַ דיקער, אַ פעט־לייביקער, מיט רויטע באַקן, פאַרגאָסן מיט פעטס, מיט ווייסע ציין און מיט אַ נאָזדריעוושן *) הילכיקן געלעכטער. פון זיין פּנים איז קענטיק געווען, אַז דאָס איז דער סאַמע נישט באַ־רעכנטסטער מענטש אויף דער וועלט. ער האָט לײַדנשאַפטלעך ליב געהאַט צו שמייסן און צו באַשטראָפן מיט שטעקנס, ווען ער פלעגט באַשטימט ווערן פאַרן עקזעקוטאָר. איך אייל מיך צוצו־געבן, אַז איך האָב שוין דאַמאָלס געקוקט אויפן פּאָרוטשיק זשע־רעביאַטניקאָוו, ווי אויף אַ בעל־מום צווישן זיינע אייגענע, און אַזוי האָבן געקוקט אויף אים אויך די אַרעסטאַנטן. גאָר אַמאָל, ס'פאַרשטייט זיך, אין יענעם נישט לאַנגאָנעדיקן אַמאָל, ווען וועלכן „די לעגענדע איז נאָך פריש, נאָר עס גלויבט זיך קוים", זענען, אויסער זשערעביאַטניקאָוון, אויך געווען אַזעלכע עקזעקוטאָרן, וואָס האָבן ליב געהאַט אויסצופירן זייער זאַך מיט

*) נאָזדריאָוו — אַ העלד פון ג. גאָגאָלס אַ ווערק.

ברען און מיט פלייס. על־פי־רוב אָבער איז עס פאָרגעקומען נאַיוו און אָן אַ באַזונדער חשק. דער פּאָרוטשיק אָבער איז געווען דער ראַפינירטסטער מפונק אין דעם אויספירונגס־געביט. ער האָט ליב געהאַט, ער האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט די אויספירונגס־קונסט, און ליב געהאַט בלויז לשם קונסט. ער האָט געהאַט גרויס תענוג פון דער דאָזיקער קונסט און, ווי דער פּאַטריציער פון די צייטן פון דער רוימישער אימפּעריע, וועלכער האָט פאַרלאָרן די כּוחות און איז אָפּגעקראָכן געוואָרן אין זיינע תענוגים, האָט זשערביאַטניקאָוו אַרויסגעפונען פאַרשידענע נייע פאַרפיינערטע מיטלען, פאַרשידענע אומנאַטירלעכקייטן, כּדי פיל עס איז צו באַוועגן און מיט הנאה אַ קיצל צו טון זיין פאַרגאַסענע נשמה מיט פעטס. אָט פירט מען אַרויס אַן אַרעסטאַנט צו דער באַשטראָפונג; זשערביאַטניקאָוו איז דער עקזעקוטאָר; בלויז איין בליק אויף דער לאַנגער שורה מענטשן מיט דיקע שטעקנס באַגייסטערט אים שוין. אַ צופרידענער מיט זיך, גייט ער אַרום די זעלנער־שורות און טענהט איין שטאַרק, אַז יעדערער זאָל אויספירן זיין זאַך מיט ברען, מיט יושר, ווען נישט... אָבער די זעלנערלעך האָבן שוין געוווּסט, וואָס עס באַטייט דאָס דאָזיקע ווען נישט. נאָר אָט ברענגט מען צופירן דעם פאַרברעכער אַליין, און אויב ער איז נאָך ביז אַהער נישט געווען באַקאַנט מיט זשערביאַטניקאָוון, אויב ער האָט נאָך נישט געהערט די אַלע מעשיות וועגן אים, האָט יענער מיט אים אָפּגעשפּילט אַזאַ מין שפּאַס, אַ שטייגער. (עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז איינס פון די הונדערטער שפּיצלעך; דער פּאָרוטשיק איז ממש געווען אומדערשעפּלעך אין דערפינדונגען). יעדער אַרעסטאַנט, בשעת מען טוט אים אויס נאַקעט און די הענט בינדט מען אים צו צו די קאָלבעס פון די ביקסן, אויף וועלכע עס שלעפּן אים דערנאָך די אונטער־אָפיצירן איבער דער גאַנצער גרינער גאַס, — יעדער

אַרעסטאַנט האַלט זיך ביי דעם אַלגעמיינעם מנהג, און אין דער דאָזיקער מינוט הייבט ער תּמיד אָן מיט אַ געיאָמער און תּחנונים צו בעטן באַם עקזעקוטאָר, ער זאָל אים שוואַכער באַשטראָפן און נישט פאַרגרעסערן איבעריקס שטרענג די שטראָף: „וואַשע בלאַגאָראָדיע — שרייט דער אומגליקלעכער — דערבאַרעמט אייך, ווי אַ לייבלעכער פאָטער, לאָזט מיך אייביק גאָט בעטן פאַר אייך, ברענגט מיך נישט אום, האָט רחמנות!" זשערעביאַטניקאָוו האָט טאַקע בלויז געוואַרט דערויף. ער האָט תּיכף אָפּגעהאַלטן די צערעמאָניע און מיט אַ רחמנות-פּנים פאַרבונדן אַ שמועס מיטן אַרעסטאַנט:

— מיין ליבער פריינט, — זאָגט ער, — וואָס-זשע זאָל איך טון מיט דיר? נישט איך באַשטראָף דאָך, דאָס געזעץ!

— וואַשע בלאַגאָראָדיע, אַלץ איז דאָך אין אייערע הענט, האָט רחמנות!

— און דו מיינסט, אַז איך האָב נישט קיין רחמנות? דו מיינסט, אַז איך האָב הנאה צו קוקן, ווי מען וועט דיך שלאָגן? איך בין דאָך אויך אַ מענטש! בין איך אַ מענטש, צי ניעט, ווי מיינסטו?

— אַוודאי, וואַשע בלאַגאָראָדיע, אַלע ווייסן דאָך; איר זענט דער פאָטער, מיר די קינדער. דערבאַרעמט אייך איבער מיר, ווי צו אייגענער פאָטער! — שרייט דער אַרעסטאַנט, און הייבט שוין אָן אַ ביסל צו האָפן.

— יאָ מיין ליבער פריינט, באַטראַכט דיך נאָר אַליין; דו האָסט דאָך שכל צו פאַרשטיין: איך ווייס דאָך אַליין אויך, אַז על-פּי-מענטשלעכקייט דאַרף איך אַפילו אויף דיר, וואָס דו ביזט אַ פאַרברעכער, קוקן מיט חסד און רחמנות.

— אַן אמת, אַן אמת באַוויליקט איר, וואַשע בלאַגאָראָדיע, צו זאָגן!

— יאָ, קוקן מיט חסד, ווי זינדיק דו זאָלסט נישט זיין, אָבער נישט איך בין דאָ דער מאַכער, נאָר דאָס געזעץ! באַדאַכט דיך נאָר! איך דין דאָך גאָט און דעם פּאָטערלאַנד; איך נעם דאָך אַ שווערע עבירה אויף זיך, ווען איך וועל שוואַכער מאַכן דאָס געזעץ, באַדאַכט דיך נאָר וועגן דעם!

— וואַשע בלאַגאָראָדיע!

— נו, מילא! זאָל שוין זיין אַזוי, כּאַר דיינטוועגן! איך ווייס, אַז איך טו אַן עבירה, אָבער זאָל שוין זיין אַזוי... דאָס מאָל וועל איך מיך מרחם זיין אויף דיר, איך וועל דיך לייכט באַשטראָפן. נו, און וואָס וועט אָבער זיין, ווען איך וועל דיר דערמיט גאָר שאָדן! נו, אָט נעם איך און בין מיך מרחם אויף דיר — איך באַשטראָף דיך לייכט, און דו וועסט זיך דערוויילן קלערן, אַז אַ צווייטן מאָל וועט אויך זיין דאָס אייגענע, און וועסט ווידעראַמאָל באַגיין אַ פאַרברעכן, טאָ וואָס וועט דאַמאָלס זיין? דאָס נעם איך דאָך אויף מיין נשמה...

— וואַשע בלאַגאָראָדיע! אַ צענטן וועל איך שוין פאַרזאָגן! אָט ווי פאַר גאָט אַליין...

— נו, שוין גוט, גוט! און דו וועסט מיר שווערן, אַז דו וועסט זיך אויך ווייטער גוט אויפפירן?

— זאָל מיך גאָט דאָ איינשלאָגן אויפן אָרט, זאָל מען מיך אויף יענער וועלט...

— שווער זיך נישט, מען טאָר נישט. איך וועל דיר גלויבן אויפן וואָרט, דו גיסט דיין וואָרט?

— וואַשע בלאַגאָראָדיע!!!

— נו, טאָ הער זשע, איך וועל מיך מרחם זיין אויף דיר בלויז צוליב דיינע יתומדיקע טרערן. דו ביזט א יתום?

— אַ יתום, וואַשע בלאַגאָראָדיע, עלנד ווי אַ שטיין, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען...

— נו, זאָל שוין זיין צוליב דיינע יתומדיקע טרערן, אָבער געדענק, — דאָס לעצטע מאָל... פירט אים, — גיט ער צו מיט אַזא ווייכהאַרציקער שטימע, אַז דער אַרעסטאַנט ווייסט שוין אַפילו נישט מיט וואָס פאַרא תפילות גאָט צו בעטן פאַר דעם דאָזיקן בעל־חסד. נאָר אָט האָט זיך געריררט די שרעקלעכע פּראָצעסיע, מ׳האָט אים אַוועקגעפירט.

די פויק האָט אָנגעהויבן צו הילכן, די ערשטע שטעקנס האָבן זיך פאַרמאָסטן... „קאַטעווע אים! — שרייט שוין זשערע־ביאַטניקאָוו הויך אויפן קול. — ברען אים! שנייד, שנייד! בראָט אים! נאָך! נאָך! שטאַרקער, דעם יתום, שטאַרקער, דעם רמאי! האַק אים, האַק!״ און די סאָלדאַטן האַקן מיטן גאַנצן כוח, פונקן שיטן זיך פון די אויגן באַ דעם בידנעם אַרעסטאַנט; הייבט ער אָן צו שרייען, און זשערעביאַטניקאָוו לויפט אים נאָך איבערן פראָנט און לאַכט, לאַכט, צוגיסט זיך, שפּאַרט אונטער די זייטן מיט די הענט פאַר געלעכטער, און קען זיך אַפילו נישט אויס־גלייכן, אַזוי, אַז עס נעמט אָן צולעצט אַ רחמנות אויף אים, דעם בידנעם, נעבעך, און צופרידן איז ער, און קאָמיש צום לאַכן איז ער, און בלויז זעלטן רייסט זיך איבער זיין הילכיק, געזונט, דונער־געלעכטער, און עס הערט זיך ווידעראַמאָל: שנייד אים, שנייד! פאַרגיס אים מיט פייער, דעם רמאי, פאַרגיס אים מיט פייער, דעם יתום!..

און אָט וואָס נאָך פאַר אַ וואַריאַציעס ער האָט צוגעטראַכט. פירט מען אַרויס אַן אַרעסטאַנט צו דער באַשטראָפונג, הייבט ער אָן צו בעטן מיט תחנונים. דאָס מאָל אָבער מאַכט זשערעביאַט־ניקאָוו נישט קיין אָנשטעל און קיין תנועות, און ווערט גאָר אָפנהערציק:

— ווייסטו וואָס, מיין ליבער, — זאָגט ער, — איך וועל דיך גאָר באַשטראָפן ווי געהעריק, ווייל דו ביזט דאָס ווערט.

נאָר אָט וואָס איך וועל אפשר טון פאַר דיינעטוועגן: איך וועל דיך נישט צובינדן צו די קאָלבעס. דו וועסט זיך אַליין גיין. אָבער אויף אַ נייעם שטייגער. לויף, וויפל כוח דו האָסט, דורכן גאַנצן פראָנט! דאָ וועט אַפילו יעדער שטעקן אַ קלאַפּ טון, אָבער עס וועט דאָך זיין שנעלער, ווי מיינסטו? ווילסטו פרווון?

דער אַרעסטאַנט הערט און קווענקלט זיך; ער האָט נישט קיין צוטרוי און פאַרטראַכט זיך: „נו, מילא, — טראַכט ער זיך,— און אפשר וועט טאַקע אינדעראמתן לייכטער זיין; איך וועל מיר אַדורכלויפן מיט אַלע כוחות, און אַזויאַרום פאַרקירצן די יסורים, און אפשר וועט נישט יעדער שטעקן טרעפן".

— גוט, וואַשע בלאַגאָראָדיע, איך בין מסכים.

— נו, און איך בין אויך מסכים, קאַטעווע! געדענקט זשע, נישט געגענעצט! — שרייט ער צו די סאָלדאַטן, וויסנדיק בעת מעשה, אַז קיין איין שטעקן וועט נישט גיין לאיבוד אויף דער שולדיקער פּלייצע. דער סאָלדאַט, וואָס מאַכט אַ פעלער, ווייס אויך זייער גוט, מיט וואָס דאָס שמעקט. דער אַרעסטאַנט לאָזט זיך לויפן מיט אַלע כוחות איבער דער „גרינער גאַס", אָבער ער באַוויזט נישט, נאַטירלעך, אַדורכצולויפן אַ פופצן רייען: די שטעקנס נעמען זיך שיטן אויף זיין פּלייצע מיטאַמאָל, פלוצלינג, ווי די פויקנקלעפּ, ווי אַ בליץ, און דער בידנער אַרעסטאַנט פאַלט אַנידער מיט געשריי, ווי אַן אונטערגעהאַקטער, ווי גע־טראָפן פון אַ קויל. — „ניין, וואַשע בלאַגאָראָדיע, בעסער שוין מיטן זאַקאָן", זאָגט ער, און הייבט זיך אויף לאַנגזאַם פון דער ערד אַ בלאַסער און אַן איבערגעשראָקענער. אָבער זשערעביאַט־ניקאָוו, וועלכער האָט פריער געוווּסט דאָס דאָזיקע שפּיצל און זיין פועל־יוצא, לאַכט, צוגיסט זיך לאַכנדיק. אָבער מען קען

דאָך נישט באַשרייבן די אַלע פּאַרוויילונגען זיינע און דאָס אַלץ, וואָס מען פּלעגט וועגן אים דערציילן ביי אונדז.

אַ ביסל אויף אַן אַנדער אופן, אין אַן אַנדער טאָן און גייסט, פּלעגט מען באַ אונדז דערציילן וועגן אַ פּאָרוטשיק סמעקאַלאָוו, וואָס האָט פאַרנומען דעם אָרט פון אַ קאָמאַנדיר באַ אונדזער טורמע, איידער נאָך עס איז באַשטימט געוואָרן אונדזער פּלאַץ-מאַיאָר אויף דעם דאָזיקן אָרט. וועגן זשערעביאַטניקאָוון האָט מען אַפילו דערציילט גאַנץ גלייכגילטיק, אָן אַ באַזונדער בייזקייט, דאָך אָבער האָט מען נישט אָנגעקוואָלן פון זיינע העלדישע מעשים, מ׳האָט אים נישט געריכט, און קענטיק, אַז מ׳האָט גע-פילט צו זיי אַן עקל. אין דער פאַראַכטונג צו אים איז אַפילו געלעגן אַ מין שטאָלץ. אָבער דעם פּאָרוטשיק סמעקאַלאָוו האָט מען באַ אונדז דערמאָנט מיט שמחה און הנאה. די מעשה דער-פון איז דאָס, וואָס ער איז לגמרי נישט געווען להוט צו שמיץ; ער האָט לחלוטין נישט געהאַט אין זיך דעם ריין זשערעביאַטני-קאָווישן עלעמענט. נאָר פונדעסטוועגן איז ער אויך געווען אַ בעלן אָפּצושמייסן; אָבער דערין ליגט טאַקע די גאַנצע קונץ, וואָס זיינע ריטער אַליין פלעגן באַ אונדז דערמאָנט ווערן מיט אַזאַ זיסער ליבשאַפט, — אַזוי האָט דער דאָזיקער מענטש געקאָנט צופרידנשטעלן די אַרעסטאַנטן! און מיט וואָס פּאָרט? מיט וואָס האָט ער עס פאַרדינט אַזאַ מין פּאָפּולאַריטעט? אמת, דער עולם אונדזערער, ווי דאָס איז אפשר אויך דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק, איז מוכן ומזומן צו פאַרגעסן אַלע יסורים פאַר איין גוט וואָרט: איך רעד וועגן דעם, ווי וועגן אַ פאַקט, און וויל מיך גאָרנישט פאַנאַנדערקלייבן אין אים דאָסמאָל — נישט פון דער און נישט פון יענער זייט. עס איז גאָרנישט שווער געווען צופרידנצושטעלן דעם דאָזיקן עולם און צו ווערן באַ אים פּאָפּולער. אָבער דער פּאָרוטשיק סמעקאַלאָוו האָט זיך דערוואָרבן אַ באַזונדער

נאָמען--אַזוי, אַז אַפילו וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט געשמיסן, איז דערמאָנט געוואָרן כמעט מיט אַ זיסן תענוג. „מ׳דאַרף גאָר קיין טאַטע נישט״, זאָגן ׳אַמאָל׳ די צערעסטאַנטן און זיפצן אַפילו אָפּ פאַרגלייכנדיק לויט זייערע זכרונות דעם פריערדיקן צייטווייליקן נאַטשאַלניק, סמעקאַלאָוון, מיטן איצטיקן פלאַץ־מאַיאָר. „אַ האַרציקער מענטש!״ — געווען איז ער אַ מענטש אַ פשוטער, מעגלעך, אַפילו אויך אַ גוטער אויף זיין שטייגער. אָבער עס טרעפט דאָך אַמאָל, נישט בלויז אַ גוטער, נאָר אויך אַ גרויסמוטיקער מענטש צווישן די נאַטשאַלניקעס, און וואָס לאָזט אויס? — אַלע האָבן אים נישט ליב, און מען לאַכט פון אים פשוט. די מעשה דערפון איז דאָס, וואָס סמעקאַלאָוו האָט עפּעס דוקא געקאָנט אַזוי מאַכן, אַז אַלע בײַ אונדז האָבן אים אָנערקענט פאַר אַן א י י ג ע נ ע ם מענטשן, און דאָס איז אַ גרויסע קונץ, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אַ געבוירענע פעיקייט, וואָס איבער איר ווערט זיך צומאָל נישט פאַרטראַכטן אַפילו דער יעניקער, וואָס באַזיצט זי. אַ מאָדנע זאַך, צווישן אָט דעם מין מענטשן זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען לגמרי נישט קיין גוטע, און דאָך דערווערבן זיי זיך טיילמאָל אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט. זיי מיאוסן זיך נישט און איבלען זיך נישט פון די יעניקע, וואָס זענען זיי אונטערגעוואָרפן — אָט ווו עס ליגט, ווי מיר שיינט, די סיבה! מען זעט נישט בײַ זיי דאָס פריצישע ווייסע הענטעלע און מען שפירט פון זיי נישט דעם פריצישן ריח; פאַראַן בײַ זיי עפּעס אַ באַזונדערער ריח פונם פשוטן פאָלק, אַן איינגעבוירענער ריח, און גאָט מיינער, ווי פילבאַר איז דאָס פאָלק צו דעם דאָזיקן ריח! וואָס וואָלט עס נישט אָפּגעגעבן פאַר אים! דעם באַריכטהאַרציקסטן מענטשן איז עס גרייט צו פאַרטוישן אַפילו אויפן סאַמע שטרענגסטן, אויב דער דאָזיקער שמעקט מיט זייער אייגענעם ריח. ווער שמועסט נאָך, ווען אָט דער מענטש מיטן דאָזיקן ריח איז, אַ חוץ אַלעמען, אויך באמ...

אַ גוטמוטיקער מענטש, הגם אויך אויף זיין שטייגער? דאָ איז שוין גאָר פאַר אים קיין פרייז נישטאָ. דער פּאָרוטשיק סמעקאַלאָוו, ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָט טיילמאָל גאַנץ האַרב באַשטראָפט, אָבער ער האָט עס עפּעס אַזוי געקאָנט מאַכן, אַז מ׳איז אויף אים נישט נאָר נישט בייז געווען, נאָר פונקט פאַרקערט, אַזוי, אַז אַפילו איצט, אין מיין צייט, ווען אַלץ איז שוין לאַנג אַריבער, דערמאָנט מען זיינע שטיק באַם שמייסן מיט געלעכטער און הנאה. איבעריקנס, האָט ער געהאַט גאַנץ ווייניק המצאות: ס׳האָט אים געפעלט קינסטלערישע פאַנטאַזיע. באמת געזאָגט, האָט ער פאַרמאָגט בלויז איין איינציק המצאהלע, וואָס איז באַ אים אָנגעגאַנגען כמעט אַ גאַנץ יאָר צייט. נאָר, מעגלעך, אַז אָט דאָס המצאהלע האָט טאַקע אויסגענומען בלויז דערפאַר, ווייל עס איז געווען אַן איין-איינציקס. אַ סך תמימות איז געלעגן דערין. ברענגט מען, אַ שטייגער, אַ באַשולדיקטן אַרעסטאַנט, סמעקאַלאָוו אַליין גייט אַרויס צו דער באַשטראָפונג, גייט אַרויס מיט אַ שמייכעלע, מיט אַ שפּאַסעלע, און טאַקע דאָ אויפן אָרט פרעגט ער עפּעס באַ דעם באַשולדיקטן, פרעגט גאָר זייטיקע זאַכן, אַ שטייגער, וועגן זיינע פערזענלעכע, היימישע, אַרעסטאַנטישע ענינים, און מיינט גאָרנישט דערבאַ און מאַכט נישט קיין שום אָנשטעלעניש, נאָר סתם אַזוי, פשוט — ווייל אים ווילט זיך באמת וויסן וועגן די זאַכן. ברענגט מען די ריטער און פאַר סמעקאַלאָוון אַ שטול; זעצט ער זיך אַנידער, פאַרויכערט אַפילו די לולקע. אַזאַ לאַנגע לולקע האָט ער געהאַט. הייבט אָן בעטן דער אַרעסטאַנט מיט תחנונים... „נו, גענוג, ברודער, לייג זיך אַנידער, וואָס ווערסטו דאָ...“, זאָגט סמעקאַלאָוו; זיפצט אָפּ דער אַרעסטאַנט און לייגט זיך. „נו, מיין ליבער, קענסטו אָט דאָס לידל אויף אויסנווייניק?“ — „פאַרוואָס עפּעס נישט קענען, וואַשע באַלאַגאָראָדיע, מיר זענען געטויפטע, פון קינדוויייז אָן זיך

געלערנט". — „נו, טאָ זאָג!" דער אַרעסטאַנט ווייס שוין, וואָס ער דאַרף זאָגן, און ער ווייס פאָרויס, וואָס עס וועט זיין, אַשטייגער, באַם זאָגן, ווייל דאָס דאָזיקע המצאהלע האָט זיך שוין פריער אַמאָל דרייסיק מיט אַנדערע איבערגעחזרט. און סמעקאַלאָוו אַליין ווייס אויך, אַז דער אַרעסטאַנט ווייס דאָס; ער ווייס אויך, אַז אַפילו די סאָלדאַטן וועלכע שטייען מיט אויפגעהויבענע ריטער איבער דעם ליגנדיקן קרבן, האָבן זיך שוין געזונג אָנגעהערט וועגן דעם דאָזיקן המצאהלע, און פונדעסטוועגן חזרט ער עס איבער ווידעראַמאָל, — אַזוי איז עס אים איינמאָל פאַר אַלעמאָל געפעלן געוואָרן אויף אייביק, מסתמא דערפאַר טאַקע, ווייל ער האָט עס אַליין געשאַפן, צוליב דער ליטעראַרישער אייגנליבע. דער אַרעסטאַנט הייבט אָן צו זאָגן, די מענטשן מיט די ריטער וואַרטן, און סמעקאַלאָוו בייגט זיך אַפילו צו פון זיין אָרט, הייבט אויף די האַנט, הערט אויף צו רויכערן די לולקע, און וואַרט אויפן באַקאַנטן ווערטל. נאָך דער ערשטער שורה פון דעם לידל, קומט לסוף צו דער אַרעסטאַנט צו די ווערטער: „נאַ ניעבעסי" *). מער ווי דאָס באַדאַרף מען טאַקע נישט. „שטיי!" שרייט דער צעהיצטער פאָרוטשיק און תיכף ומיד ווענדט ער זיך מיט אַ באַגייסטערטער באַוועגונג צו דעם מענטשן, וואָס האָט אויפגעהויבן דעם רוט, שרייענדיק: „אַ טי יעמו פאָדנעסי!" **)

און ער צעגיסט זיך פאַר געלעכטער. די זעלנער, וואָס שטייען אַרום, לאַכן אויך: עס לאַכט דער שמייסער און אַפילו דער, וואָס דאַרף געשמיסן ווערן, איז אַ בעלן צו לאַכן, נישט געקוקט דערויף, וואָס די רוט — אויפן באַפעל „דערלאַנג אים", פייפט שוין אין דער לופטן, אַזוי, אַז אָט אין איין אויגנבליק

---

*) אויפן הימל.

**) און דו דערלאַנג אים.

וועט זי, ווי מיט אַ מעסער, אַ שניט טאָן איבער זיין שולדיקן לייב. און סמעקאַלאָוו פרייט זיך, און פרייט זיך טאַקע דערפאַר, וואָס אָט האָט ער גענומען און האָט עס אַזוי גוט צוגעטראַכט — אַ ליין פאַרפאַסט: „נאַ ניעבעסי“ און „פּאָדנעסי“ — און עס קומט טאַקע אַרויס פונקט צום גראַם. און סמעקאַלאָוו גייט אַוועק פון דער באַשטראָפונג זייער אַ צופרידענער, אָבער אויך דער געשמיסענער גייט אַוועק כמעט ווי צופרידן מיט זיך און מיט סמעקאַלאָוון, און אין אַ האָסער האַלבער שעה אַרום דערציילט ער שוין אין טורמע, אַזוי ווי איצט, צום איין און דרייסיקסטן מאָל, ווייל דאָס דאָזיקע המצאהלע איז שוין פריער איבערגעחזרט געוואָרן אַמאָל דרייסיק. „מיט איין וואָרט, אַ האַרציקער מענטש! אַ קאַטאָוועס-טרייבער!“

די זכרונות וועגן דעם גוטן פּאָרוטשיק האָבן טיילמאָל אַפילו גענומען שמעקן מיט עפּעס פון מאַנילאָוון *).

— אַמאָל גייסטו זיך אַזוי, ברידערלעך! — דערציילט עפּעס אַן אַרעסטאַנטל, און זיין גאַנץ פּנים נעמט שמייכלען פון דער ערינערונג, — גייסטו זיך אַזוי, און ער זיצט זיך אונטערן פענסטערל, אין כאַלאַט, טרינקט טיי אין רויכערט דאָס לולקעלע. נעמסטו אַראָפּ דאָס היטל. — וווהין גייסטו, אַקסעניעוו?

— צו דער אַרבעט, מיכאַיל וואַסיליטש, קודם כל דאַרף מען גיין אין וואַרשטאַט. — לאַכט ער זיך... דאָס איז אַ ביסל אַ האַרציקער מענטש! שוין איינמאָל אַ האַרציקער.

— נאָך אַזאַ איינעם וועלן מיר שוין נישט האָבן! — איז צמעץ מוסיף פון די צוהערער.

*) גאָגאָלס אַ העלד.

## III.

### ה מ ש ך *).

איך האָב איצט גערעדט וועגן דער שטראָף און אויך וועגן די יעניקע פאַרשידענע אויספירער פון די דאָזיקע אינטערעסאַנטע פונקציעס, איבערהויפּט דערפאַר, ווייל נאָר דעמאָלט, ווען איך האָב מיך באַזעצט אין שפּיטאָל, האָב איך באַקומען אַ ריכטיקן באַגריף וועגן די אַלע זאַכן. ביז אַהער האָב איך עס געוווּסט בלויז פון הערן. אין אונדזערע צוויי פּאַלאַטעס זענען געבראַכט געוואָרן די אַלע אָנגעקלאָגטע פון אַלע באַטאַליאָנען, אַרעסטאַנטישע אָפּטיילונגען און די איבעריקע מיליטערישע קאָמאַנדעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין אונדזער שטאָט און אין איר גאַנצן געביט, וועלכע זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט ריטער. אין אָט דער ערשטער צייט, ווען איך האָב מיך נאָך צו אַלץ, וואָס אַרום מיר האָט זיך געטון, אַזוי דורשטיק צוגעקוקט, האָבן, נאַטירלעך, די אַלע אויסטערלישע פּאַראָנדקעס מיט די אַלע באַשטראָפטע און מיט די יעניקע, וואָס האָבן זיך געגרייט צו דער שטראָף, געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם. איך בין געווען אויפגערעגט,

*) אַלץ, וואָס איך שרייב דאָ וועגן שטראָף און טויט-שטראָף, איז געוועזן פאַר מיין צייט. איצט, האָב איך געהערט, האָט זיך אַלץ געענדערט און ס'ענדערט זיך ווייטער.

צעמישט און איבערגעשראָקן. איך געדענק, אַז דעמאָלט טאַקע האָב איך פּלוצלינג און אומגעדולדיק אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין די אַלע פּרטים פון די נייע דערשיינונגען, זיך צוגעהערט צו די שמועסן און מעשיות אויף דער דאָזיקער טעמע פון די אַנדערע אַרעסטאַנטן, געשטעלט זיי פראַגן און זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען אַן ענטפער. מיר האָט זיך דרך אַגב געוואָלט דורכאויס וויסן די אַלע מדרגות פון די אורטיילן און ווי אַזוי זיי ווערן אויסגעפירט, מיט אַלע ניואַנסן, און דער קוק אויף דעם אַלעם פון די אַרעסטאַנטן גופא. איך האָב מיך געסטאַרעט פאַרצושטעלן דעם פסיכאָלאָגישן מצב פון די יעניקע, וואָס גייען צו דער טויט־שטראָף. איך האָב שוין געזאָגט, אַז פאַר דער באַשטראָפונג איז זעלטן ווער קאַלטבלוטיק, נישט אויסשליסנדיק אַפילו אויך די יעניקע, וואָס זענען שוין פריער פיל מאָל און עפטער געשלאָגן געוואָרן. דער פאַרמשפּטער פאַלט דאָ בכלל אַריין אין עפּעס אַ מין שאַרפן, אָבער ריין פיזישן פחד, אַן אומגעזונדיקער און אַן אומפאַרמיידלעכער, וואָס דערשטיקט אונטער זיך דעם גאַנצן מאָראַלישן מהות פונם מענטש. איך האָב אויך דערנאָך, אין די גאַנצע עטלעכע יאָר פונם טורמע־לעבן, זיך נישט־ווילנדיק צוגעקוקט צו יענע פון די פאַרמשפּטע, וואָס זענען געלעגן אין שפּיטאָל נאָך דער ערשטער העלפט פון דער שטראָף, און נאָכדעם, אַז זיי האָבן אַ ביסל פאַרהיילט זייער פּלייצע, האָבן זיי זיך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, צו באַקומען טאַקע גלייך אויף צומאָרגנס די איבעריקע העלפט שטעקנס, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן לויטן אורטייל. דאָס צעטיילן די שטראָף אויף צוויי חלקים געשעט שטענדיק לויטן איינזען פון דאָקטאָר, וואָס געפינט זיך ביי דער שטראָף. אויב די באַשטימטע צאָל קלעפּ איז לויטן פאַרברעכן אַ גרויסע, אַזוי, אַז דער אַרעסטאַנט וועט עס מיטאַמאָל נישט אויסהאַלטן, טיילט מען אים איין די דאָזיקע

צאָל אויף צוויי, אָדער אַפילו אויף דריי חלקים, שטיצנדיק זיך
דערויף, וואָס דער דאָקטאָר זאָגט ביי דער עקזעקוציע גופא,
דאָס הייסט צי דער באַשטראָפטער איז בכוח ווייטער צו גיין
דורך דעם שטראָף־פּראָנט אָדער דאָס וועט זיין פאַרבונדן מיט
אַ סכנה פאַר זיין לעבן. אַ פינף הונדערט, טויזנט, און אַפילו
אַנדערהאַלבן טויזנט באַקומט מען על־פי־רוב מיטאַמאָל, נאָר
אויב דער אורטייל באַשטייט פון צוויי און דריי טויזנט, טיילט
מען די דאָזיקע צאָל ביי דער עקזעקוציע אויף צוויי מאָל און
אַפילו אויף דריי מאָל. די יעניקע, וואָס האָבן פאַרהיילט די
פּלייצע נאָך דער ערשטער העלפט און זענען אַרויס פון שפּיטאָל,
צו באַקומען די צווייטע העלפט, זענען אין יענעם טאָג, און
אַפילו מיט אַ טאָג פריער, געווען שטאַרק פאַרמרה־שחורהט, בייז־
פאַרקומערט, נישט ריידעוודיק. מען האָט געקענט באַמערקן אין
זיי אַ געוויסע טעמפּיקייט פון שכל, עפּעס אַן אומנאַטירלעכע צע־
זייטקייט. אַזאַ מענטש לאָזט זיך נישט אַריין אין אַ שמועס און
שווייגט בעסער מער. אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז דאָס, וואָס
מיט אַזאַ איינעם רעדן אויך קיינמאָל נישט די אַרעסטאַנטן אַליין
און זיי באַמיען זיך נישט צו פאַרפירן אַ שמועס וועגן דעם,
וואָס עס וואַרט אויף אים. קיין שום איבעריק וואָרט, קיין שום
טרייסטונג; זיי סטאַרען זיך אַפילו בכלל ווייניק אויפמערקזאַמ־
קייט צו לייגן אויף אַזאַ איינעם. פאַרן פאַרמשפטן איז עס,
נאַטירלעך, בעסער. אַמאָל טרעפט אַן אויכנאַם־פאַל אויך, ווי אַט,
אַשטייגער, מיט אָרלאָוון, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערציילט.
נאָך דער ערשטער העלפט פון דער שטראָף האָט ער זיך בלויז
געערגערט דערפון, וואָס זיין פּלייצע ווערט לאַנג נישט פאַר־
היילט און וואָס ער קען זיך שנעלער נישט אויסשרייבן, צו באַ־
קומען באַלד די איבעריקע קלעפּ, כדי אַוועקצוגיין נאָכדעם מיט
דער פּאַרטיע אין זיין פאַרשיקונגס־פּונקט און מאַכן פּליטה.

אין וועג. די קראַנקע פלייצע האָט אָבער פאַרשלעפּט די אונטער־
נעמונג און גאָט ווייסט, וואָס ער האָט געהאַט אויפן געדאַנק.
דאָס איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכע נאַטור, פול לעבן. ער איז
געווען זייער צופרידן, אין אַ שטאַרקן אויפגערעגטן צושטאַנד,
הגם ער האָט אויך פאַרשטיקט אין זיך זיינע געפילן. די מעשה
איז דאָס, וואָס ער האָט נאָך פאַר דער ערשטער העלפט פון
דער שטראָף געטראַכט, אַז מען וועט אים נישט אַרויסלאָזן פון
אונטער די שטעקנס און ער וועט מוזן שטאַרבן. נאָך דעמאָלט,
ווען ער איז געזעסן פאַרן אורטייל, זענען צו אים שוין דערגאַנ־
גען פאַרשידענע קלאַנגען וועגן די מיסלען, וואָס די נאַטשאַלסט־
ווע האָט אָנגענומען קעגן אים. און נאָך דעמאָלט האָט ער זיך
שוין געגרייט צום טויט. אָבער, אויסגעהאַלטן די ערשטע העלפט,
איז ער אויפגעמונטערט געוואָרן, אין שפּיטאָל איז ער געקומען
צעממיטעט אויף טויט; איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעל־
כע וווּנדן. אָבער ער איז געקומען מיט שמחה אין האַרצן און
מיט האָפענונג, אַז ער וועט בלייבן לעבן, אַז די קלאַנגען זענען
געווען פאַלשע, אַז אָט האָט מען אים איצט אַרויסגעלאָזן פון
אונטער די שטעקנס, אַזוי, אַז איצט, נאָכדעם ווי מען האָט אים
לאַנג געהאַלטן אין רשות פון געריכט, האָט זיך אים שוין אָנגעהויבן
צו חלומען דער וועג, דאָס אַנטלויפן, די פרייהייט, די פעלדער און
וועלדער... אין צוויי טעג אַרום, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אויס־
געשריבן פון שפּיטאָל, איז ער געשטאָרבן אינם זעלבן שפּיטאָל,
אויפן פריערדיקן בעטל: ער האָט נישט אויסגעהאַלטן די צווייטע
העלפט, אָבער וועגן דעם האָב איך שוין דערמאָנט.

און דאָך האָבן די אייגענע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן
פאַרבראַכט אַזעלכע שווערע טעג און נעכט פאַר דער באַשטראָ־
פונג, מוטיק אויסגעהאַלטן די שטראָף, נישט אויסשליסנדיק אַפילו
די סאַמע פחדנים. איך האָב זעלטן געהערט קרעכצן אַפילו אין

דער ערשטער נאַכט נאָך זייער אָנקומען, אַפילו פון זייער שטאַרק צעממיתטע מענטשן; דער־עולם קען בכלל איבערטראָגן אַ ווייטאג. וועגן דעם ווייטאָג האָב איך פיל נאָכגעפרעגט. טיילמאָל האָב איך געוואָלט געננוי דערגיין, ווי גרויס איז דער ווייטאג און מיט וואָס קען מען אים סוף־כל־סוף פאַרגלייכן? כלעבן, איך ווייס נישט, צו וואָס האָב איך מיך אַזוי באַמיט וועגן דעם. איין זאַך געדענק איך בלויז, אַז נישט פון פוסטער נייגעריקייט. איך זאָג נאָכאַמאָל, אַז איך בין געווען אויפגערעגט און צעטרייסלט. אָבער ביי וועמען איך האָב מיך נישט געפרעגט, האָב איך אַלץ נישט געקאָנט באַקומען אַזאַ ענטפער, וואָס זאָל מיך באַפרידיקן. ס׳ברית, ס׳ברענט, ווי מיט פייער, — אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט דערגיין, און דאָס איז געווען דער איינציקער ענטפער, וואָס אַלע האָבן געגעבן. עס ברית, און גענוג. אין אָט דער ערשטער צייט, ווען איך האָב מיך דערנענט מיט מ., האָב איך אויך אים אויסגעפרעגט. „ס׳טוט זייער וויי, — האָט ער געענטפערט, די שפּירונג, — ס׳ברית, ווי מיט פייער. פונקט ווי די פלייצע וואָלט זיך געבראָטן אויפן שטאַרקסטן פלאַם“. מיט איין וואָרט, אַלע האָבן געזאָגט איין זאַך. איך געדענק, איבעריקנס, אַז איך בין נאָך דאַמאָלט געקומען צו אַן אויסטערלישער מיינונג, וואָס פאַר איר ריכטיקייט וועל איך מיך נישט שטעלן; אָבער די אַלגעמיינע מיינונג פון די אַרעסטאַנטן גופא האַלט זי שטאַרק אונטער: אויב די ריטער ווערן געגעבן אין אַ גרויסער צאָל, איז עס די סאַמע שווערסטע שטראָף פון די אַלע, וואָס ווערן ביי אונדז פּראַקטיצירט. פון ערשטן בליק וואָלט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז נאַריש און אוממעגלעך. דאָך אָבער קען מען מיט פינף הונדערט, אַפילו מיט פיר הונדערט ריטער פאַרשמייסן אַ מענטשן צום טויט, און העכער פון פינף הונדערט כמעט אויף זיכער. טויזנט ריטער מיטאַמאָל וועט נישט אויסהאַלטן אַפילו דער סאַמע

שטאַרקסטער מענטש. אַ פינף הונדערט שטעקנס אָבער קען מען דאָך אויסהאַלטן אָן דער מינדסטער סכנה פאַרן לעבן. אַ טויזנט שטעקנס וועט קענען אויסהאַלטן אפילו נישט קיין שטאַרקער מענטש, אָן שום געפאַר פאַרן לעבן. אַפילו מיט צוויי טויזנט שטעקנס קען מען נישט דערהרגענען אַ מענטשן פון מיטעלן כוח און געזונט. אַלע אַרעסטאַנטן האָבן געזאָגט, אַז די ריטער זענען ערגער פון שטעקנס. „ריטער זעצן זיך בעסער, — האָבן זיי געזאָגט, — זענען די יסורים גרעסער“. געוויס, ריטער זענען פיינלעכער פון שטעקנס. זיי צערייצן שטאַרקער, ווירקן שטאַרקער אויף די נערוון, רעגן זיי אויף איבער דער מאָס, צעטרייסלען אומגעהויער. איך ווייס נישט, ווי איצט, נאָר אין דעם נישט לאַנגאָנעדיקן אַמאָל זענען געווען דזשענטללייט, וואָס די מעגלעכקייט אָפּצושמייסן זייער קרבן האָט זיי פאַרשאַפט עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט דערמאַנט אין דעם מאַרקיז דע-סאַד און ברענווילע. איך מיין, אַז אין דערדאָזיקער שפּירונג איז פאַראַן עטוואָס אַזוינס, פון וואָס ביי די דאָזיקע דזשענטללייט שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ, זיס און פיינלעך צוזאַמען. פאַראַן מענטשן, וואָס לעכצן, ווי טיגערס, צו לעקן בלוט. ווער עס האָט איינמאָל אויסגעפּרוּווט אָט די מאַכט, אָט די אומענדלעכע ממשלה איבערן קערפּער, בלוט און גייסט, טאַקע אויך פון אַזאַ מענטשן, ווי ער אַליין, אויך פון אַזאַ באַשאַפענעם בשר ודם, פון אַ ברודער, לויט קריסטוסעס געזעץ; ווער עס האָט אויסגעפּרוּווט די מאַכט און די פולע מעגלעכקייט צו דערנידעריקן מיט דער סאַמע העכסטער דערנידערונג אַ צווייט וועזן, וואָס טראָגט אויף זיך דעם צלם אלהים, — יענער ווערט שוין עפּעס גאָר נישטווילנדיק אָנמעכטיק אין זיינע שפּירונגען. טיראַנעריי איז אַ געוועוהנהייט; זי האָט די אייגנשאַפט זיך צו אַנטוויקלען און זי אַנטוויקלט זיך, סוף-כל-סוף, אין אַ קראַנקהייט. איך האַלט, אַז דער סאַמע

בעססער מענטש קען דורך אַ דער געוועזנהייט פאַרגרעבט און פאַרטעמפּט ווערן ביז צו דער מדרגה פון אַ חיה. בלוט און מאַכט פאַרשיכּורן: עס אַנטוויקלט זיך פאַרגרעבטקייט, זנות; זיי באַקומען אַ שליטה איבערן שכל און געפיל און צעלעצט ווערן זיס די אומנאָרמאַלסטע זאַכן, מענטש און בירגער ווערן אויף אייביק פאַרלוירן אינם טיראַן, און דער צוריקקער צו מענטשלעכער ווירדע, צו חרטה, צו אויפלעבונג ווערט פאַר אים שוין כּמעט אוממעגלעך. דער ביישפּיל, די מעגלעכקייט פון אַזאַ מין אומבאַשרענקטער מאַכט ווירקט דערצו טאַקע אויך אָנשטעקנדיק אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט: אַזאַ מאַכט איז פאַרפירעריש. די געזעלשאַפט, וואָס קוקט גלייכגילטיק אויף אַזאַ דערשיינונג, איז שוין אַליין אויך אָנגעשטעקט אין איר יסוד. מיט איין וואָרט, דאָס רעכט פון לייבשטראָף, וואָס ווערט געגעבן איינעם איבער די אַנדערע, איז איינע פון די מכּות פון דער געזעלשאַפט, איינס פון די סאַמע שטאַרקסטע מיטלען צו פאַרניכטן אין איר יעדעס שפּראָצל, יעדן פּרווו פון בירגערלעכקייט און דער גרונט צו איר אומבאַדינקטער און נישט אָפּגעווענדטער צופאַלונג.

מיט אַ תּלין מיאוסט מען זיך אין דער געזעלשאַפט, אָבער מיט אַ תּלין אַ דזשענטלמען מיאוסט מען זיך שוין גאָרנישט. ערשט נישט לאַנג איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ מיינונג קעגן דעם, אָבער אַרויסגעזאָגט געוואָרן איז זי בלויז אין די ביכער, אַבסטראַקט. אַפילו די יעניקע, וואָס זאָגן אַרויס אַזאַ מיינונג, האָבן נאָך נישט אַלע באַוויזן אויסצולעשן אין זיך די דאָזיקע באַדערפעניש צו געוועלטיקן. אַפילו יעדער פאַבריקאַנט, יעדער אַנטרעפּרעניאָר דאַרף אומבאַדינגט פילן עפּעס אַ מין אויפרעגנדיקן תּענוג פון דעם, וואָס זיין אַרבעטער איז טיילמאָל אינגאַנצן, מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, אָפּהענגיק בלויז פון אים. דאָס איז

באַשטימט אַזוי; נישט אַזוי שנעל וועט זיך דער דור אָפּרייסן פון דעם, וואָס עס זיצט אין אים בירושה; נישט אַזוי שנעל זאָגט זיך דער מענטש אָפּ פון דעם, וואָס איז אַריין אין זיין בלוט, וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, מיט דער מוטערס מילך. אַזוינע פריצייטיקע איבערקערענישן קומען נישט פּאָר. אנערקענען די שולד פון דעם משפּחה־פעלער איז נאָך ווייניק, זייער ווייניק; מ׳דאַרף זיך אינגאַנצן פון אים אָפּ־געוויינען. און דאָס מאַכט זיך נישט אַזוי שנעל.

איך האָב אָנגעהויבן ריידן וועגן תּלין. דאָס שפּראָצל פון אַ תּלין געפינט זיך כמעט אין יעדן מאָדערנעם מענטש. אָבער נישט גלייך אַנטוויקלען זיך די חיהשע אייגנשאַפטן פונם מענטש. אויב אָבער זיי שטייגן איבער אין זייער אַנטוויקלונג די אַלע אנדערע אייגנשאַפטן פון אַ מענטש, ווערט ער, אַזאַ מענטש, נאַ־טירלעך, ווילד־שרעקלעך און עקלהאַפט. פאַראַן צווייערליי מינים תּלינים: מאַנכע זענען פריייוויליקע, אַנדערע געצוווּנגענע, מחויבדיקע. אַ פרייוויליקער תּלין איז, פאַרשטייט זיך, אין אַלע הינזיכטן נידעריקער פונם געצוואונגענעם, מיט וועלכן דאָס פאָלק מיאוסט זיך אַזוי, מיאוסט זיך ביז גרויל, ביז עקל, ביז אומ־פאַרשטענדלעכן, כמעט מיסטישן, פחד. פונוואַנען נעמט זיך אָבער דער כמעט אבערגלויבישער פּחד פאַר איין תּלין און אַזאַ מין גלייכגילטיקייט, כמעט ווי אַ מין הסכמה, פאַר אַ צווייטן תּלין? פאַראַן ביישפּילן העכסט משונהדיקע: איך האָב געקאָנט מענטשן אַפילו גוטע, אַפילו ערלעכע, אַפילו חשובע אין דער געזעלשאַפט, און דאָך האָבן זיי, אַשטייגער, נישט געקאָנט קאַלטבלוטיק פאַר־טראָגן, ווען דער באַשטראָפטער האָט נישט געשריען אונטער די ריטער, נישט געזאָגט עפּעס אַ תּפילה און נישט געבעטן, מען זאָל זיך דערבאַרמען איבער אים. די באַשטראָפטע מוזן דורכאויס שרייען און בעטן מיט תּחנונים, מען זאָל זיך דערבאַרמען איבער

זיי. דאָס איז שוין אַזאַ מנהג. דאָס ווערט געהאַלטן סיי אַלס אנשטענדיקייט און סיי אַלס נויטווענדיקייט, און ווען דער קרבן האָט איינמאָל נישט געוואָלט שרייען, האָט דער עקזעקוטאָר, וועלכן איך האָב געקאָנט און וועלכער האָט זיך אין אַנדערע הינזיכטן געקאָנט רעכענען פאַר אַ מענטשן, און מעגלעך אויך פאַר אַ גוטן מענטשן,—פערזענלעך זיך אַפילו באַליידיקט ביי דעם דאָזיקן פאַל. לחתחילה האָט ער געוואָלט באַשטראָפן לייכט, אָבער אַז ער האָט נישט געהערט די געוויינלעכע „וואַשע בלאַגאָראָדיע, טאַטע געטרייער, האָט רחמנות, לאָזט אייביק גאָט בעטן פאַר אייך". און אַז. וו., — איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויס גרימצאָרן און האָט געגעבן אַ פופציק ריטער איבעריקע, וועלנדיק אַרויס־באַקומען אי דעם געשריי אי די תּחנונים — און האָט אַרויס־באַקומען. „מ'קען נישט, עס איז אַ גראָבקייט," — האָט ער מיר געענטפערט זייער ערנסט. וואָס איז שייך דעם אמתן תּלין, דעם געצוווּנגענעם, דעם מחיובדיקן, איז באַוווּסט: דאָס איז אַן אַרעסטאַנט, וואָס איז געמשפּט און פאַרמשפּט געוואָרן פאַרשיקט צו ווערן, אָבער ער איז פאַרבליבן פאַר אַ תּלין; לכתחילה איז ער אָנגעקומען אויף דער לערע צו אַ צווייטן תּלין, און נאָכדעם, אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט ביי יענעם, פאַרבלייבט ער אויף שטענדיק אין טורמע, ווו ער האַלט זיך אויך אויף באַזונדער, אין אַ באַזונדער צימער, אַפילו מיט אַן אייגענער באַלעבאַטישקייט, אָבער כמעט שטענדיק אונטער אַ וואַך. אַ לעבעדיקער מענטש איז, נאַטירלעך, נישט קיין מאַשין; דער תּלין שלאָגט אַפילו לויט זיין פליכט, אָבער אַמאָל פאַלט ער אויך אַריין אין אַזאַרט, און כאָטש ער שלאָגט נישט אָן אַ תּענוג פאַר זיך, דערפאַר אָבער האָט ער כמעט קיינמאָל נישט קיין פערזענלעכע שׂנאה צו זיין קרבן. די געשיקטקייט פון קלאַפּ, דאָס קענען זיין פאַך, דער ווילן זיך אַרויסצעווייזן פאַר זיינע חברים און פאַרן פּוב־

ליקום, רייצן זיין אייגנליבע. ער באַמיט זיך פאַר דער קונסט. אַ חוצדעם, ווייסט ער גוט, אַז ער איז פון אַלעמען פאַר־שטויסן, אַז אַן אבערגלויבערישער פחד באַגעגנט און באַגלייט אים אומעטום, און מ׳קען נישט ערוב זיין, אַז דאָס זאָל נישט האָבן אויף אים קיין ווירקונג, זאָל נישט פאַרגרעסערן אין אים זיין ווילדן גרימצאָרן, זיינע חיהשע נייגונגען. אַפילו קינדער ווייסן, אַז ער „זאָגט זיך אָפּ פון פאָטער און מוטער". אַ מאָדנע זאַך, וויפל מיר איז נישט אויסגעקומען צו זען תלינים, זענען זיי אַלע געווען אַנטוויקלטע מענטשן, מיט טאַלק, מיט שכל און מיט אומגעוויינלעכער אייגנליבע, אַפילו מיט שטאָלץ. צי האָט זיך אַנטוויקלט אין זיי דערדאָזיקער שטאָלץ אַלס ווידערשטאַנד קעגן דער אַלגעמיינער פאַראַכטונג צו זיי; צי האָט ער זיך געשטאַרקט מיטן בעוווסטזיין פון דעם פחד, וועלכן זיי האָבן גורם געווען זייער קרבן און מיטן געפיל, אַז זיי הערשן איבער אים — דאָס ווייס איך נישט. עס קען זיין, אַז אַפילו די פייערלעכקייט און די טעאַטראַלישקייט, מיט וועלכע זיי ווייזן זיך פאַרן פובליקום אויפן עשאַפאָט, העלפן מיט, אַז אין זיי זאָל זיך אַנטוויקלען אַ געוויסע גאוה. אַ גע־וויסע שטיק צייט איז מיר איינמאָל, געדענק איך, אויסגע־קומען זיך עפטער צו באַגעגענען און נאָנט צו באַאָבאַכטן אַ תלין. דאָס איז געווען אַ חברה־מאַן פון מיטלער וווקס, מיט שטאַרקע מוסקולן, אַ מאָגערער, פון אַ יאָר פערציק, מיט אַ גאַנץ אנגענעם און קלוג געזיכט און מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ. ער איז שטענדיק געווען אומגעוויינלעך ערנסט, רויק; אויסער־לעך האָט ער זיך געהאַלטן מעשה דזשענטלמען, שטענדיק גע־ענטפערט קורץ, באַדאַכט און אַפילו העפלעך, נאָר עפעס גאוהדיק־העפלעך, ווי ער וואָלט זיך מיט עפעס איבערגענומען פאַר מיר. די וואַך־אָפיצירן האָבן טיילמאָל געכאַפּט אַ שמועס

מיט אים אין מיין געגנוואַרט, און, כלעבן, ס'האָט זיך גע־
שפּירט אַ געוויסע אַכטונג אין זייער באַציִונג צו אים. ער האָט
עס אנערקענט און פאַרן נאַטשאַלניק האָט ער אומישנע גע־
טאָפּלט זיין העפלעכקייט, טרוקנקייט און דעם אויסדרוק פון
זעלבסטווירדע. וואָס העפלעכער עס האָט מיט אים גערעט דער
נאַטשאַלניק, אַלץ שטאַרקער איז געווען זיין מינע פון נישט
נאָכגיביקייט, הגם בעת מעשה איז ער בשום אופן נישט אַרויס
פון דער ראַפינירטסטער העפלעכקייט, אָבער איך בין זיכער,
אַז אין דער מינוט האָט ער זיך געהאַלטן נישט אין אַן ערך
העכער פונם נאַטשאַלניק, וואָס האָט גערעט מיט אים. אויף זיין
פּנים איז דאָס געווען אָנגעשריבן. אַמאָל האָט געטראָפן, אַז
מען פלעגט אים שיקן אונטער אַ וואַך, אין זייער אַ הייסן
זומערדיקן טאָג אויסצוהרגענען די שטאָטישע הינט, מיט אַ
לאַנגן דינעם דראָנג. אין שטאָט זענען געווען זייער פיל הינט,
וואָס האָבן לגמרי צו קיינעם נישט געהערט און וואָס האָבן
זיך געמערט מיט אַ אומגעווייִנלעכער שנעלקייט. אין דער וואַ־
קאַציע-צייט זענען זיי געוואָרן געפערלעך, האָט די נאַטשאַל־
סטווע פאַראָרדנט, דער תּלין זאָל זיי אויסראָטן. אָבער אַפילו
אָט דער חרפּהדיקער אַמט האָט אים, אַפּנים, גאָרנישט מבזה
געווען. מ'האָט באַדאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַ חשיבות ער
איז אַרומגעגאַנגען איבער די שטאָטישע גאַסן, אין דער באַ־
גלייטונג פונם מידן וואַכסאָלדאַט, שרעקנדיק שוין מיט זיין
בלויזן אויסזען די אָנבאַגעגנטע ווייבער און קינדער, ווי רויק
און אַפילו שטאָלץ ער האָט געקוקט אויף די אַלע אָנבאַגעגנטע
מענטשן. איבעריקנס, די תּלינים לעבט זיך זייער באַקוועם.
זיי האָבן געלט, עסן זייער גוט, טרינקען בראָנפן. געלט מאַכן
זיי פון כאַבאַר. דער ציווילער אָנגעקלאָגטער, וואָס דאָס גע־
ריכט האָט אים צוגעפּסקנט לייבשטראָף, וועט קודם כאָטש מיט

וואָס עס איז, כאָטש פאַרן לעצטן גראָשן, מהנה זיין דעם תּלין. אָבער פון די אַנדערע, פון די רייכע, נעמען זיי אַליין, באַשטימענדיק זיי אַ סומע לויט די מעגלעכע מיטלען פונם אַרעסטאַנט; זיי נעמען אַפילו צו דרייסיק רובל, און טיילמאָל אַפילו אויך מער. מיט זייער רייכע דינגען זיי זיך אַפילו זייער שטאַרק. גאָר שוואַך באַשטראָפן קען, פאַרשטייט זיך, דער תּלין נישט; ער איז פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר מיט זיין פליי־צע. פאַר אַ געוויסן כאַבאַר אָבער איז ער מבטיח דעם קרבן, אַז ער וועט אים נישט מאַכן קיין גרויסע יסורים באַם שלאָגן. כמעט שטענדיק נעמט מען אָן זיין פאָרשלאַג; אויב אָבער נישט, באַשטראָפט ער באמת מיט גרויס אַכזריות, און ער איז עס בכוח אויסצופירן. עס טרעפט אויך, אַז ער לעגט אַרויף אַ היבשע סומע אַפילו אויף אַ גרויסן קבצן אַן אַרעס־טאַנט; קומען די קרובים, דינגען זיך, שווערן זיך, און אָפּגע־היט זאָל מען ווערן, אויב מען באַפרידיקט אים נישט. אין אַזעלכע פאַלן העלפט אים אַ סך דער אַבערגלויבישער פּחד, וואָס ער איז גורם די מענטשן. וואָס פאַר אַ חדושים ווערן נישט דערציילט וועגן תּלינים! איבעריקנס, די אַרעסטאַנטן אַליין האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז אַ תּלין קאָן דערהרגענען מיט איין קלאַפּ. אָבער, ראשית, ווען איז דאָס געמאַכט געוואָרן אַזאַ מין פּראָבע? און, איבעריקנס, קאָן עס טאַקע זיין. וועגן דעם האָט מען גערעט צו זיכער. אָבער דער תּלין אַליין האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער קען דאָס מאַכן. מ'האָט אויך געשמועסט, אַז ער קאָן דערלאַנגען מיטן גאַנצן אימפּעט איבער דער פּלייצע פון פאַרברעכער, אָבער אַזוי, אַז נאָכן קלאַפּ וועט זיך אַפילו דער קלענסטער שניט נישט באַווייזן, און דער פאַרברעכער וועט נישט דערשפּירן דעם מינדסטן ווייטאָק. איבעריקנס, וועגן די אַלע קונצן און ראַפינירטע זאַכן זענען שוין באַוווסט צו

פל מעשיות. נאָר אויב אַפילו דער תּלין וועט אויך נעמען כּאַ־
באַר, צו באַשטראָפן לייכט, איז פונדעסטוועגן וועט ער געבן
דעם ערשטן קלאַפּ מיטן גאַנצן אימפּעט און מיטן גאַנצן כּוח.
דאָס איז שוין געוואָרן ביי זיי אַפילו אַ מנהג. די ווייטערדיקע
קלעפּ גיט ער שוין שוואַכערע, באַזונדערס אויב מהאָט אים
פריער באַצאָלט. אָבער דער ערשטער קלאַפּ, צי מהאָט אים
באַצאָלט, צי נישט, — איז זיינער. איך ווייס נישט, כלעבן, צו
וואָס ווערט עס אַזוי געטון ביי זיי? צי דערפאַר אפשר, אַז מען
זאָל מיטאַמאָל צוגעוויינען דעם קרבן צו די ווייטערדיקע קלעפּ,
רעכנענדיק, אַז נאָך אַ זייער שווערן קלאַפּ, וועלן שוין נישט
אַזוי פיינלעך אויסווייזן די לייכטערע, אָדער דאָ איז פּשוט אַ
פאַרלאַנג אַ שפּיל צו טון מיטן קרבן, צוגעבן אים פּחד, פאַר־
שעמען אים באַם ערשטן מאָל, אַז ער זאָל פאַרשטיין מיט וועמ־
מען ער האָט דאָ צוטון, מיט איין וואָרט, באַווייזן וואָס ער
קען. אַלעפאַלס, באַ דער התחלה פון דער עקזעקוציע פילט זיך
דער תּלין שטאַרק אויפגערעגט; ער פילט זיין כּוח און ער האַלט
זיך פאַר אַ מושל. אין דער מינוט איז ער אַן אַקטיאָר; דער
עולם חדושט זיך מיט אים און שרעקט זיך פאַר אים און נישט
אָן הנאה שרייט ער, נאַטירלעך, צו זיין קרבן, פאַר דעם ערשטן
קלאַפּ: „האַלט זיך, איך וועל אָפּבריען"! — די געוויינלעכע און
פאַטאַלע ווערטער אין דעם פאַל. שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי
ווייט מען קען צעקרימען די מענטשלעכע נאַטור.

אין אָט דער ערשטער צייט, אין שפּיטאָל, האָב איך מיך
אָנגעהערט די אַלע אַרעסטאַנטישע מעשיות. סאיז אונדז אַלעמען
געווען שרעקלעך לאַנגווייליק צו ליגן. יעדער טאָג איז אַזוי
ענלעך איינער צום צווייטן! אינדערפרי האָט אונדז נאָך גע־
ווײַלט דער באַזוך פון די דאָקטוירים, און דערנאָך באַלד נאָך
זיי איז געווען דער מיטאָג. דאָס עסן, פאַרשטייט זיך, באַ אַזאַ

מאָגאָטאָנישקייט, איז דאָך געווען אַ היבשע אָנגענעמע פאַרלייכטערונג. פּאָרציעס זײַנען געווען פאַרשיידענע לויט די קראַנקהייטן פון די חולאים. אייניקע האָבן באַקומען בלויז אַ זופּ מיט עפּעס אַזאַ גרויפּן; די אַנדערע בלויז קאַשע; די דריטע בלויז מאַנעקאַשע, אויף וועלכער עס זענען געווען זייער פיל בעלנים. פון ליגן לאַנג האָבן זיך די אַרעסטאַנטן צעפּיעשטשעט און האָבן ליב געהאַט אַ נאַש צו טון. די געזונטגעוואָרענע און די כמעט געזונטע האָט מען געגעבן אַ שטיקל געבראָטן רינד־פלייש (פון אַן אָקס), ווי מהאָט באַ אונדז געזאָגט. די בעסטע פּאָרציע איז געווען די סקאָרבוט־פּאָרציע – רינד־פלייש מיט ציבעלע, מיט כריין און מיטן איבעריקן, און אַמאָל אויך מיט אַ ביסל בראָנפן. דאָס ברויט איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן לויט די מחלות, שוואַרץ אָדער האַלב־ווייס, זייער גוט אויסגעבאַקן. דידאָזיקע אָפּיציעלישקייט און זעלטענע גענויקייט, מיט וועלכע ס׳זענען באַשטימט געוואָרן די פּאָרציעס, האָבן בלויז פאַרשאַפט חוזק די חולאים. ס׳פאַרשטייט זיך, באַ מאַנכע קראַנקהייטן האָט דער מענטש אַליין אויך גאָרנישט געגעסן. דערפאַר אָבער האָבן יענע חולאים, וועלכע האָבן געהאַט אַן אַפּעטיט, געגעסן, וואָס זיי האָבן געוואָלט. מאַנכע האָבן זיך געטוישט מיט די פּאָרציעס, אַזוי, אַז אַ פּאָרציע, וואָס האָט זיך געפּאַסט צו איין קראַנקהייט, איז איבערגעגאַנגען צו גאָר אַן אַנדערער. די יעניקע, וואָס זײַנען געלעגן אויף אַ שוואַכער פּאָרציע, האָבן איינגעהאַנדלט דאָס רינד־פלייש און די סקאָרבוט־פּאָרציעס, האָבן געטרונקען קוואַס און שפּיטאָל־ביר. זיי האָבן עס געקויפט באַ יענע, וואָס פאַר זיי איז עס באַשטימט געוואָרן. אייניקע האָבן אַריינגעפּאַקט אַפילו צו צוויי פּאָרציעס. דידאָזיקע פּאָרציעס האָט מען פאַרקויפט און איבערפאַרקויפט פאַר געלט. אַ רינד־פלייש־פּאָרציע האָט זיך געשאַצט גענוג הויך, זי האָט געקאָסט

גאַנצע פינף קאָפּיקעס. אויב אין אונדזער פּאַלאַטע איז נישט געווען באַ וועמען צו קויפן, האָט מען געשיקט דעם וועכטער אין דער אַרעסטאַנטישער פּאַלאַטע, און אויב דאָרט איז נישט געווען צו קויפן, האָט מען געשיקט אין די זעלנערישע פּאַלאַ-טעס, אין די „פּרייע", ווי מהאָט ביי אונדז געזאָגט. שטענדיק האָבן זיך געפונען בעלנים צו פאַרקויפן. זיי זענען געבליבן באַם בלויזן ברויט, דערפאַר אָבער האָבן זיי צונויפגעקלאַפּט אַ מטבע. אַלע זענען, פאַרשטייט זיך, געווען אָרעם, אָבער די יעניקע, וועלכע האָבן יאָ געהאַט געלט, האָבן געשיקט אַפילו אין מאַרק אַריין נאָך אַ קוילעטש, אַפילו נאָך נאַשע-רייען און אַז. וו. אונזערע וועכטער האָבן אויסגעפירט די דאָזיקע אַלע שליחותן אָן שום אייגננוץ פאַר זיך. נאָכן מיטאָג איז אָנגעקומען די לאַנגווייליקסטע צייט: ווער ס'האָט געשלאָפן פון נישט האָבן וואָס צו טון, ווער ס'האָט סתם געפלוידערט, ווער סהאָט זיך אַרומגעקריגט, ווער ס'האָט עפעס דערציילט. אויב מ'האָט נישט געבראַכט קיין נייע קראַנקע, איז געווען נאָך לאַנגווייליקער. אַז ס'איז געקומען אַ נייער, האָט ער כמעט שטענדיק געמאַכט עפעס אַן איינדרוק, באַזונדערס, ווען ער איז קיינעם נישט געווען באַקאַנט. האָט מען אים באַקוקט און מען האָט זיך באַמיט געוווּיר צו ווערן, וואָס איז ער און וויאַזוי, פונוואַנען און פאַרוואָס פאַר אַ חטאים. באַזונדערס האָט מען זיך פאַראינטערעסירט אין דעם פאַל מיט די עטאַפּ-אַרעסטאַנטן. דידאָזיקע האָבן שטענדיק געהאַט עפעס צו פאַרציילן, איבע-ריקנס, נישט וועגן זייערע אינטימע ענינים; וועגן דעם, אויב דער מענטש אַליין האָט נישט אָנגעהויבן צו ריידן, האָט מען קיינמאָל נישט געפרעגט, נאָר אַזוי: פונוואַנען גייט מען? מיט וועמען? וויאַזוי איז דער וועג? ווּהין וועט מען

גיין? און אַז. וו. די אַנדערע, וואָס האָבן דאָ דערהערט אַ נייע
מעשה, האָבן זיך, זיי פאַרבייגייענדיק, דערמאַנט פון די
אייגענע איבערלעבונגען: פון פאַרשיידענע עטאַפּן, פּאַרטיעס,
עקזעקוטאָרן, פּאַרטיע־נאַטשאַלניקעס. צו אָוונט־צו, אין דער איי־
גענער צייט, האָבן זיך אויך באַוויזן, די מיט ריטער באַשטראָפטע.
זיי האָבן שטענדיק געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, ווי עס איז
שוין, איבעריקנס, אויך דאָ דערמאַנט געוואָרן. אָבער נישט יעדן
טאָג האָט מען זיי געבראַכט, און אין דעם טאָג, ווען זיי זענען
נישט געווען, איז עפּעס געוואָרן ביי אונדז אַזוי פוילישלעפעריק,
פּונקט ווי אָט די אַלע פנימער האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע
שרעקלעך דערעסן. מען האָט אָנגעהויבן אַפילו זיך אַרומצורייסן.
באַ אונדז האָט מען זיך אַפילו געפרייט מיט אַ משוגענעם,
וועלכן מען האָט געבראַכט, אויסצופרווון זיין גייסטיקן צושטאַנד.
די המצאה זיך צו מאַכן פאַר אַ משוגענעם, כדי אַזוי־אַרום באַ־
פרייט צו ווערן פון דער באַשטראָפונג, איז טיילמאָל אויסגענוצט
געוואָרן דורך די אַרעסטאַנטן. אייניקע האָט מען שנעל אַרונטער־
געריסן די מאַסקע, אָדער, בעסער געזאָגט, זיי האָבן אַליין באַ־
שלאָסן צו ענדערן די פּאָליטיק פון זייער אויפפירונג, און דער
אַרעסטאַנט, שטיפנדיק אַ צוויי־דריי טעג, איז פּלוצלינג נישט
מיר, נישט דיר געוואָרן קלוג, זיך איינגעשטילט און מרה־
שחורהדיק געבעטן, מען זאָל אים אויסשרייבן. נישט די אַרעס־
טאַנטן, נישט די דאָקטוירים האָבן נישט אויסגעמוסרט אַזאַ איי־
נעם און אים נישט פאַרשעמט, דערמאָנענדיק אים זיינע אָקאָרשטיקע
קונצן. שווייגנדיק האָט מען זיי אויסגעשריבן, שווייגנדיק באַ־
גלייט, און אין צוויי־דריי טעג אַרום איז ער שוין געקומען צו
אונדז אַ באַשטראָפטער. איבעריקנס, אַזעלכע פאַלן האָבן זיך
בכלל געטראָפן זעלטן. אָבער די אמתע משוגעים, וואָס מ'האָט
געבראַכט, אויסצופרווון זייער צושטאַנד, זענען באמת געווען אַ

שטראָף פון גאָט פאַר דער גאַנצער פּאַלאַטע. מאַנכע משוגעים פריילעכע, לעבעדיקע, וואָס האָבן געשריגן, געטאַנצט און געזונ־גען, האָבן די ערעסטאַנטן לכתחילה באַגעגנט כמעט מיט התלהבות. „אָט אַ פאַרוויילונג אַ ביסל!״ — האָבן זיי געזאָגט, אָנ־קוקנדיק אַזאַ איינעם, וואָס מען האָט נאַר־וואָס געבראַכט, אין וואָס האָט געמאַכט משוגענע שטיק. אָבער מיר איז געווען שרעקלעך שווער און פיינלעך צו זען דידאָזיקע אומגליקלעכע. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט רויק קוקן אויף משוגעים.

איבעריקנס, האָבן זיך אונדז באַלד לגמרי צוגעגעסן די אומאויפהערלעכע קרימענישן און די אומרויקע שטיק פונם גע־בראַכטן משוגענעם, וואָס איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַ געלעכטער, און אין אַ טאָג צוויי אַרום האָבן זיי אַלעמען לחלוטין אַרויס־געפירט פון געדולט. איינעם פון די משוגעים האָט מען געהאַלטן באַ אונדז אַ וואָך דריי, און ס'איז אויסגעקומען פּשוט צו אַנט־לויפן פון פּאַלאַטע. ווי אומישנע, האָט מען גראָד אין דער צייט געבראַכט נאָך אַ משוגענעם. דער האָט געמאַכט אויף מיר אַ באַזונדערן איינדרוק. דאָס האָט פּאַסירט שוין אויפן דריטן יאָר פון מיין קאַטאָרגע. אין ערשטן יאָר, אָדער, בעסער געזאָגט, אין די ערשטע חדשים פון מיין טורמע־לעבן, פרילינג־צייט, בין איך געגאַנגען מיט אַ פּאַרטיע אויף דער אַרבעט, באַ אַ צוויי וויאָרסט, אין אַ ציגל־פאַבריק, מיט מולערעס, מיט אַ געהילף. מ'האָט באַ־דאַרפט אויסבעסערן די אויוונס פאַר דער קינפטיקער זומערדי־קער ציגל־אַרבעט. אין דעם פרימאָרגן האָט מ־צקי און ב. מיך באַקענט אין זאַוואָד מיטן אויפזעער, וואָס האָט דאָרט געוווינט, מיטן אונטעראָפיציר אָסטראָזשסקי. דאָס איז געווען אַ פּאָליאַק, אַן אַלטער מאַן פון אַ יאָר זעכציק, אַ הויכער, אַ מאָגערער, מיט זייער אַ פיינעם און אַפילו שטאָלצן אויסזען. אין כיביר האָט ער שוין געדינט פון לאַנגע צייטן אָן, און הגם ער האָט

געשטאַמט פון פאָלק, איז געקומען, ווי אַ סאָלדאַט פונם מיליטער פון דרייסיקסטן יאָר, האָבן אים מ–צקי און ב. דאָך ליב געהאַט און געשעצט. ער האָט אלץ געלייענט די קאַטוילישע ביבל. איך האָב מיך צעשמועסט מיט אים, און ער האָט גערעט אַזוי וואַרעם, אַזוי קלוג, ער האָט אַזוי אינטערעסאַנט דערציילט, אַזוי גוטמוטיק און ערלעך געקוקט. פון יענער צייט אָן האָב איך אים נישט געזען אַ יאָר צוויי. איך האָב נאָר געהערט, אַז ער געפינט זיך אונטער דער אויספאָרשונגס-מאַכט צוליב עפּעס אַן ענין, און אַט פלוצלינג האָט מען אים אַריינגעפירט צו אונדז אין פּאַלאַטע, ווי אַ משוגענעם. ער איז אַריין מיט קוויטשערייען, מיט געלעכ-טער, און מיט סאַמע נישט קיין אנשטענדיקע, סאַמע „קאַמאַרינסקי"-זשעסטן האָט ער זיך געלאָזט טאַנצן איבער דער פּאַלאַטע. די אַרעסטאַנטן זענען געווען אַנטציקט, אָבער מיר איז געוואָרן אַזוי אומעטיק... אין אַ דריי טעג אַרום האָבן מיר שוין אַלע נישט געוווּסט, ווו מיט אים זיך אַהינצוטון. ער האָט זיך אַרומגעקריגט, זיך געשלאָגן, געקוויטשעט, געזונגען לידער אַפילו באַנאַכט, און ווילעוויילז אַרויסגעוויזן אַזוינע אָפּשטויסנדיקע שטיקלעך, אַז ס'האָט אָנגעהויבן פּשוט צו עקלען. ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט. מ'האָט אים אָנגעטון אַ צוואַנג-העמד, אָבער פון דעם איז אונדז נאָך ערגער געוואָרן, הגם אָן דעם העמד האָט ער פּאַרפירט קריגערייען און כמעט צו יעדן זיך געקראָכן שלאָגן. אין דידאָזיקע דריי וואָכן צייט האָט זיך טייל-מאָל די גאַנצע פּאַלאַטע אויפגעהויבן אין איין קול און געבעטן דעם הויפּט-דאָקטאָר, ער זאָל איבערפירן אונדזער צרה אין אַ צווייטער אַרעסטאַנטישער פּאַלאַטע. דאָרט, ווידער, האָט מען אויסגעפּועלט אין צוויי טעג אַרום, מען זאָל אים איבערפירן צו אונדז. און אַזויווי מיר האָבן מיטאַמאָל געהאַט צוויי משוגעים, אומרויקע, וואָס האָבן זיך געכאַפּט שלאָגן, האָט זיך איין פּאַלאַטע

מיט דער צווייטער געטוישט מיט די משוגעים. אָבער איינער איז נישט געווען בעסער פון צווייטן. אַלע האָבן אָפּגעטעמפּט פרייער, ווען מ׳האָט זיי, סוף־כּל־סוף, אַוועקגעפירט פון אונדז...

איך געדענק אויך נאָך איינעם — אַן אויסטערלישן מטורף. איינמאָל, זומער, האָט מען געבראַכט אַן אַרעסטאַנט, אַ געזונטער חברה־מאַן, אָבער זייער אַן אומגעלומפּערטער, פון אַ יאָר פינף און פערציק, מיט אַ צוקאַלעטשעט פּנים פון פּאָקן, מיט פאַר־שווומענע רויטע קליינע אויגן און מיט אַ זייער בייזן און טריבן אויסזען. ער האָט פאַרנומען אַן אָרט אין איין שורה מיט מיר. אַרויסגעוויזן האָט ער זיך אָבער פאַר זייער אַ רויקן, האָט מיט קיינעם נישט גערעט, און איז געזעסן אַזויווי ער וואָלט עפּעס אַרומגעטראַכט. עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל, און פּלוצלינג האָט ער זיך געווענדט צו מיר. גלייך, אָן ווייטערע הקדמות, אָבער מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט מיר מיטגעטיילט זייער אַ גרויסן סוד, האָט ער מיר אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז די טעג דאַרף ער באַקומען צוויי טויזנט, אָבער דערפון וועט שוין איצט גאָרנישט זיין, ווייל די טאָכטער פון פּאָלקאָווניק ג. סטאַרעט זיך וועגן אים. איך האָב מיט שטוינונג אים אָנגעקוקט און האָב געענטפערט, אַז אין אַזאַ פאַל, דאַכט זיך מיר, וועט דעם פּאָלקאָווניקס טאָכטער נישט זיין בכּוח עפּעס צו טון. איך האָב מיך נאָך גאָרנישט אָנגעשטויסן. אים האָט מען געבראַכט נישט ווי אַ משוגענעם, נאָר ווי אַ געוויינלעכן חולה. איך האָב אים געפרעגט, אויף וואָס ער איז קראַנק, האָט ער מיר געענט־פערט, אַז ער ווייסט נישט און אַז מ׳האָט אים אַהערגעשיקט צוליב עפּעס, אָבער ער איז פּאָלקאָם געזונט, און דעם פּאָל־קאָווניקס טאָכטער איז פאַרליבט אין אים. זי איז אַמאָל, מיט צוויי וואָכן צוריק, אַדורכגעפאָרן לעבן דער הויפּטוואַך, און ער האָט דוקא אין דער צייט אַרויסגעקוקט פון פענסטערל מיט די

גראַטעס. און זי, אַז זי האָט אים נאָר דערזעען, האָט זי זיך באַלד פֿאַרליבט אין אים. און פֿון דער צייט אָן, איז זי שוין מיט פֿאַרשיידענע תּרוצים דריי מאָל געווען אין דער הויפּטוואַך. דעם ערשטן מאָל איז זי געקומען צוזאַמען מיטן פֿאָטער צום ברודער, דעם אָפֿיצער, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען באַ זיי אויף דער וואַך; אַ צווייטן מאָל איז זי געקומען מיט דער מוטער צו פֿאַרטיילן נדבֿות און, פֿאַרבייגייענדיק, האָט זי אים איינגערוימט, אַז זי ליבט אים און וועט אים אויסלייזן. ס'איז געווען משונה, מיט וואָס פֿאַר אַ קליינע פּרטים ער האָט מיר דערציילט די דאָזיקע נאַרישקייט, וואָס איז, נאַטירלעך, געבוירן געוואָרן אין זיין צעמישטן, אָרעמען קאָפּ. דערין, אַז ער וועט באַפֿרייט ווערן פֿון דער שטראָף, האָט ער הייליק געגלויבט. וועגן דער ליידנשאַפֿטלעכער ליבע צו אים פֿון דער פֿריילן האָט ער גערעדט רויִק און זיכער און, שוין נישט געקוקט אויף דער גאַנצער נאַרישקייט פֿון דער דאָזיקער מעשה, איז דאָך אַזוי ווילד געווען צו הערן אַזאַ ראָמאַנטישע געשיכטע וועגן אַ פֿאַרליבט מיידל פֿון אַ מענטשן, וואָס האַלט באַ פֿופֿציק יאָר, מיט אַזאַ דערשלאָגענער פֿאַרביטערטער און צעקאַלעטשעטער פֿיזיאָנאָמיע. ווי מאָדנע, וואָס דער פּחד פֿון דער שטראָף האָט געקאָנט מאַכן מיט דער דאָזיקער ציטריקער נשמה. מעגלעך, אַז ער האָט באמת עמעצן דערזען אין פֿענסטערל, און דאָס משוגעת, וואָס האָט זיך געשאַרפֿט אין אים פֿאַר שרעק, וואָס איז געוואָקסן מיט יעדער שעה, האָט פּלוצלינג מיטאַמאָל געפֿונען זיין אויסגאַנג, זיין פֿאָרם. דער דאָזיקער אומגליקלעכער סאָלדאַט, וואָס האָט, קאָן זיין, זיין גאַנץ לעבן קיין איינמאָל נישט אַ טראַכט געטון וועגן מיידלעך, האָט פּלוצלינג אויסגעטראַכט אַ גאַנצן ראָמאַן און האָט זיך אינסטינקטיוו אָנגעכאַפּט כאָטש פֿאַר דעם שטרויעלע. איך האָב אים שווייגנדיק אויסגעהערט און

האָב מיטגעטיילט וועגן אים די אַנדערע אַרעסטאַנטן. אָבער ווען די אַנדערע זענען געוואָרן נייגעריק, איז ער מיט גרויס צניעות אַנטשוויגן געוואָרן. אויף צומאָרגנס האָט אים דער דאָקטאָר לאַנג אויסגעפרעגט, און אַזויווי ער האָט אים געזאָגט, אַז ער ליידט נישט אויף קיין שום מחלה, און דאָס האָט זיך באמת אַרויסגעוויזן נאָך דער אונטערזוכונג, האָט מען אים אויסגעשריבן. אָבער אַז באַ אים אין שפּיטאָל-פּאַפּיר איז אָנ-געשריבן געוואָרן Sanat — וועגן דעם זענען מיר ערשט גע-וואָר געוואָרן, ווען די דאָקטוירים זענען אַרויס פון פּאַלאַטע, אַזוי, אַז מען האָט זיי שוין נישט געקענט זאָגן וועגן דעם צושטאַנד פון דעם אַרעסטאַנט. אָבער אויך מיר אַליין האָבן נאָך דעמאָלט אינגאַנצן זיך נישט אָנגעשטויסן וועגן דעם עיקר פון דער זאַך. בינו-לבינו איז די גאַנצע זאַך באַשטאַנען אין אַ טעות פון דער נאַטשאַלסטווע, וואָס האָט אים צו אונדז גע-שיקט, וואָס האָט נישט דערקלערט, צו וואָס זי האָט אים געשיקט. דאָ האָט פּאַסירט עפּעס אַ פאַרנאַכלעסונג. אָבער עס קען זיין, אַז אויך די, וואָס האָבן אים געשיקט, האָבן זיך קוים אָנגעשטויסן און זיי זענען לחלוטין נישט געווען זיכער אין זיין משוגעת; זיי האָבן געהאַנדלט אונטערן דרוק פון נעבלהאַפטע קלאַנגען און האָבן אים געשיקט, מען זאָל אויס-פּרוּוון זיין צושטאַנד. ווי עס זאָל נישט זיין, דעם אומגליקלעכן האָט מען אין צוויי טעג אַרום אַרויסגעפירט צו דער באַשטראָ-פונג. די שטראָף האָט אים, דאַכט זיך, זייער איבעראַשט מיט איר אומגערעכטיקייט. ער האָט ביז דער לעצטער מינוט נישט געגלויבט, אַז מ׳וועט אים באַשטראָפן, און ווען מ׳האָט אים גענומען פירן אין די זעלנער-רייען, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען: קאַראַוּל! אין שפּיטאָל האָט מען אים שוין דאָס מאָל אַריינגעלייגט נישט אין אונזער פּאַלאַטע, נאָר אין אַ צווייטער:

באַ אונדז האָבן געפּעלט בעטלעך. אָבער איך האָב מיך נאָכ־געפרעגט וועגן אים און בין געוווּר געוואָרן, אַז אין די גאַנצע אַכט טעג האָט ער צו קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט; ער איז געווען פאַרשעמט און זייער אומעטיק... דערנאָך, ווען זיין פּלייצע האָט זיך פאַרהילט, האָט מען אים ערגעץ אָפּגע־שיקט. על כל פּנים האָב איך שוין מער גאָרנישט געהערט פון אים.

וואָס אנבאַלאַנגט דאָס היילן און די רפואות בכלל, האָבן די לייכט־קראַנקע, אויף וויפל איך האָב געקענט באַמערקן, כמעט נישט דערפילט די אינסטרוקציעס און נישט איינגענומען קיין רפואות, אָבער די שווער־קראַנקע און בכלל דיווירקלעך קראַנ־קע האָבן זייער ליב געהאַט זיך צו היילן; זיי האָבן פּינקטלעך איינגענומען זייערע מיקסטורן און פּראָשקעס. איבערהויפּט אָבער האָט מען באַ אונדז ליב געהאַט אויסערלעכע מיטלען: באַנקעס, פּיאַווקעס, קאָמפּרעסן און לאָזן בלוט, וואָס עס האָט אַזוי ליב און אין וואָס עס גלויבט אַזוי אונדזער פּשוט פאָלק, איז באַ אונדז זייער גערן אויפגענומען געוואָרן און אַפילו מיט הנאה. ס'האָט מיך פאַראינטערעסירט אַן אויסטערלישער אומשטאַנד. די־זעלבע מענטשן, וועלכע זענען געווען אַזוי געדולדיק בשעת זיי האָבן איבערגעטראָגן די פיינלעכסטע וויטאָקן פון שטעקנס און ריטער, האָבן נישט זעלטן זיך געקלאָגט, זיך געקרימט און אַפילו געקרעכצט פון וועלכע ס'איז באַנקעס. צי האָבן זיי זיך שוין זייער צעפּיעשטשעט, אָדער סתם אַזוי זיך געהנדלט, — ווייס איך שוין נישט, וויאַזוי דאָס צו דערקלערן. אמת, אונדזערע באַנקעס זענען געווען פון אַ באַזונדער סאָרט. די מאַשינקע, מיט וועלכער מ'האַקט איבער אויגנבליקלעך די הויט, האָט אַ פעלדשער אַמאָל, אין די אַלטע צייטן, פאַרוואָרפן אָדער קאַליע געמאַכט, אָדער, זי איז אפשר אליין קאַליע געוואָרן, אַזוי, אַז

מען האָט שוין געמוזט מאַכן מיט אַ לאַנצעט די נויטיקע שניטן אויפן קערפּער. באַ אַ צוועלף שניטן מאַכט מען פּאַר יעדער באַנקע. מיט דער מאַשינקע טוט נישט וויי. צוועלף מעסערלעך גיבן אין אַ רגע, פלוצלינג אַ קלאַפּ, און דעם ווייטאָק שפּירט מען נישט. אָבער דאָס איינשניידן מיטן לאַנצעט איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. אַ לאַנצעט שנייט אין פאַרגלייך זייער פּאַמע־לעך; דער ווייטאָק לאָזט זיך פילן; און אַזויווי, צום ביישפּיל, באַ צען באַנקעס קומט אויס צו מאַכן הונדערט און צוואַנציק אַזעלכע שניטן, איז אַלץ צוזאַמען, נאַטירלעך, לאָזט זיך שטאַרק פילן. איך האָב עס איבערגעלעבט, און הגם עס האָט אי ווי געטון אי עס האָט פאַרדראָסן, דאָך אָבער נישט אַזוי, אַז מען זאָל זיך נישט קענען איינהאַלטן פון צו קרעכצן. עס איז אַפילו לעכערלעך געווען אַמאָל צו קוקן אויף אַן אַנדער אייזנפּעסטן חברהמאַן, ווי ער קורטשעט זיך און נעמט זיך פּיעשטשען, ווי אַ קינד. בכלל האָט מען דאָס געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעם, ווען אַ מענטש, אַ האַרטער און אַפילו אַ רויקער אין אַן ערנסטן ענין, איז אינדערהיים, בשעת עס איז נישטאָ וואָס צו טון, פאַרמרה־שחורהט און קאַפּריזנע — ער עסט נישט, וואָס מען דערלאַנגט אים, קריגט זיך און זידלט זיך, אַלץ געפעלט אים נישט, אַלע דאַקוטשען אים, אַלע באַליידיקן אים, אַלע מוטשען אים; — מיט איין וואָרט, פון ווילטאָג ווערט ער משוגע, ווי מען זאָגט אַמאָל וועגן אַזעלכע לייט, וועלכע מען קען אָנטרעפן, איבעריקנס, אויך באַם פּשוטן פאָלק; און אין אונדזער טורמע, באַ דעם קעגנזייטיקן געמיינזאַמען צוזאַמענלעבן טרעפט מען זיי אַפילו צו אָפט. אין פּאַלאַטע פלעגן די אַרעסטאַנטן טיילמאָל זיך נעמען רייצן מיט אַזאַ ריר־מיך־נישט־אָן, און אַ צווייטער פלעגט אים פּשוט גוט אויסזידלען; און אָט ווערט ער טאַקע אַנטשוויגן, פּונקט ווי ער וואָלט אינגרעראַמתן בלויז געוואַרט

דערויף, מ׳זאָל אים אויסזידלען, וועט ער אַנטשוויגן ווערן. באַ־זונדערס האָט עס אוסטיאַנצעוו נישט ליב געהאַט און ער האָט קיינמאָל נישט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט זיך אויסצוזידלען מיט אַזאַ ריר־מיך־נישט־אָן. ער האָט אויך בכלל נישט אַדורכ־געלאָזט די געלעגנהייט מיט וועמען עס איז זיך צו פאַרטשעפען. דאָס איז געווען זיין תענוג, זיין באַדערפעניש, וואָס האָט גע־שטאַמט, נאַטירלעך, פון אַ קראַנקהייט און טיילווייז אויך פון טעמפּקייט. תחילת פלעגט ער נעמען קוקן אַזוי ערנסט און שאַרף און נאָכדעם פלעגט ער אָנהויבן מיט עפעס אַזאַ רויקער, זיי־בערער שטימע צו זאָגן מוסר. אַלץ איז געווען זיין עסק, פּונקט ווי מען וואָלט אים אַוועקגעשטעלט באַ אונדז, ער זאָל אַכטונג געבן אויף דער אָרדנונג אָדער אויף דער אַלגעמיינער זיטלעכ־קייט.

— אומעטום איז ער דאָ, — פלעגן די אַרעסטאַנטן זאָגן לאַכנדיק. מען האָט אים, איבעריקנס, געשוינט און אויסגעמיטן מיט אים זיך צו קריגן, און נאָר אַזוי, אַמאָל האָט מען געלאַכט.

— זע, ווי ער האָט עס אַ ביסל אָנגערעדט! אויף דריי פורן וועסטו עס נישט אַרויספירן.

— וואָס אָנגערעדט? פאַר אַ נאַר נעמט מען דאָס היטל נישט אַראָפּ, מ׳ווייסט. לְמאי שרייט ער דאָרטן פון לאַנצעט? נאַשערייען האָט ער ליב געהאַט, מעג ער דאָך אַמאָל אויס־ברעכן אויך, נישקשה.

— אָבער וואָס גייט עס דיר אָן?

— ניין, ברידער, — האָט איבערגעהאַקט איינער פון אונדזערע אַרעסטאַנטלעך, — ריטער זענען גאָרנישט: איך האָב געפּרוווט. ס׳איז אָבער נישטאָ קיין ערגערער ווייטאָק, ווי אַז מען ציט דיר לאַנג פאַרן אויער.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— און מען האָט דיך טאַקע געצויגן?

— און דו מיינסט, אַז נישט? געוויס, געצויגן.

— דעריבער טאַרטשען דאָס ביי דיר די אויערן.

באַ דעמדאָזיקן אַרעסטאַנטל, באַ שאַפּקינען, זענען, ווירק־לעך, געווען זייער לאַנגע אויערן, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַר־טשעט איןביידע זייטן. ער איז געווען פון די בראָדיאַגעס, נאָך אַ יונגער, אַ גאַנץ טיכטיקער און שטילער. גערעט האָט ער שטענדיק מיט אַזאַ ערנסטן, פאַרבאָרגענעם הומאָר, וואָס האָט אַנגעגעבן אַ סך קאָמיזם מאַנכע פון זיינע מעשׂיות.

— און למאַי זאָל מיר גאָר איינפאַלן, אַז מ׳האָט דיר גע־צויגן פאַר׳ן אויער? און ווי אַזוי זאָל דאָס מיר איינפאַלן, נאַרישער קאָפּ דו, — האָט זיך אוסטיאַנצעוו ווידעראַמאָל איינגע־געסן מיט אָנרופנדיק מיט כּעס צו שאַפּקינען, הגם יענער האָט גאָר צו אים נישט גערעט, נאָר צו אַלעמען אין כּלל. אָבער שאַפּקין האָט אַפילו נישט אַ קוק געטון אויף אים.

— און ווער האָט דיר געצויגן? — האָט עמעצער געפרעגט.

— ווער? מ׳ווייסט ווער, דער איספּראַווניק. דאָס איז, ברידער, געווען, בשעת מיר האָבן געבּאַ־נדעוועט, זיך אַרומגע־שלעפּט. זענען מיר דאַמאָלס געקומען אין ק., און געווען זענען מיר זאַלבענאַנד: איך און אַ צווייטער, אויך אַ בראָדיאַגע, יעפים, אָן אַ פאַמיליע־נאָמען. אויפן וועג, אינם דאָרף טאָלמינאַ, ביי אַ פּויער, האָבן מיר זיך אַ ביסל געלאָזט ווויִלגיין. פּאַראַן אַזאַ דאָרף, טאָלמינאַ הייסט עס. נו, זענען מיר אַריין אין דאָרף, זעען מיר: מען וואָלט דאָ געקענט אַ לעב טאָן און באַלד פּליטה. ווייס מען, אין פעלד איז מען פריי, אין שטאָט אָבער איז נישט היימלעך, אַ פּחד. נו, זענען מיר קודם כּל אַריין אין שענקל. קוקן מיר זיך אַרום. גייט צו צו אונדז איינער, אַן אָפּגעבּרענטער אַזאַ, מיט אויסגעריסענע עלנבויגנס, אין אַ דייטש־

מלבוש. אַזוי און אַזוי – און איר, זאָגט ער, ווער זענט איר, דערלויבט צו פרעגן, לויטן דאָקומענט? *).

– ניין, זאָגן מיר, גאָר אָן דאָקומענטן.

– אַזוי. און מיר אויך. דאָ האָב איך צוויי פּריינט זאָגט ער, זיי דינען אויך ביים גענעראַל קוקושקין **). בכן דערזוועג איך מיך צו פרעגן, אפשר וואָלטן מיר אַ לעב געטון אַ ביסל, אָט דאָס מטבעלע איז נאָך דערווייל נישט צוקראָכן. אַ האַלב שטאָפּעלע באַוויליקט אונדז.

– מיט אונדזער גרעסטן פאַרגעניגן, – זאָגן מיר. נו, האָבן מיר אויסגעטרונקען. און זיי האָבן אונדז דאָ אָנגעוויזן אויף אַן עסק, דאָס הייסט לויט אונדזער פאַך. אַ הויז איז דאָ געשטאַנען, אין עק שטאָט, און אַ רייכער באַלעבאָס האָט דאָ געוווינט מיט אַ סך עשירות. האָבן מיר באַשטימט געוויר צו ווערן באַנאַכט. און אָט ווי מיר זענען אַריין צום רייכן באַלעבאָס אַלע זאַלבעפינפט, אַזוי זענען מיר טאַקע אין דער אייגענער נאַכט אַלע אַריינגעפאַלן. האָט מען אונדז גענומען אין צירקל אַריין, און דערנאָך צום סאַמע איספּראַווניק. איך, זאָגט ער, וועל זיי אַליין אויספרעגן. גייט ער אַרויס מיט אַ פּיפּקע, טראָגט מען אים נאָך אַ שעלכל טיי, אַליין – אַזאַ געזונטער, מיט באַקן-בערד. זעצט ער זיך אַנידער. און דאָ האָט מען שוין אַחוץ אונדז געבראַכט נאָך דריי, אויף בראָדיאַגעס. און אַ חוזקדיקער מענטש איז דער בראָדיאַגע, ברידער: נו, געדענקט גאָרנישט, כאָטש צעהאַק אים דעם קאָפּ, אַלץ פאַרגעסן, ווייס גאָרנישט. רופט זיך אָן דער איספּראַווניק גלייך צו מיר: ווער ביזטו אַזעלכער? און ער האָט אַזאַ ריטשע געטון, ווי פון אַ פאַס. נו, כידוע, דאָס,

---

*) פּאַספּאָרט.

**) דאָס הייסט אין וואַלד, ווו דער קוקו זינגט. ער וויל זאָגן, אַז זיי זענען אויך בראָדיאַגעס.

וואָס אַלע, זאָג איך אויך: כ׳געדענק גאָרנישט, וואַשע וויסאָקאָ־
בלאַגאָראָדיע, אַלץ פאַרגעסן.

— וואַרט זשע, זאָגט ער, איך וועל נאָך מיט דיר שמועסן,
דער פּרצוף איז מיר עפּעס אַ קענטלעכער, — און ער שטעכט
מיך דורך מיט די אויגן. אָבער איך האָב אים ביז אַהער קיינמאָל
נישט געזען. מאַכט ער צום צווייטן: — ווער ביזטו?

— מאַכני־דראַלאָ *), וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— אַזוי טאַקע רופט מען דיך מאַכני־דראַלאָ?

— אַזוי רופט מען מיך, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— נו, גוט, דו ביזט מאַכני־דראַלאָ, און דו? — צום דריטן,
הייסט עס.

— און איך נאָך אים, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— אָבער ווי הייסטו?

— אַזוי הייס איך טאַקע: „און איך נאָך אים“, וואַשע
וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— און ווער האָט דאָס דיך, פּאָדליעץ, אַזוי אַ נאָמען געגעבן?

— גוטע מענטשן האָבן אַ נאָמען געגעבן, וואַשע וויסאָקאָ־
בלאַגאָראָדיע. אויף דער וועלט, כּידוע, זענען פאַראַן גוטע מענטשן,
וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— און ווער זענען דאָס די גוטע מענטשן?

— אַ קאָפּעטשקע פאַרגעסן, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע,
באַוויליגט שוין מוחל צו זיין.

— אַלע פאַרגעסן?

— אַלע פאַרגעסן, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— אָבער, סטייטש, דו האָסט דאָך עפּעס געהאַט אַ טאַטן
מיט אַ מאַמען?.. צי זיי כאָטש געדענקסטו?

*) אין דידאָזיקע צווי ווערטער ליגט אַ געוויסער זין. אין דער איבער־
זעצונג וואָלטן זיי געקלונגען: „מאַך פּליטה“. דער איבערז.

— מ׳דאַרף טאַקע אָננעמען, אַז איך האָב געהאַט, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, אָבער איך האָב זיי אויך אַ קאַפּעטשקע פֿאַרגעסן; אפשר האָב איך טאַקע געהאַט, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— און ווו האָסטו געלעבט ביז אַהער?

— אין וואַלד, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— אַלץ אין וואַלד?

— אַלץ אין וואַלד.

— נו, און ווינטער?

— קיין ווינטער האָב איך נישט געזען, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— נו, און דו, ווי רופט מען דיך?

— האַק, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— און דיך?

— שלייף און געניץ נישט, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— און דיך?

— שלייף צו נישקשה, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— געדענקט איר אַלע גאָרנישט?

— מיר געדענקען גאָרנישט, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

שטייט ער און לאַכט זיך, און זיי קוקן אויף אים און לאַכן צו. נו, און אַן אַנדערש מאָל דערלאַנגט ער אויך אין די ציין, ווען דו רייסט זיך אָן. און אַן עולם איז דאָס אַ געזונטער, ווי אַ שטיין, אַזוי פעט־אָפּגעפרעסן. — אָפּפירן זיי אין טורמע, — זאָגט ער,—איך וועל מיך שוין מיט זיי דערנאָך איינטענהן. נו, און דו בלייב דאָ, — דאָס זאָגט ער, הייסט עס, צו מיר. — קום אַהער, זעץ דיך! — זע איך: אַ טיש, פּאַפּיר, אַ פעדער. טראַכט איך: וואָס איז ער זיך דאָ מכין צו טון? זעץ זיך, זאָגט ער, לעבן טיש, נעם די פעדער, שרייב! — און אַליין כאַפּט ער מיר באַם

אויער, שלעפּט אַזוי. קוק איך אַזוי אויף אים, ווי דער שד אויפן פּאָפּ: איך קען נישט, זאָג איך, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָ־ראָדיע. — שרייב!

— דערבאַרעמט אייך, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע. — שרייב, ווי דו קענסט, שרייב טאַקע אַזוי. — און אַליין שלעפּט ער אַלץ פאַרן אויער, שלעפּט אַלץ, און גיט אַ דריי אויס! נו, ברידער, זאָג איך, עס וואָלט שוין לייכטער געווען, ווען ער צימבלט מיר אַריין אַ דריי הינדערט ריטער, באָדיי פּונקטן זאָלן זיך שיטן — שרייב, און שוין!

— און למאי האָט ער עס געטון? ער איז משוגע געוואָרן, צי וואָס?

— ניין, ער איז נישט משוגע געוואָרן. אין ט—ק האָט נישט לאַנג אַ שרייבערל געמאַכט אַ קונצשטיקל: קאַזיאָנע געלט האָט ער אַוועקגעלקכנט, און אַנטלאָפן מיט דעם. די אויערן האָבן אים אויך אַרויסגעטאַרטשעט. נו, האָט מען אין אַלע ערטער געגעבן צו וויסן. לויט די סימנים בין איך אַזוי ווי ענלעך געווען צו אים, און אָט דערפאַר טאַקע האָט ער מיך אַלץ געפרעגט: צי קען איך שרייבן און ווי אַזוי איך שרייב?

— אָט אַ פיינער חברהמאַן! און עס טוט וויי?

— זאָג איך דאָך, ס'טוט וויי.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— נו, און דו האָסט אָנגעשריבן

— וואָס אָנגעשריבן? איך האָב גענומען פירן מיט דער פעדער, געפירט־געפירט איבערן פּאַפּיר, איז עס אים נמאס געוואָרן. אַ צען פלעקן האָב איך, פאַרשטייט זיך, אָנגעקאַטע־

וועט, נו און דערמיט האָט ער מיך אָפּגעלאָזט, אין טורמע אַריין, הייסט עס.

— און דו קענסט טאַקע שרייבן?

— פריער האָב איך געקאָנט, און אָט ווי מ'האָט צוגענומען צו שרייבן מיט פעדערס, אַזוי האָב איך פאַרגעסן...

אָט אין אַזעלכע מעשיות, אָדער, בעסער געזאָגט, אין אַזאַ מין פלוידעריי איז טיילמאָל אַדורכגעגאַנגען אונדזער לאַנגווייליקע צייט. גאָט, וואָס פאַר אַ לאַנגווייליקייט איז דאָס געווען! די טאָג זענען לאַנגע, דושנע. איינער צום אַנדערן ענלעך, ווי צוויי טראָפּן וואַסער. וואָלט כאָטש עפּעס אַ בוך געווען! און בינו-לבינו בין איך, באַזונדערס אין אָנהויב, עפּטער געגאַנגען אין שפּיטאָל אַריין — אַמאָל אַ קראַנקער, אַמאָל פּשוט ליגן; איך בין אַוועקגעגאַנגען פון דער תפיסה. שווער איז געווען דאָרט, נאָך שווערער ווי דאָ, מאָראַליש שווערער. פאַרביסנקייט, שנאה, קריגעריי, קנאה, כסדר זיך געשעפּעט צו אונדז, דוואָריאַנעס, בייזע, דראָענדיקע פּנימער. — דאָ אָבער אין שפּיטאָל זענען מיר אַלע געווען גלייך, מ'האָט געלעבט הברלעכער. די סאַמע אומעטיקסטע צייט אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג איז אויסגעקומען אין אָוונט, פאַר די ליכט און אין אָנהויב נאַכט. שלאָפן לייגט מען זיך פרי. דאָס שטאַרקע נאַכט-לעמפּל לייכט אינדערוועיטנס באַ דער טיר, ווי אַ העל פּינטעלע, און אין אונדזער עק איז האַלב פינסטער. עס ווערט אַ געשטאַנק, דושנע. איינער קען נישט איינשלאָפן, שטייט ער אויף און זיצט אַ שעה אַנדערטהאַלבן אויפן געלעגער, אַראָפּבויגנדיק זיין קאָפּ אין דער שלאָף-מיץ, ווי ער וואָלט וועגן עפּעס געטראַכט. קוקסטו אויף אים אַ גאַנצע שעה און דו סטאַרעסט זיך צו טרעפן, וועגן וואָס טראַכט ער, כדי אויך ווי

עס איז אַדורכצושטופּן די צייט. און אַמאָל גאָר הויבסטו אָן צו חלומען, דערמאָנען דעם עבר; מאָלן זיך דיר ברייטע העלע בילדער אין דמיון; עס קומען אין זכרון אַזעלכע איינצלהייטן, וואָס אין אַן אַנדער צייט וואָלסטו זיך בשום אופן נישט דער־מאָנט אין זיי און נישט אַדורכגעפילט זיי אַזוי ווי איצט. און אַמאָל, ווידער, פּרוּווסטו טרעפן, וואָס ס'וועט זיין אין דער צוקונפט: ווי אַזוי וועסטו עס אַרויסגיין פון טורמע? ווּהין? ווען וועט דאָס זיין? וועסטו זיך צוריקקערן ווען ס'איז אין דיין היימיש ווינקעלע? דו טראַכסט, טראַכסט און די האָפענונג גיט זיך אַ ריר אין דער נשמה... און אַן אַנדערש מאָל הויבסטו גאָר אָן צו ציילן: איינס, צוויי, דריי, און אַז. וו., כדי ווי־עס־איז איינצושלאָפן אינמיטן דעם חשבון. טייל מאָל האָב איך אָנגעציילט ביז דריי טויזנט און נישט איינגעשלאָפן. אָט נעמט זיך עמעץ איבערקערן אויף דער זייט. אוסטיאַנצעוו הויבט אָן צו הוסטן מיט זיין פּאַרפּוילטן, שווינדזיכטיקן הוסט און דערנאָך הויבט ער אָן שוואַך צו קרעכצן, און יעדעס מאָל ברומט ער צו: „גאָט, איך האָב געזינדיקט!“ און עס איז שרעקלעך צו הערן די דאָזיקע קראַנקע, צעבראָכענע און נאָגנ־דיקע שטימע ביי דער אַלגעמיינער שטילקייט. און ערגעץ אין אַ ווינקל שלאָפט מען אויך נישט און מען רעט פון די גע־לעגערס. איינער הויבט אָן עפּעס צו דערציילן פון זיינע אויס־געטראַכטע מעשיות, פונם ווייטן, פונם פאַרגאַנגענעם, פונם בראָדיאַגע־לעבן, פון די קינדער, פונם ווייב, פון די אַמאָליקע אָרדנונגען. פילסטו שוין טאַקע בלויז פונם ווייטן שעפּטשען, אַז דאָס אַלץ, פון וואָס ער דערציילט, וועט זיך שוין ווידער־אַמאָל צו אים קיינמאָל נישט אומקערן, און ער אַליין, דער דערציילער, איז אַן אָפּגעשניטן שטיק; אַ צווייטער הערט זיך צו. ס'הערט זיך בלויז אַ שטיל מעסיק שעפּטשען, פּונקט

ווי אַ וואַסער רוישט ערגעץ ווייט... איך געדענק, ווי איינמאָל, אין אַ לאַנגער ווינטער-נאַכט, האָב איך אויסגעהערט אַ מעשה. פון ערשטן בליק האָט זי מיר אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַ חלום אין אַ היץ-קראַנקהייט, ווי איך וואָלט געלעגן אין אַ פיבער, און מיר האָט זיך דאָס אַלץ געחלומט אין היץ, אין פיבער-פּלוידעריי...

## IV.

# אקולקעס מאַן.

### דערציילונג.

עס איז שוין געווען שפּעט בּאַנאַכט, אַרום צוועלף אַ זייגער. איך האָבּ שוין געהאַט איינגעשלאָפן, אָבּער פּלוצלינג זיך אויפגעכאַפּט. דער שטאַרער, קליינינטשקער שיין פונם ווייטן נאַכט-לעמפּל האָט קוים בּאַלויכטן די פּאַלאַטע... כמעט אַלע האָבּן שוין געשלאָפן. אַפילו אוסטיאַנצעוו האָט שוין געשלאָפן און אין דער שטילקייט האָט מען געהערט, ווי שווער ער אָטעמט, און ווי מיט יעדן אָטעם כריפּען בּאַ אים אין האַלדז די ליחות. ווייט, אין פּאָדערצימער האָבּן זיך פּלוצלינג דערהערט די שווערע דערנענטערונגס-טריט פון דער וואַך, וואָס האָט זיך געטוישט. אַ בּיקס האָט זיך אָנגעקלאַפּט מיט דער קאָלבּע אין דער פּאָדלאָגע. די טיר פון דער פּאַלאַטע האָט זיך געעפנט; גייענדיק פּאָרזיכטיק, האָט דער יעפרייטאָר איבּערגעציילט די קראַנקע. אין אַ מינוט אַרום האָט מען פאַרמאַכט די פּאַלאַט". אַוועקגעשטעלט אַ נייעם וואַך-סאָלדאַט, די פריערדיקע וואַך האָט זיך דערווייטערט און ווידער איז שטיל געוואָרן. דאָ האָבּ

איך ערשט באַמערקט, אַז נישט ווייט פון מיר, לינקס, האָבן צוויי נישט געשלאָפן און אַזויווי געשעפּטשעט צווישן זיך. אין די פּאַלאַטעס פלעגט עס פּאַסירן: טיילמאָל ליגט מען טעג און חדשים איינער לעבן אַנדערן און מען רעט נישט קיין וואָרט, און פּלוצלינג צעשמועסט מען זיך אין דער רופּנדיקער נאַכט־שעה, און איינער הויבט אָן אַרויסצולייגן פאַרן צווייטן זיין גאַנצן עבר.

זיי האָבן שוין, קענטיק, לאַנג געשמועסט צווישן זיך. דעם אָנהויב האָב איך נישט געהערט, און אויך איצט אַפילו האָב איך נישט אַלץ געקאָנט הערן, ביסלעכווייז אָבער האָב איך מיך צוגעוווינט און האָב אָנגעהויבן אַלץ צו פאַרשטיין. איך האָב עפּעס נישט געקענט איינשלאָפן: וואָס־זשע טוט מען, אַז נישט הערן?.. איינער האָט דערציילט מיט היץ האַלבליגנדיק אויפן געלעגער, מיט אַן אונטערגעהויבענעם קאָפּ, און דעם האַלדז אויסגעצויגן אין דער ריכטונג צום חבר. ער איז, אפנים, געווען שטאַרק צעהיצט, אויפגערעגט. ס׳האָט זיך אים געוואָלט דערציילן. זיין צוהערער איז פאַרמרה־שחורהט און לגמרי גלייכגילטיק געזעסן אויף זיין געלעגער, מיט אויסגעצויגענע פיס, און זעלטן עפּעס אַ ברום געטון אַלס ענטפער אָדער אַלס צייכן פון מיטלייד צום דערציילער, אָבער עפּעס גיכער פון אנשטענדיקייט־וועגן, ווי אין דעראמתן, און ווײַלעווייז האָט ער אָנגעשטופּט זיין נאָז מיט טאַבאַק פון האָרן־פּישקעלע. דאָס איז געווען דער סאָלדאַט טשערעווין, פון דער אויסבעסערונגס־קאָמאַנדע, אַ מענטש פון אַ יאָר פופציק, אַ מרה-שחורהדיקער פעדאַנט, אַ קאַלטער רעזאָניער און אַ שוטה מיט אַ שטאַרקער איינגליבע. דער דערציילער שישקאָוו איז נאָך געווען אַ יונגער, פון אַ יאָר דרייסיק, אונדזערער אַ ציווילער אַרעסטאַנט, וואָס האָט געאַרבעט אין דער תפיסה־שניידעריי. ביז אַהער האָב

איך מיך ווייניק אומגעקוקט אויף אים. און אויך דערנאָך, פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון מיין תּפֿיסה־לעבן, האָט מיך עפּעס נישט געצויגן זיך צו פֿאַרנעמען מיט אים. דאָס איז געווען אַ פּוסטער און נישט קיין געשטעלטער מענטש. טיילמאָל שווייגט ער, לעבט פֿאַרמרה־שחורהט, האַלט זיך גראָב, רעט נישט אַ וואָרט גאַנצע וואָכן לאַנג. און טיילמאָל גאָר פּלוצלינג וועט ער זיך אַריינפּלאָנטערן אין עפּעס אַ מעשה, הויבט אָן צו מאַכן פּליאָטקעס, ווערט אָנגעצונדן פֿון אַ נאַרישקייט, קריכט אַרום פֿון קאַזאַרמע צו קאַזאַרמע, דערציילט נייס, האַקט מיט דער צונג, שפּרינגט פֿון דער הויט. בּרעכט מען אים אָן די ביינער, ווערט ער ווידער אַנטשוויגן. ער איז געווען אַ שרעקעוודיקער און אַ נעבעכל. אַלע האָבן זיך נאָכלעסיק באַצויגן צו אים. געווען איז צר נישט קיין הויכער, אַ מאָגערער; די אויגן אַזעלכע אומרוהיקע, און טיילמאָל עפּעס טעמפּ פֿאַרטראַכטע. האָט זיך אים געמאַכט וואָס צו דערציילן, וועט ער שטענדיק אָנהויבן הייס, מיט בּרען, אַפֿילו מאַכן מיט די הענט — און פּלוצלינג וועט ער גאָר איבעררייסן אָדער איבערגיין אויף אַ צווייטער זאַך, זיך אַריינציען אין נייע פּרטים, און וועט פֿאַרגעסן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן. עפּטער האָט ער זיך געזידלט, און בשעתן זידלען תּמיד פֿאָרגעוואָרפֿן יענעם עפּעס, פֿאָרגעוואָרפֿן עפּעס אַ חטא קעגן אים, און ריידן רעט ער בעת מעשה מיט האַרץ, שיער וואָס ער צעווייּנט זיך נישט... אויף אַ באַלאַלייקע האָט ער געשפּילט נישט שלעכט און האָט ליב געהאַט צו שפּילן, און יום־טוב־צייט האָט ער אַפֿילו געטאַנצט און גוט געטאַנצט, ווען מען פֿלעגט אים נאָר צווינגען... מען האָט אים זייער לייכט געקאָנט צווינגען עפּעס צו טון... און נישט מחמת דעם, וואָס ער זאָל האָבן געווען אַזאַ געהאָרכזאַמער, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו קריכן אין חבֿרשאַפֿט און אַרויס פֿון דער חבֿרשאַפֿט.

איך האָב לאַנג נישט געקאָנט תּופס זיין, וואָס ער האָט דערציילט. מיר האָט זיך לכתּחילה אויסגעוויזן, אַז ער טרעט אַלץ אָפּ פון דער טעמע און ציט זיך אַריין אין זייטיקע זאַכן. ער האָט, קענטיק, אויך באַמערקט, אַז טשערעווין האָט כּמעט קיין שום אינטערעס נישט צו זיין דערציילונג. ס'האָט זיך אָבער געדאַכט, אַז ער האָט זיך דווקא געוואָלט איינריידן, אַז טשערעווין הערט אים מיט דער גרעסטער שפּאַנונג, און אפשר וואָלט עס אים זייער ווי געטון, ווען ער וואָלט זיך איבערצייגט, אַז טשערעווין הערט אים נישט.

— ... פלעגט ער אַמאָל אַזוי אַרויסזייַן אויפן מאַרק — האָט ער ווייטער פאַרציילט — פאַרנויגן זיך אַלע, גיבן אים אָפּ כּבוד, מיט איין וואָרט — אַן עושר.

— מסחרים, זאָגסטו, האָט ער געהאַט?

— נו יאָ, מסחרים, דער שטאָטישער עולם איז בײַ אונדז אַן אָרעמער. שוין איינמאָל אַ דלות. די באַבעס טראָגן אַ מהלך רב דאָס וואַסער פון טייך, צו באַגיסן דעם גאָרטן. זיי מוטשען זיך, מוטשען זיך, און צו יעשען בלייבט זיי אַפילו נישט אויף באָרשטש. מען ווערט דערשטיקט. נו, האָט ער אַ גרויסע נחלה געהאַט, דאָס פעלד מיט אַרבעטער געאַקערט, דריי האָט ער געהאַלטן, דערצו, ווידער, אַן אייגענעם בינשטאָק, מיט האָניק האָבן זיי געהאַנדלט און מיט בהמות אויך, און לויט אונדזער אָרט איז ער געווען אין גרויס חשיבות. שוין זייער אַלט געווען, זיבעציק יאָר, אַן אַלטער ביין, אַ גרויסער, אַזאַ הויכער. פלעגט ער אַזוי אַרויסגיין אינם פוקסענעם פוטער אויפן מאַרק, פלעגן אים אַלע אָפּגעבן כּבוד. זיי האָבן דאָס געפּילט, הייסט עס: „גוט מאָרגן, פאָטער, אַנקודים טראָפימיטש!“ — גוט־מאָרגן ענטפערט ער דיר אויך. מיט קיינעם, הייסט עס, מאוסט ער זיך נישט. — „לאַנג זאָלט איר לעבן, אַנקודים טראָפימיטש!“ —

און ווי גייען דיינע געשעפטן? וועט ער פרעגן. – „נו, אונדערע געשעפטן זיינען ווייס ווי סאַדזע. ווי באַ אייך, פּאָטערל?„ – אָט מיר לעבן אויך, וועט ער זאָגן, מיט אונדזערע זינד, מען דרייט זיך אַרום אויף גאָטס וועלט. – „לאַנג זאָלט איר לעבן, אַנקודים טראָפּימיטש!“ מיט קיינעם, הייסט עס, מאוסט ער זיך נישט, און רעט ער – איז יעדעס וואָרט זיינס פּשוט מיט אַ רענדל צו שאַצן. אַ מענטש, וואָס האָט אַלץ אריינגעקוקט אין ספרים, אַ למדן, און האָט אַלץ געטלעכע ספרים געלייענט. זעצט ער אַוועק די אַלטע לעבן זיך: „נו, הער-נאָר, ווייב, און פּאַרשטיי מיט קאָפּ!“ און ער הויבט אָן צו פּאַרטייטשן. און די אַלטע, זי איז גאָרנישט אַזאַ אַלטע געווען, די צווייטע באַ אים געווען, צוליב קינדער, הייסט עס, מיט דער ערשטער האָט ער נישט געהאַט. נו, פון דער צווייטער טאַקע, פון מאַריע סטעפּאַ-נאָוונע, האָט ער צוויי זין געהאַט, נאָך נישט קיין דערוואַקסענע; דעם יונגערן, וואַסיען, האָט ער צו זעכציק יאָר געהאַט, און אַקולקע, די טאָכטער, די עלטסטע פון אַלע, הייסט עס, איז אַכצן יאָר אַלט געווען.

– טאַקע דיין ווייב מיינסטו?

– וואַרט-זשע, תחילת וועט דאָ נאָך פילקע מאָראָזאָוו גוט אָנפּרייערן. דו, זאָגט ער, פילקע צו אַנקודימען, צעטייל זיך; די גאַנצע פיר הונדערט קערבלעך גיב אָפּ, און איך בין דיר אַן אַרבעטער בין איך דיר? איך וויל מיט דיר נישט האַנדלען, און דיין אַקולקען, זאָגט ער, וויל איך נישט נעמען. איך האָב איצט, זאָגט ער, אַ הוליע געטאָן. די עלטערן, זאָגט ער, זענען מיר איצט געשטאָרבן, וועל איך טאַקע דאָס געלט פּאַרטרינקען, און נאָכדעם וועל איך מיר פאַרדינגען, ס'הייסט צו די זעלנער וועל איך גיין, און אין אַ יאָר צען אַרום וועל איך קומען צופאָרן אַהער, צו אייך, שוין ווי אַ פעלדמאַרשאַל. אַנקודים

האָט אים דאָס געלט טאַקע אַוועקגעגעבן, אינגאַנצן ווי עס איז געקומען לויטן חשבון, ווייל זיין פאָטער האָט דאָך מיטן אַלטן בשותּפות געהאַנדלט. – „אַ פּאַרפאַלענער מענטש, זאָגט ער, ביזטו“. און ער אים: – נו, צי איך בין שוין אַ פאַרפאַלענער, צי נישט, אָבער מיט דיר, גרויע באָרד, וועל איך מיך נאָך אויסלערנען צו טרינקען מילך דורך אַן אָל. פון צווייגראָשן, זאָגט ער, וואָלסטו געוואָלט מאַכן אַ גאַנצע עקאָנאָמיע, כּלערליי שמאַטעס קלויבסטו אויף – אפשר וועט עס דיר טויגן אין דער קאַשע אַריין. איך האָב אָבער געוואָלט שפּייען אויף דעם. דו זאַמלסט און זאַמלסט, און קויפן וועכטו אַ רוח. איך האָב, זאָגט ער, אַ כאַראַקטער. און דיין אַקולקען וועל איך דאָך נישט נעמען: איך, זאָגט ער, האָב אַזוי אויך מיט איר געשלאָפן...

– און ווי אַזוי־זשע, זאָגט ער, אַנקודים, דערוועגסטו דיך מבזה צו זיין אַן ערלעכן פאָטער, אַן ערלעכע טאָכטער? ווען האָסטו מיט איר געשלאָפן, דו כּלב שבכּלבים, דו רוצח איינער, – און אַליין ציטערט ער אויפן גאַנצן לייב. פּילקע האָט עס אַליין דערציילט. –

– און נישט בלויז מיט מיר, זאָגט ער, נאָר איך וועל אַזוי מאַכן, אַז אייער אַקולקע וועט איצט מיט קיינעם נישט חתונה האָבן, קיינער וועט זי נישט נעמען; אַפילו מיקיטקע גריגאָריטש וועט זי נישט נעמען, ווייל זי איז שוין קיין אָרנטלעכע. נאָך פון יעשען אָן האָב איך שוין מיט איר געלעבט. און איצט וועל איך פאַר הונדערט ראַקעס נישט איינשטימען. אָט מאַך אַ פּראָבע און גיב מיר דאָ אויפן אָרט הונדערט ראַקעס – וועל איך נישט וועלן.

און ער האָט עס אַ הוליע געטון באַ אונדז, דער יונג! אַזוי, אַז די ערד האָט געקרעכצט, די גאַנצע שטאָט האָט געקלונגען. חברים האָט ער צונויפגעשלעפּט, געלט אַ קופּע, דריי

חדשים נאָכאַנאַנד געהוליעט און ס׳גאַנצע געלט צעפּטרט. „וועל איך נאָר מאַכן אַ סוף מיטן געלט, פלעגט ער זאָגן, וועל איך מיך נעמען צום הויז, צו אַלץ, און נאָכדעם וועל איך אַוועק אָדער פאַר אַן אָנגעדונגענעם זעלנער אָדער איך וועל ווערן אַ בראָדיאַגע“. פון אינדערפרי ביז נאַכט פלעגט ער זיין שיכור, אַרומגעפאָרן אויף אַ פּאָר פערד מיט גלעקלעך. און די מיידלעך זענען גאָר אויסגעגאַנגען פאַר אים. אויף אַ טאָרבע האָט ער גוט געשפּילט.

— און מיט אַקולקען, הייסט עס, האָט ער נאָך אַלץ גע-פירט זיינע געשעפטן?

— וואַרט-זשע, אייל נישט. דער פאָטער איז מיר דאַמאָלס געשטאָרבן, און די מוטער האָט מיר, הייסט עס, האָניק-לעקעכ-לעך געבאַקן, אויף אַנקודימען האָבן מיר געאַרבעט, און דערמיט זיך דערנערט. אַ שווער לעבן האָבן מיר געהאַט. נו, מיר האָבן אויך געהאַט אַ שטיקל נחלה הינטערן וואַלד, תבואה האָט מען געזייט; און נאָכן פאָטערס טויט האָט מען אַלץ פאַרקויפט, ווייל איך האָב שוין אויך, גוטער ברודער, אַ הוליע געטון. מיט קלעפּ אויסגעפּרעסט געלט פון דער מוטער. . .

— דאָס איז נישט גוט, אויב מיט קלעפּ. אַ גרויסע עברה.

— ברודער-לעבן, שיכור געווען פון אינדערפרי ביז נאַכט. אַ הויז האָבן מיר געהאַט נאָך גאָר נישקשה, אַפילו שוין צע-פוילט, נאָר דאָך אַן אייגנס, אָבער אין שטוב האָט דער דלות געפּייפט פון אַלע ווינקעלעך. הונגעריק פלעגן מיר זיצן, גאַנצע וואָכן שמאַטעס געקייט. די מאַמע פלעגט מיר די ביינער אויס-עסן. און מיר וואָס!.. איך, ברודער-לעב, בין דאַמאָלס פון פילקע מאָראָזאָוון נישט אָפּגעטראָטן. פון אינדערפרי ביז נאַכט מיט אים. שפּיל מיר, זאָגט ער, אויף דער גיטאַרע און טאַנץ, און איך וועל מיר ליגן און וואַרפן געלט אין דיר, ווייל איך

בּין דער סאַמע רייכסטער מענטש״. און וואָס־וואָס האָט ער דען נישט געטון! קיין גנבות האָט ער נישט צוגענומען: „איך, זאָגט ער, בּין נישט קיין גנב, נאָר אַן ערלעכער מענטש״. „און לאָמיר גיין, זאָגט ער, אַקולקען אויסשמירן דעם טויער מיט דזיעגעכץ. איך וויל נישט, אַז אַקולקע זאָל חתונה האָבּן מיט מיקיטע גריגאָריטשן. דאָס, זאָגט ער, איז איצט מיין איינציקער פאַרלאַנג״. און פאַר מיקיטע גריגאָריטשן האָט דער אַלטער נאָך פריער געוואָלט אויסגעבּן דאָס מיידל. מיקיטע אַליין איז אויך געווען אַן אַלטער מאַן, אַן אַלמן, בּרילן געטראָגן, געמסחרט. ער, ווי ער האָט נאָר דערהערט, אַז וועגן אַקולקען גייען אַרום אַזעלכע קלאַנגען, האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן: „פאַר מיר, זאָגט ער, אַנקודים טראָפּימיטש, וועט עס זיין אַ גרויסער אומכּבוד, און אַזוי חתונה האָבּן, אויף די עלטערע יאָרן, וויל איך נישט״. אָט אַזוי האָבּן מיר אַקולקען דעם טויער אויסגעשמירט. האָט מען זי שוין געשלאָגן, געשלאָגן דערפאַר אינדערהיים... שרייט מאַריע סטעפאַנאָוונע: „פון דער וועלט וועל איך זי אומבּרענגען!״ און דער אַלטער: „אַמאָליקע יאָרן, זאָגט ער, פאַר די ערלעכע פאַטריאַרכן, וואָלט איך זי, זאָגט ער, אויפן שייטער־הויפן אויף שטיקלעך צעהאַקט, און היינט, זאָגט ער, איז אַ פינסטערניש און אַ פאַרפוילעניש אויף דער וועלט״. אויף דער גאַנצער גאַס פלעגן טיילמאָל די שכנים הערן, ווי אַקולקע שרייט און געוואַלדעוועט: געקאַטעוועט האָט מען זי פון אינדערפרי בּיז נאַכט. און פילקע שרייט איבּערן גאַנצן מאַרק: „אַ ווויל מיידל, זאָגט ער, איז אַקולקע, אַ צניעה. קען אונטערהאַלטן אַן עסק. ריין גייסטו, ווייס טראָגסטו, זאָג נאָר וועמען האָסטו ליבּ? איך, זאָגט ער, האָבּ זיי דאָרט געגעבּן גוט צו שמעקן, זיי וועלן שוין האָבּן צו געדענקען״. און אָט אין דער צייט האָבּ איך איינמאָל אָנבּאַגעגנט אַקולקען, מיט די עמערס

איז זי געגאַנגען, און איך שריי: „גוט מאָרגן, אקולינע קודימאָוונע! איז אַ מיידל געגאַנגען, געגאַנגען און ווייט פאַרגאַנגען. זאָג מיר נאָר מיט וועמען?“ און ווי נאָר איך האָב עס געזאָגט, האָט זי אַזוי אַ קוק געטון אויף מיר, אַזעלכע גרויסע אויגן האָט זי געהאַט, און אַליין איז זי אויסגעדאַרט געוואָרן, ווי אַ שפּענדל. און ווי זי האָט אַזוי אַ קוק געטון אויף מיר, מיינט איר מאַמע, אַז זי לאַכט צו מיר, שרייט זי פון טויערל אַרויס: „וואָס איז דער געלענדער אויף דיר, חצופה דג“! און טאַקע אין דעם אייגענעם טאָג האָט מען זי ווידער געשלאָגן. טיילמאָל פלעגט מען איר ברעכן די ביינער אַ גאַנצע זייגערנע שעה. „פאַרשמייסן וועל איך זי, זאָגט די מאַמע, ווייל זי איז מיר שוין איצט נישט קיין טאָכטער“.

— אַ צעלאָזענע, הייסט עס, געווען.

— אָבער דו האָרך נאָר, פעטערל. און אָט ווי מיר שכורן אַזוי דאַמאָלס מיט פּילקען, קומט צו מיר די מאַמע און איך ליג מיר אַזוי: וואָס ליגסטו, זאָגט זי, פּאָדליעץ איינער? רוצח, וואָס דו ביזט“! זידלט זיך, הייסט עס. „האָב חתונה, זאָגט זי, מיט אַקולקען האָב חתונה. איצט וועלן זיי צופרידן זיין, ווען דו וועסט זי אַפילו נעמען פאַר אַ ווייב און דריי הונדערט רובל געלט וועלן זיי געבן“. און איך איר: ס׳טייטש די גאַנצע וועלט ווייס דאָך אָבער איצט, אַז זי איז אַ פאַרפלעקטע. — „אָבער דו שוטה וואָס דו ביזטו, זאָגט זי, מיט דער חופה ווערט אַלץ פאַרדעקט. פאַר דיר איז דאָך אָבער בעסער, ווען זי וועט אויפן גאַנצן לעבן בלייבן מיט אַ חטא קעגן דיר. און מיט זייער געלט וואָלטן מיר זיך אויך עפּעס געמאַכט; מיט מאַריע סטעפּאַנאָוונען, זאָגט זי, האָב איך שוין גערעט. זי וויל זייער“. און איך: „געלט, זאָג איך, צוואַנציק קערבלעך אויפן טיש, גיי איך חתונה האָבן“. און אָט, צי דו וועסט גלויבן, צי נישט, נאָר ביז דער סאַמע

חתונה בין איך טויט־שיכור געווען. און פילקע מאָראָזאָוו סטראַ־
שעט נאָך: „איך וועל דיר, זאָגט ער, אַקולקעס מאַן, אַלע
זשעבערעס צעברעכן, און מיט דיין ווייב, אַז איך וועל וועלן,
וועל איך אַלע נאַכט שלאָפן". און איך אים: „ס'איז שקר,
הינטיש פלייש!"׳ נו, דאָ האָט ער מיר שוין פאַר דער גאַנצער
גאַס פאַרשעמט. לויף איך אַהיים: „איך וויל נישט, זאָג איך,
חתונה האָבן, אויב מען וועט מיר באַלד נישט אַרויסלייגן נאָך
פופציק קערבלעך!"

— און מען האָט זי טאַקע אויסגעגעבן פאַר דיר?

— פאַר מיר? און פאַרוואָס טאַקע נישט? מיר זיינען דאָך
עפּעס נישט געווען קיין פאַרפלעקטע. מיין טאַטע איז נאָר
צולעצט פון אַ שריפה פאַראָרעמט געוואָרן, אַזוי זענען מיר נאָך
רייכער פאַר זיי. אַנקודים האָט טאַקע געזאָגט: „איר, מאַכט ער,
זענט דאָך דלות איבער דלות", און איך ענטפער אים: „זעט איר,
אייער טויער האָט מען גאָר אַ פיין ביסל אויסגעשמירט מיט
דזיעגעכץ". און ער מיר: „נו, מילא, זאָגט ער, איז וואָס קו־
ראזשעסטו זיך אַזוי איבער אונדז? דו באַווייז מיר, זאָגט ער,
אַז זי איז נישט קיין ערלעכע, און אַלע מיילער וועסטו סיי־ווי נישט
פאַרשפאַרן, אָט איז גאָט, זאָגט ער, און אָט איז די שוועל, האָב
נישט חתונה. אָבער דאָס געלט, וואָס דו האָסט גענומען, גיב
אַוועק". און אָט האָב איך דאַמאָלס געמאַכט אַ סוף מיט פילקען:
מיט מיטרי בירקאָוון האָב איך געשיקט אים זאָגן, אַז איך וועל
אים איצט פאַר דער גאַנצער וועלט מביש זיין, און ביז דער
סאַמע חתונה, ברודער־לעבן, בין איך טויט־שיכור געווען. אָבער
צו דער חופה האָב איך מיך אויסגעניכטערט. באַלד ווי מען האָט
אונדז געבראַכט פון דער חופה, האָט מען אונדז אַוועקגעזעצט,
און מיטראָפאַן סטעפּאַניטש, דער פעטער, הייסט עס, רופט זיך
אָן: „ס'איז אַפילו נישט ערלעך, דערפאַר אָבער פעסט, זאָגט ער,

איז דער עסק געמאַכט און פאַרענדיקט". דער אַלטער, אַנקודים, איז אויך שיכּור געווען און האָט אָנגעהויבן צו וויגען. זיצט ער און די טרערן רינען אים איבערן באָרד. נו, און איך, ברודער, האָב דאַמאָלס אָט אַזוי געטון: גענומען מיט זיך אין קעשענע אַריין אַ קאַנטשיק, נאָך צו דער חופּה אָנגעגרייט, און אַזוי טאַקע אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך וועל מיך איצט רעכט אָפּרעכענען מיט אַקולקען, זאָל זי טאַקע וויסן ווי אַזוי מען גייט חתונה האָבן דורך שווינדל, און זאָלן טאַקע מענטשן אויך וויסן, אַז איך האָב נישט חתונה געהאַט מעשה שוטה...

– און גערעכט! ס'הייסט, זי זאָל פילן אויך אויף להבא...

– ניין, פעטערל, דו האָרך אויס און שווייג. בא אונדז איז מען זיך נוהג, אַז באַלד פון דער חופּה פירט מען אונדז אַריין אין אַ קאַמערל, און דער עולם מאַכט בעת מעשה די גוטע כּוסה. נו, האָט מען מיך טאַקע איבערגעלאָזט מיט אַקולקען אין קאַמערל. זיצט זי אַזאַ ווייסע, אין פּנים – קיין טראָפּעלע בלוט נישטאָ. האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, הייסט עס. און האָר האָט זי אויך געהאַט ווייסע, ממש ווי פלאַקס. און די אויגן גרויסע. און זי שווייגט אַלץ. מ'הערט זי נישט, פּונקט ווי אַ שטומע וואָלט דאָ געווינט. עפּעס אינגאַנצן אַזאַ אויסטערלישע איז זי. נו, ברודער-לעבן, שטעל זיך דיר פאָר: אַ קאַנטשיק האָב איך צוגעגרייט און דאָ טאַקע באַם געלעגער אַוועקגעלייגט, און זי, ברודער-לעבן, איז גאָר דורך און דורך ריין און אומשולדיק.

– וואָס רעטסטו!

– דורך און דורך, אינגאַנצן אַן ערלעכע, פון אַן ערלעך הויז, און פאַרוואָס-זשע, ברודער-לעבן, האָט זי, וויבאַלד אַזוי, אַזעלכע יסורים איבערגעטראָגן! פאַרוואָס-זשע האָט זי פּילקע מאַראָזאָוו פאַר דער גאַנצער וועלט פאַרשוואַרצט?

– יאָ.

— האָב מיך טאַקע דאַמאָלס, טאַקע דאָ, אויפן געלעגער, זיך געשטעלט אויף די קני פֿאַר איר און די הענט פֿאַרלייגט: „מוטערל, זאָג איך, אַקולינע קודימאָוונע, זיי מיר מוחל, דעם שוטה, וואָס איך האָב דיך אויך פֿאַר אַזעלכע געהאַלטן. זיי מוחל, זאָג איך, אַ פֿאָדליעץ"! און זי זיצט קעגן מיר אויפן בעט, קוקט אויף מיר, ביידע הענט אויף די אַקסלען מיר אַרויפגעלייגט, לאַכט, און טרערן גיסן זיך איר, וויינט און לאַכט... בין איך אַרויס צו די געסט: „נו, זאָג איך, טרעף איך איצט פילקע מאַראָזאָוון, מעג ער זיך שוין אָפּגעזעגענען מיטן לעבן"! און די אַלטע, זיי ווייסן שוין נישט וויאַזוי גאָט צו דאַנקען: די מאַמע איז איר שיער צו די פֿיס געפֿאַלן, וויינט מיט טרערן. און דער אַלטער האָט זיך אויך אָנגערופן: „אַי, וואָלטן מיר עס פֿריער געוווּסט, טעכטערל טייערס, וואָלטן מיר דיר נישט אַזאַ מאַן אויסגעפֿונען". און אַז מיר זענען דעם ערשטן זונטיק געגאַנגען אין צערקווע אַריין, האָב איך געטראָגן אַ שמוישן היטל, אַ קאַפּטאַן פֿון דינעם טוך און הויזן פֿון פּליוש; און זי — אין אַ ניי פּוקסענעם פּוטערל, מיט אַ זיידן טיכל — ס'הייסט, איך שטיי איר אָן און זי שטייט מיר אָן. אָט ווי אַזוי מיר גייען! מענטשן קוועלן גאָר אָן פֿון אונדז: נו, איך בין דאָך איך און אַקולינושקע, אויב מען טאָר זי נישט רימען פֿאַר יענעם, טאָר מען דאָך אָבער אויך נישט לאָזן פֿאַלן אַ שלעכט וואָרט אויף איר — אַ פֿיין, גאָר אַ פֿיין פּאָרל...

— נו, איז דאָך גוט.

— נו, טאָ הער זשע ווייטער. אויפן צווייטן טאָג, נאָך דער חתונה, בין איך, אַפֿילו נאָך רעכט שכּור, אַנטלאָפֿן פֿון די געסט; אַרויסגעריסן האָב איך מיך און לויף: „גיט מיר אים אַהער, זאָג איך, דעם ליידיק-גייער, דעם פֿילקע מאַראָזאָוון, — גיט מיר אים אַהער, דעם פֿאָדליעץ"! שריי איך אַזוי אין מאַרק. נו, און שיכּור

בין איך אויך געווען; אַזוי האָבן זיי מיך שוין לעבן די וואָלאַסאָווס געפּאַקט און דריי מ'ענטשן האָבן מיך מיט כּוח אַהיימגעפירט. און אין שטאָט דערווייל שמועסט מען. די מיידלעך אויפן מאַרק סודען זיך: „וואָס ווייסט איר דען, קלוגע מיידעלעך? אַקולקע איז דאָך געווען אַן ערלעכע צו דער חתונה“. און קורץ נאָכדעם האָט מיר פילקע פאַר מענטשן אין די אויגן געזאָגט: „פאַרקויף דאָס ווייב, — ווע‏סטו האָבן צו שיכּורן. באַ אונדז, זאָגט ער, האָט דער סאָלדאַט יאַשקע דערפאַר טאַקע חתונה געהאַט: מיטן ווייב נישט געשלאָפן, אַבי אָבער דריי יאָר שיכּור געווען“. מאַך איך צו אים: „דו ביזט אַ פּאָדליעץ“! — „און דו ביזט, זאָגט ער, אַ שוטה. מ'האָט דאָך דיך אַ שיכּורן חתונה געמאַכט. וואָס־זשע האָסטו דאָ, אין דעם דאָזיקן ענין, באַ דיין שכירות געקענט פאַר־שטיין“? קום איך אַהיים און שריי: „איר, זאָג איך, האָט מיך אַ שיכּורן חתונה געמאַכט“! האָט זיך די מאַמע אָנגעטשעפּעט. „מאַמע, זאָג איך, באַ דיר זענען די אויערן מיט גאָלד פאַר־האָנגען. אַקולקען גיב אַהער“! נו, האָב איך זי טאַקע גענומען ממיתן. געממיתט האָב איך איר, ברודער, געממיתט, אַ שעה צוויי געממיתט, ביז איך בין פון די פיס אַוועקגעפאַלן; דריי וואָכן איז זי פון בעט נישט אויפגעשטאַנען.

— נו, נאַטירלעך, — האָט טשערעווין פלעגמאַטיש באַמערקט, — ווע‏סטו זיי נישט שלאָגן, וועלן זיי... און צי האָסטו זי דען געפּאַקט מיטן געליבסן?..

— ניין, פּאַקן האָב איך זי נישט געפּאַקט, — האָט שישקאָוו אַזוי ווי מיט אָנשטרענגונג געענטפערט נאָך אַ קורצן שווייגן. — ס'האָט מיך שוין זייער פאַרדראָסן די מעשה, מענטשן האָבן מיך אַלץ געהעצעט, און דער גאַנצער מאַכער איז דאָ געווען פילקע. — „באַ דיר, זאָגט ער, איז דאָס ווייב אַ מאָדעל, כּדי מענטשן זאָלן אויף איר קוקן“. געסט האָט ער צונויפגערופן, און מיט דער

צונג האָט ער גענומען האקן: „דאָס ווייב, זאָגט ער, איז בײַ אים גאָר אַ ווייכע נשמה, אַן איידעלע, אַן ערלעכע, אַ העפלעכע, מיט אַלע מעלות, אָט ס'אַראַ ווייב! אָבער ער האָט פאַרגעסן, דער יונג, ווי ער האָט איר אַליין באַשמירט מיט דזיעגעכץ דאָס טויער"! איך בין אַ שיכורער געזעסן, און ער האָט מיך אין דער מינוט פאַר די האָר אַ כאַפּ געטון, אַזוי אַ כאַפּ געטון, און מיך אַראָפּגעבויגן: „טאַנץ, זאָגט ער, אַקולקעס מאַן, איך וועל דיך אַזוי פאַר די האָר האַלטן, און דו טאַנץ, מאַך מיר פריילעך"! — „דו ביזט אַ פּאָדליעץ"! שריי איך. און ער מיר: „איך וועל קומען צו דיר מיט אַ קאָמפּאַניע און אַקולקען, דיין ווייב, וועל איך פאַר דיר אין די אויגן שמייסן מיט ריטער, וויפל איך וועל נאָר וועלן". נו, האָב איך נאָכדעם, — גלויב יאָ, גלויב נישט, — אַ גאַנצן חודש מורא געהאַט אַוועקצוגיין פון שטוב: ער וועט קומען, טראַכט איך, וועט ער זי מביש זיין. אָט טאַקע פאַר דעם אַליין האָב איך זי אויך גענומען שלאָגן...

— אָבער צו וואָס דאָס שלאָגן! די הענט קען מען פאַר־בינדן, די צונג אָבער וועסטו נישט פאַרבינדן. שלאָגן אַ סך טויג אויך נישט. באַשטראָף בעסער, לערן און גיב אַ גלעט. אויף דעם איז דאָך דאָס אַ ווייב.

שישקאָוו האָט אַ געווויסע צייט געשוויגן.

— אַ פאַרדראָסיקע זאַך געווען, — האָט ער ווידעראַמאָל אָנגעהויבן, — און אַ געווענהייט איז עס שוין געוואָרן: אַן אַנדער טאָג האָב איך זי פון אינדערפרי ביז אויף דער נאַכט געשלאָגן: דאָ איז זי אויפגעשטאַנען נישט ווי געהעריק, דאָ איז זי אַוועק נישט גוט. שלאָג איך אָבער נישט, איז אומעטיק. פלעגט זי זיצן און שווייגן, קוקן אין פענסטער און וויינען... זי האָט אַלץ געטון און געוויינט, באַפאַלט מיר אַ רחמנות צו איר, אָבער איך שלאָג זי פאָרט. פלעגט מיר די מאַמע מיינע נעמען

פרעסן די ביינער צוליב איר: „דו פּאָדליעץ, פלעגט זי זאָגן. דו כּלב איינער״! – „איך וועל זי דערהרגענען, – שריי איך, – און קינדער טאָר מיר איצט אַ וואָרט נישט זאָגן, ווארום מען האָט מיך חתונה געמאַכט מיט אַ שווינדל״. לכתחילה האָט זיך דער אַלטער אַנקודים אַריינגעמישט, איז אַליין געקומען: „דו מיין נישט, זאָגט ער, אַז דו מעגסט שוין אַלץ טון. נישקשה, איך וועל נאָך געפינען אַ צוים פאַר דיר אויך״! דערנאָך אָבער איז ער אָפּגעטראָטן. און מאַריע סטעפאַנאָוונע – יענע האָט גאָר פאַרלאָרן דאָס לשון. איינמאָל נאָר געקומען – און בעט מיך מיט טרערן: „מיט עגמת-נפש קים איך צו דיר, איוואַן סעמיאָניטש. דער ענין איז אַפילו אַ קליינער, אָבער די בקשה איז אַ גרויסע. האָב רחמנות אויף אונדז, – פאַרנויגט זי זיך – גיב נאָך, זיי איר מוחל! שלעכטע מענטשן האָבן אָנגערעט אויף אונדזער טעכטערל: דו ווייסט דאָך יאָ, אַז דו האָסט אַן ערלעכע גענומען״... און זי נויגט זיך ביז צו די פיס און וויינט. אָבער איך מאַך מיר קוראַזש: „כ'וויל אייך אַפילו נישט הערן! וואָס איך וועל נאָר וועלן איצט, דאָס וועל איך טון מיט אייך אַלעמען, ווייל איך קען מיך שוין נישט באַהערשן איצט. און פילקע מאָראָזאָוו, זאָג איך, איז מיר אַ חבר און דער בעסטער פריינט״...

– הייסט עס, איר האָט ווידער צוזאַמען אַ הוליע געטון?

– ווו דאָרט! ווער קען עס צו אים צוטרעטן. יענער ליגט שכור טאָג און נאַכט. דאָס גאַנצע פאַרמעגן צעפּטרט און זיך פאַרקויפט אַלס זעלנער צו אַ שטאָטישן באַלעבאָס. פאַרן עלטסטן זון האָט ער זיך פאַרקויפט. און בא אונדז פירט זיך שוין אַזוי – ווייבאַלד זיך פאַרקויפט פאַר אַ זעלנער, דאַרף אַלץ פאַר אים ליגן אָפן אין שטוב און ער איז דער גאַנצער באַלעבאָס איבער אַלעם, ביז דעם לעצטן טאָג, ווען מען פירט אים אַוועק. פאַרן אַוועקפירן באַקומט ער דאָס גאַנצע געלט

אויסגעצאָלט, אָבער פריער באַדאַרף ער וווינען באַם באַלעבאָס אין הויז; מען חוינט אַ האַלב יאָר צייט, און אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן, וואָס פאַר אַ שפּיצלעך זיי טוען אָפּ מיטן באַלעבאָס! איך גיי דאָך עפּעס פאַר דיין זון צו די זעלנער, הייסט עס, אַז איך בין אייער בעל-טובה, באַדאַרפט איר מיך אַלע האַלטן זייער חשוב, אַנישט וועל איך מיך אָפּזאָגן. אַזוי האָט טאַקע פילקע אַלץ אין דער וועלט אָפּגעטון באַ זיין באַלעבאָס: מיט זיין טאָכטער געשלאָפן, אַלע טאָג נאָכמיטאָג געשלעפט דעם באַלעבאָס פאַר דער באָרד, — אַלץ פאַר זיין פאַרגעניגן וועגן. יעדן טאָג מוז מען אים מאַכן אַ באָד, און פאַרע פון בראָנפן זאָל מען אים געבן און באַבעס זאָלן אים טראָגן אויף די הענט. גייט ער אַהיים פון דער הוליאַנקע, בלייבט ער שטיין אויף דער גאַס: „איך וויל ניט אַריין דורכן טויער, צענעם מיר דעם פּלויט!" אַזוי האָט מען אים אין אַ צווייט אָרט, לעבן טויער, געמוזט צענעמען דעם פּלויט, איז ער אַרויף אויפן הויף. צולעצט איז געקומען אַ סוף, מען האָט אים אַוועקגעפירט אָפּגעבן פאַר אַ זעלנער און מען האָט אים אויסגעניכטערט. אַן עולם, אַ גרויסער עולם האָט פאַרפלייצט די גאַנצע גאַס: פילקע מאָראָזאָוון פירט מען אָפּגעבן פאַר אַ זעלנער! נויגט ער זיך אויף אַלע זייטן. גייט אָן גראַדע אַקולקע פון גאָרטן. האָט זי פילקע דערזען סאַמע פאַר אונדזער טויער: „שטיי!" שרייט ער. שפּרינגט ער אַראָפּ פון וואָגן און פאַרנויגט זיך פאַר איר ביז צו דער ערד: „נשמהלע מיינס, זאָגט ער, יאַגדעלע מיינס, צוויי יאָר צייט האָב איך דיך ליב געהאַט, און איצט פירט מען מיך אַוועק מיט מוזיק צו די זעלנער. זיי מיר מוחל, זאָגט ער, ער-לעכע טאָכטער פון אַן ערלעכן פאָטער, ווייל איך בין אַן אויס-וווּרף געוועזן קעגן דיר און בין שולדיק אין אַלץ!" און אַ צווייט מאָל פאַרנויגט ער זיך פאַר איר ביז צו דער ערד. און

אַקולקע שטייט, ווי זי וואָלט זיך תּחילת דערשראָקן, און נאָכ־
דעם פאַרנויגט זי זיך פאַר אים ביזן גאַרטל און זאָגט: „זיי
מיר אויך מוחל, וווילער בחורל, איך טראָג אויף דיר קיין שום
האַרץ נישט". גיי איך באַלד נאָך איר אין שטוב אַריין: „וואָס
האָסטו אים, הינטיש פלייש, געזאָגט?" און זי, וועסטו מיר
גלויבן אָדער נישט, האָט אַ קוק געטון אויף מיר: „און איך,
מאַכט זי, האָב אים אַציגנד ליבער פון דער גאַנצער וועלט!"

— זעסטו!..

— אַ גאַנצן טאָג האָב איך איר דאַמאָלס קיין איין וואָרט
נישט געזאָגט... אָבער פאַרנאַכט רוף איך מיך אָן צו איר:
„אַקולקע! איך וועל דיך איצט דערהרגענען." באַנאַכט שלאָפט
זיך מיר עפּעס נישט, בין איך אַרויס אין פאָרהויז ט־ינקען
קוואַס, און דאָ האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. גיי איך
צוריק אין שטוב. „אַקולקע, זאָג איך, פאָרן מיר צו אונדזער
נחלהלע". איך האָב מיך נאָך פריער מכין געווען צו פאָרן
אַהין, און די מאַמע האָט אויך געוווסט, אַז מיר וועלן פאָרן.
„דו ביזט, זאָגט זי, טאַקע גערעכט: ס'איז די רעכטע אַרבעטס־
צייט, און דער אַרבעטער, זאָגט מען, איז שוין דאָרט דעם דריטן
טאָג קראַנק". שפּאַן איך אייך דעם וואָגן, שווייג. פאָרט מען
אַרויס פון אונדזער שטאָט, הויבט זיך באַלד אָן דער וואַלד,
וואָס ציט זיך פופצן וויאָרסט, און נאָכן וואַלד ליגט אונדזער
נחלהלע. פאָרן מיר אַזוי באַ אַ דריי וויאָרסט מיטן וואַלד, שטעל
איך אָפּ דאָס פערד: „שטיי אויף, זאָג איך, אַקולינע, דיין וויס־
טער סוף איז שוין געקומען". קוקט זי אויף מיר און אַ פּחד
באַפאַלט זי, שטעלט זי זיך אויף פאַר מיר, שווייגט. — „נמאס
ביזטו מיר שוין געוואָרן, זאָג איך: בעט צו גאָט"! — און איך
גיב זי אַזוי אַ כאַפּ פאַר די האָר: צעפּ האָט זי געהאַט, אַזעלכע
דיקע, לאַנגע, וויקל איך מיט זיי אַרום די האַנט, און פון

הינטן דריק איך זי צו פֿון ביידע זייטן מיט די קני. נאָכדעם נעם איך אַרויס אַ מעסער, פֿאַרבויג איר דעם קאָפּ אַהינטער, און גיב איר אַזוי אַ פֿידל מיטן מעסער איבערן האַלדז... און זי מאַכט אַזוינע געוואַלדן, און דאָס בלוט פּלייצט אַזוי, ווען איך אָוועק דאָס מעסער, כאַפּ זי אַרום מיט די הענט פֿון פֿאָרנט, לייג מיך אויף דער ערד, נעם זי אַרום און שריי איבער איר מיט די גרעסטע יללות. און זי שרייט, און איך שריי; זי ציטערט אינגאַנצן און צאַפּלט זיך און רייסט זיך פֿון די הענט, און דאָס בלוט אירס פּלייצט און פּלייצט מיר אַזוי אויפֿן פּנים און אויף די הענט. האָב איך זי איבערגעלאָזט און דאָס פֿערד האָב איך איבערגעלאָזט און אַ פּחד איז מיך באַפֿאַלן, האָב איך מיך געלאָזט לויפֿן, לויפֿן און הינטן-אַרום צו זיך אַהיים דערלאָפֿן און אין באָד אַריין: אַן אַלט בעדל האָבן מיר געהאַט, קיינער האָט זיך דאָרט נישט געוואַשן: האָב איך מיך פֿאַררוקט הינטער די בענק און זיך מיר דאָרט. און ביז נאַכט בין איך דאָרט אַזוי געזעסן.

— און וואָס איז מיט אַקולקען?

— אַקולקע איז, אַפּנים, אויפֿגעשטאַנען נאָך מיר און איז אויך אָוועק אַהיים. ערשט דערנאָך האָט מען זי, באַ אַ הונדערט טריט פֿון יענעם אָרט, געפֿונען.

— נישט דערקוילעט, הייסט עס.

— יאָ... — שישקאָוו האָט באַ אַ מינוט געשוויגן.

— פֿאַראַן אַזאַ אָדער, — האָט טשערעווין באַמערקט, — הגן אָט דער אָדער ווערט באַלד פֿאַרן ערשטן מאָל נישט איבערגעשניטן, וועט זיך אַלץ דער מענטש נאָך צאַפּלען און וואַרפֿן, און וויפֿל בלוט עס זאָל נישט אַרויס, וועט ער אַלץ נישט שטאַרבן...

– זי אָבער איז געשטאָרבן. אַ טויטע האָט מען זי אין אָוונט געפונען. מ׳האָט געגעבן צו וויסן, האָט מען מיך גענומען אַרומזוכן און באַנאַכט האָט מען מיך טאַקע געפונען אין באָד!.. שוין דאָס פערטע יאָר ווי איך זיץ דאָ אַזוי, – האָט ער צוגעגעבן נאָך אַ קורצן שווייגן.

– הם... נו, אודאי, ברעכט מען נישט אָן די ביינער ווערט קיין גוטס נישט אַרויסקומען, – האָט טשערעווין קאַלט־און מעטאָדיש באַמערקט, און בעת מעשה ווידער אַרויסגענומען דאָס טאַבאַק־פושקעלע. ער האָט אָנגעהויבן צו שמעקן לאַנג, מיט הפסקות. – און פונדעסטוועגן, דו חברה־מאַן, – האָט ער ווייטער זיך אָנגערופן, – ביזטו נישקשה פון אַ שוטה. איך האָב אויך אַמאָל דאָס ווייב מיינס געפּאַקט מיטן געליבטן. האָב איך זי אַריינגערופן אין שייער אַריין און דעם לייץ אין צווייען איינגעלייגט. „ווען, זאָג איך, האָסטו געשוואָרן? ווען האָסטו געשוואָרן״? און איך האָב מיך גענומען צום קאַטעווען, מיטן לייץ אַזוי געקאַטעוועט און געקאַטעוועט; אַנדערטהאַלבן שעה געקאַטעוועט, שרייט זי שוין צו מיר: „דיינע פיס, שרייט זי, וועל איך וואַשן און דאָס וואַסער וועל איך טרינקען״. אַוודאָטיע האָט זי געהייסן.

V.

## זומער=לעב.

נאָר אָט איז שוין אויך אָנהויב אַפּריל, און אָט דער-נענטערט זיך שוין די הייליקע וואָך. ביסלעכווייז הויבן זיך שוין אָן די זומערדיקע אַרבעטן. די זון איז מיט יעדן טאָג אַלץ וואַרעמער און העלער; די לופט שמעקט מיט פרילינג און ווירקט שטאַרק אויפן אָרגאַניזם. די שיינע טעג רעגן אויף אַפילו אַ געשמידטן מענטשן, דערוועקן אויך אין אים עפּעס אַזעלכע פאַרלאַנגען, שטרעבונגען, בענקשאַפט. אונטער דער העלער זון נעמסטו, דאַכט זיך, שטאַרקער בענקען נאָך דער פריי-הייט, ווי אין אַ נאַסקאַלטן ווינטערדיקן הערבסטיקן טאָג, און דאָס לאָזט זיך מערקן אויף אַלע אַרעסטאַנטן. אויך זיי זענען ווי צופרידן מיט די ליכטיקע טעג, אָבער צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאַרקט זיך אין זיי אויך עפּעס אַ מין אומגעדולדיקייט, עפּעס אַ רייסן זיך ערגעץ. כלעבן, איך האָב באַמערקט, אַז פרילינג-צייט זענען עפּעס אַזוי ווי עפטער אויסגעבראָכן מחלוקתן בײַ אונדז אין טורמע. עפטער האָט זיך גע[illegible]ט הער[illegible]ן טומל מיט געשרייען, מיט געפילדער, מיט אַ[illegible]אַנט רעס. און

צוזאַמען דערמיט פלעגסטו איך טיילמאָל פלוצלינג באַמערקן ערגעץ בא דער אַרבעט, ווי עמעץ האָט פאַרטראַכט און איינגעשפאַרט זיך איינגעשניטן מיטן בליק אין דער בלויער ווייטקייט אַריין, ערגעץ דאָרט, אויפן אַנדערן ברעג פון אירטיש, ווו דער פרייער קירגיזישער סטעפ ציט זיך אַוועק ווי אַן אומגעהויער טישטוך אויף אַנדערטהאַלבן טויזנט ווערסט; און אין אָט דער צייט באַמערקסטו אויך, ווי עמעץ האָט אָפּגעזיפצט, פון גאַנצן האַרצן, פונקט ווי עס וואָלט טאַקע אַזוי געצויגן דעם מענטשן צו עטעמען מיט דערדאָזיקער ווייטער, פרייער לופט און צו פאַרלייכטערן דורך איר די דערשטיקטע, פאַרשמידטע נשמה. — „עך!“ מאַכט צולעצט דער אַרעסטאַנט, און פלוצלינג, ווי ער וואָלט אָפּגעשאָקלט פון זיך די אַלע חלומות און רעיונות, כאַפּט ער זיך פאַרקומערט און אומגעדולדיק פאַר דער לאָפּעטע אָדער פאַר די ציגל, וועלכע מען דאַרף איבערשלעפּן פון איין אָרט אויפן צווייטן. אין אַ מינוט אַרום פאַרגעסט ער שוין אין זיין אומגעריכטער שפּירונג און ער לאַכט שוין אָדער ער זידלט זיך, לויט די אייגנשאַפטן פון זיין כאַראַקטער; אָדער ער כאַפּט זיך גאָר פאַר זיין טייל אַרבעט — אויב ער האָט באַקומען אַזאַ טייל אַרבעט־מיט אומגעוויינלעכן איבעריקן ברען, און ער הויבט אָן צו אַרבעטן מיט אַלע כוחות, פונקט ווי ער וואָלט וועלן דורך דער שווערקייט פון דער אַרבעט דערשטיקן אין זיך עטוואָס אַזוינס, וואָס שטיקט און דריקט אים פון אינעוועניק. דאָס זיינען אַלץ שטאַרקע מענטשן, על־פּי־רוב אין די בליענדיקע יאָרן און כוחות... שווער זיינען די קייטן אין דער דאָזיקער צייט! אין אָט דער מינוט פאָעטיזיר איך נישט און איך בין זיכער אינם אמת פון מיין באַמערקונג. אַחוצדעם, וואָס אין דער וואַרעמקייט, אונטער דער העלער זון, ווען דו הערסט און פילסט מיט דער גאַנצער נשמה, מיט דיין גאַנצן מהות די

גאַטור, וואָס לעבט אויף אַרום דיר מיט אַזאַ געוואַלדיקן כּוח, ווערט נאָך שווערער די פאַרשלאָסענע טורמע, די וואַך און דער פרעמדער ווילן, — אַחוצדעם הויבט זיך אויף אָן מיטן ערשטן לערכפייגל, אין אָט דער פרילינג-צייט דאָס וואַנדערן איבער סיביר און איבער גאַנץ רוסלאַנד; די בראָדיאַגעס אַנט-לויפן פון די טורמעס און באַהאַלטן זיך אויס אין די וועלדער. נאָך דעם דושנעם גרוב, נאָך די פאַרשיידענע געריכטן, קייטן אין שטעקנס, וואַנדערן זיי מיט זייער גאַנצן ווילן, ווו זיי פאַרגלוסט זיך, ווו עס איז פאַר זיי ליבער און פרייער; זיי טרינקען און עסן ווו עס לאָזט זיך, וואָס גאָט שיקט זיי צו, און באַנאַכט שלאָפן זיי רויִק איין ערגעץ אין וואַלד, אָדער אין פעלד, אָן שום זאָרג, אָן דער תּפיסה-בענקשאַפט, ווי די וואַלד-פייגל, זיך געזעגענענדיק אויף באַנאַכט בלויז מיט די שטערן אין הימל, אונטער גאָטס השגחה. יאָ, געוויס! טיילמאָל איז טאָקע שווער, און עס הונגערט טאַקע, און ס'איז פיינלעך „צו דינען באַם גענעראַל קוקושקין“. גאַנצע מעת-לעתן זעט מען טיילמאָל נישט אָן אַ שטיקל ברויט. פאַר אַלעמען דאַרף מען זיך אויסבאַהאַלטן, פאַרגראָבן; עס קומט אויס צו גנבענען און צו ראַבעווען און טיילמאָל אויך צו דערהרגענען. „אַ קאָלאָניסט איז ווי אַ קינד, וואָס ער דערזעט נאָר, שלעפט ער צו זיך.“ זאָגט מען אין סיביר וועגן די קאָלאָניסטן. אָט דאָס שפּריכ-וואָרט קאָן מיט זיין גאַנצער קראַפט און אַפילו מיט אַ געוויי-סער הוספה איבערגעטראָגן ווערן אויך אויף דעם בראָדיאַגע. אַ בראָדיאַגע איז זעלטן נישט קיין רוצח, אָבער שטענדיק כּמעט אַ גנב, פאַרשטייט זיך, מער פון נויטווענדיקייט, ווי פון בּאַרוף. פאַראַן איינגעוואָרצלטע בראָדיאַגעס. ס'לויפן אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן שוין געענדיקט דעם קאַטאָרגע-טערמין: פון זייער נחלה לויפן זיי. אַזאַ איינער וואָלט, דאַכט זיך, באַדאַרפט זיין צופרידן,

ווארום אי ער איז אויף דער נחלה אי ער איז פאַרזאָרגט,
אָבער ניין, ס'ציט אים אַלץ ערגעץ, ס'רופט אים ערגעץ. דאָס
לעבן אין די וועלדער, איז טאַקע אַן אָרעם און אַ שרעקלעך
לעבן, דערפאַר אָבער פריי און פול מיט פּאַסירונגען. ס'האָט
אין זיך עפּעס פאַרפירערישעס, עפּעס אַ געהיימען רייץ פאַר די
יעניקע, וואָס האָבן עס שוין אַמאָל פאַרזוכט. און אָט, זעסטו,
איז אַנטלאָפן אַ מענטש, טיילמאָל אַפילו אַ באַשיידענער, אַ
פינקטלעכער, וועלכער האָט שוין מבטיח געווען צו ווערן אַ
גוטער באַזעסענער מענטש און אַ טיכטיקער באַלעבאָס. אַן אַנ־
דערער האָט אַפילו חתונה, ווערט אַ טאַטע פון קינדער, ווינט
אַ יאָר פינף אויף איין אָרט און פלוצלונג, אין איין שיינעם
פרימאָרגן, ווערט ער אַנטרונען ערגעץ, און לאָזט איבער אַ
פאַרגאַפּט ווייב און קינדער און דעם גאַנצן ישוב, צו וועלכן
ער איז צוגעשריבן געוואָרן. אין טורמע האָט מען מיר אָנגע־
וויזן אויף איינעם פון דעם סאָרט פליטהניקעס. ער איז קיין
שום באַזונדערע פאַרברעכנס נישט באַגאַנגען, על־כּל־פּנים האָט
מען נישט געהערט, אַז מען זאָל רעדן וועגן אים אַזוינע זאַכן,
און דאָך איז ער אַלץ געלאָפן, דאָס גאַנצע לעבן זיינס איז ער
דורכגעלאָפן. ער איז געווען אויף דער דרום־רוסישער גרענעץ,
הינטערן דונאַי, און אין די קירגיזישע סטעפּעס, און אין מזרח־
סיביר און אויף קאַווקאַז, — אומעטום איז ער געווען. ווער
ווייסט, עס קאָן זיין, אַז בא אַנדערע אומשטענדן וואָלט פון
אים אַרויסגעקומען אַ ראָבינזאָן קרוזע מיט זיין ליידנשאַפט צו
וואַנדערן. איבעריקנס, האָב איך דאָס אַלץ געהערט וועגן אים
פון אַנדערע; אַליין אָבער האָט ער. אין טורמע ווייניק גערעט,
און, אויב ער האָט שוין יאָ עפּעס געזאָגט, איז עס געווען
דאָס סאַמע נויטיקסטע. דאָס איז געווען גאָר אַ קליינטשיק
פויערל, שוין פון אַ יאָר פופציק, זייער אַ שטילס, מיט זייער

אַ רויק און אַפּילו טעמפּ געזיכט, רויק ביז אידיאָטישקייט. זומער האָט ער ליב געהאַט צו זיצן אויף דער זון און אַלעמאָל פלעגט ער ברומען עפּעס אַ לידל, אָבער אַזוי שטיל, אַז פאַר פינף טריט פון אים האָט מען עס שוין נישט געהערט. געהאַט האָט ער עפּעס אַזוינע פאַרגליווערטע געזיכטשטריכן. געגעסן האָט ער ווייניק און על־פּי־רוב ברויט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקויפט קיין קוילעטש, קיין פלעשעלע בראַנפן; און איך בין מסופק, צי האָט ער אַמאָל געהאַט געלט, און צי ער האָט אויך געקענט ציילן. צו אַלץ האָט ער זיך באַצויגן לחלוטין רויק. די טורמע־הינטלעך האָט ער טיילמאָל געקאָרמעט פון דער האַנט, און באַ אונדז האָט קיינער נישט געגעבן די טורמע־הינט צו עסן. אַ רוסישער מענטש האָט בכלל נישט ליב צו געבן הינט צו עסן. מען האָט אַפילו געשמועסט, אַז ער האָט חתונה געהאַט און אַפילו אַמאָל צוויי; מען האָט אויך געשמועסט, אַז ער האָט ערגעץ קינדער... פאַרוואָס ער איז אַריינגעפאַלן אין טורמע, ווייס איך נישט. באַ אונדז האָט מען אַלץ געוואַרט, ער זאָל מאַכן פליטה. נאָר אָדער זיין צייט איז נאָך נישט געקומען, אָדער די צייט איז שוין אַוועק. אָבער ער האָט זיך רויק געלעבט און אַזוי ווי מיט רויקע אויגן זיך צוגעקוקט צו אָט דער גאַנצער אויסטערלישער סביבה, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. איבעריקנס, האָט מען נישט געקענט גאַראַנטירן פאַר אים, הגם ס'האָט זיך אַפילו געקאָנט דאַכטן, למאַי טאַקע זאָל ער מאַכן פליטה, וואָס וועט ער דאָ געווינען? און פונדעסטוועגן איז פאָרט, אין כלל גענומען, דאָס וואַנדער־לעבן אין די וועלדער — אַ גן־עדן אַנטקעגן דעם לעבן אין טורמע. דאָס איז אַזוי פאַרשטענדלעך. און עס קאָן גאָרנישט זיין קיין שום פאַרגלייך. ס'איז אַפילו אַ שווער ביטער לעבן, אָבער פאָרט — אַן אייגענער ווילן. און אָט דערפאַר טאַקע איז וועדט

צפעס יעדער אַרעסטאַנט אין רוסלאַנד, ווו ער זאָל נישט זיצן, אומרויק אין פרילינג, מיט די ערשטע מחיהדיקה שטראַלן פון דער פרילינג-זון. הגם ווייט נישט יעדער האָט בכונה צו מאַכן פליטה: לויט די שוועריקייטן און דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, קען מען זיכער זאָגן, אַז איינער פון הונדערט באַשליסט זיך אויף דעם; דערפאַר אָבער וועלן די איבעריקע ניין און ניינציק כאָטש חלומען וועגן דעם, וויאַזוי קען מען, אַ שטייגער, מאַכן פליטה, און ווּתין מאַכט מען פליטה; ס'ווערט כאָטש לייכטער אויף דער נשמה באַ דעם איין בלויזן פאַרלאַנג, באַ דער בלויזער פאָרשטעלונג פון דער דאָזיקער מעגלעכקייט. אַן אַנדערער וועט זיך כאָטש דערמאנען, וויאַזוי ער איז אַמאָל-אַמאָל אַנטלאָפן... איך רעד איצט בלויז פון די פאַרמשפטע. אָבער ס'פאַרשטייט זיך, אַז עפטער און מער פון אַלע אַנדערע דערוועגן זיך צו מאַכן פליטה די יעניקע פון די אָנגעקלאָגטע. די, וואָס זענען שוין פאַרמשפט מיט אַ טערמין, וועלן אפשר אַנטלויפן אין דער ערשטער צייט פון זייער אַרעסטאַנטן-לעבן. אָפגעוועז אַ צוויי-דריי יאָר קאַטאָרגע, הויבט שוין דער אַרעסטאַנט אָן זיך צו רעכענען מיט די דאָזיקע יאָרן, און ביסלעכווייז באַשליסט ער באַ זיך, אַז ס'איז גלייכער צו פאַרענדיקן געזעצלעך זיין אַרבעט-טערמין און זיך באַזעצן אויף דער נחלה, ווי אַריינצולאָזן זיך אין אַזאַ ריזיקע און אין אַזאַ סכנות נפשות, אויב עס זאָל נישט געלינגען. און אז עס זאָל נישט געלינגען, איז דאָך אַזוי מעגלעך. בלויז דעם צענטן וועט אפשר געלינגען איבערצוטוישן זיין גורל. פון די פאַרמשפטע ריזיקירן אויך צו אַנטלויפן איבערהויפט די יעניקע, וואָס זענען פאַרמשפט געוואָרן צו גאָר לאַנגע טערמינען. פופצן-צוואַנציק יאָר זעען אויס ווי אַן אייביקייט, און דער, וואָס באַקומט אַזאַ טערמין, איז שטענדיק גרייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם, אַז מען דאַרף איבערטוישן

דעם גורל, הגם ער האָט שוין צען יאָר קאַטאָרגע אָפּגעפּטרט.
ענדלעך, זענען די שטעמפּלען אויף אַ טײלװײַזע מניעה בשעת
מען װיל רעזיקירן צו אַנטלױפן. איבערטױשן דעם גורל
איז אַ טעכנישער אױסדרוק. און טאַקע בײַ דער אױספאָרשונג,
װוּ ס'װערט דערװיזן, אַז דער אַרעסטאַנט האָט געמאַכט פּליטה,
ענטפערט ער פּשוט, אַז ער האָט געװאָלט איבערטױשן זײַן גורל.
אָט דער עטװאָס ליטעראַרישער אױסדרוק איז בוכשטעבלעך צו-
געפּאַסט צו דעם דאָזיקן ענין. יעדער פּליטהניק מײנט גאָרנישט,
אַז ער װעט זיך אינגאַנצן באַפרײַען, ער װײסט, אַז דאָס איז
כמעט אוממעגלעך, – ער מײנט אָבער, אַז ער װעט אָדער אַרײַנ-
פאַלן אין אַן אַנדער תפיסה, אָדער ער װעט זיך אײַנאָרדנען אויף
אַ נחלה, אָדער ער װעט געמשפּט װערן פון דאָסניי, צוליב אַ
נײעם פאַרברעכן, װאָס איז שוין באַגאַנגען געװאָרן אין זײַן
װאַנדערװעג, – מיט אײן װאָרט, װי עס זאָל נישט זײַן, אַבי
נישט דאָס אַלטע אָרט, װאָס איז אים שוין גוט נמאס געװאָרן,
אַבי נישט אין דער פריערדיקער טורמע. די אַלע פּליטהניקעס,
אויב זײ װעלן נישט געפינען אין פאַרלויף פונם זומער עפּעס אַ
צופעליקן אומגעװײנטלעכן אָרט, װוּ איבערצװינטערן – אויב זײ
זאָלן זיך, אַ שטײגער, נישט אָנשטויסן אויף אַזאַ אײנעם, װאָס
באַהאַלט אויס די פּליטהניקעס און באַקומט דערפאַר אַ געװיסן
לוין, און, צולעצט, אויב זײ װעלן זיך נישט פאַרשאַפן, טײלמאָל
אַפילו דורך רציחה, עפּעס אַ פּאַספּאָרט, װאָס גיט די מעגלעכ-
קײט צו װױנען אומעטום, – װעלן זײ על-פּי-רוב אַלײן, אויב
מען װעט זײ פריער נישט פאַקן, קומען צו הערבסט, מהנותװײז
אין די שטעט און אין די טורמעס אַלס בראָדיאַגעס, און זײ
זעצן זיך אַרײַן אין די תפיסות, װוּ זײ זענען זיך מכין איבער-
צװינטערן, נאַטירלעך, מיט דער האָפנונג, אַז זומער װעט מען
װידעראַמאָל מאַכן פּליטה.

דער פריילינג האָט אויך אויף מיר געווירקט. איך געדענק, ווי איך האָב טיילמאָל מיט אַזאַ דורשט געקוקט דורך די שפּאַלטן פון די שטאַכעטן און לאַנג־לאַנג אַזוי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן אונדזער פּאַרקאַן, און זיך בשום אופן נישט געקאָנט אָנקוקן צו דער זעט, ווי עס גרינט דאָס גראָז דאָרט אויף אונדזער פעסטונג־וואַל, און ווי די הימלבלויקייט ווערט אַלץ געדיכטער און געדיכטער. מיט יעדן טאָג איז געוואָקסן מיין אומרויִקייט און מיין בענקשאַפט, און די טורמע איז מיר אַלץ מער און מער דערווידער געוואָרן. די שנאה, וועלכע איך האָב שטענדיק געשפּירט אויף זיך מצד די אַרעסטאַנטן אינם משך פון די ערשטע יאָרן, צוליב דעם, ווייל איך האָב געהערט צום אדל, איז געוואָרן גאָר אומדערטרעגלעך פאַר מיר; זי האָט פאַרסמט מיין גאַנץ לעבן. אין די דאָזיקע ערשטע יאָרן בין איך אָפט אַוועק אָן אַ שום מחלה, אין שפּיטאָל, בלויז דערפאַר, איך זאָל נישט זיין אין טורמע, בלויז פטור צו ווערן פון דער איינגעשפּאַרטער, מיט קיין שום זאַך נישט געשטילטער, אַלגעמיינער פיינטשאַפט. „איר זענט אייזערנע שנאָבלען, איר האָט אונדז צעפּיקט!״ האָבן אונדז די אַרעסטאַנטן צוגעוואָרפן, און ווי איך פלעג עס מקנא זיין דעם פשוטן המון, וואָס איז געקומען אין טורמע! די דאָזיקע זענען באַלד געוואָרן מיט אַלעמען חבר־לאַפּ. און דערפאַר טאַקע האָט דער פריילינג, דער דאָזיקער געשפּענסט פון פרייהייט, די דאָזיקע אַלגעמיינע שמחה אין דער נאַטור, צערייצט מיר די נערוון און געמאַכט מיך אומעטיק. אין דער פאָסטצייט, שוין באַם סוף, דאַכט מיר, אויף דער זעקסטער וואָך, איז מיר אויסגעקומען צו פאַסטן. די גאַנצע טורמע, איז נאָך פון דער ערשטער וואָך אָן איינגעטיילט געוואָרן דורכן עלטערן אונטעראָפיציר אויף זיבן פאַסט־גרופּעס, לויט דער צאָל וואָכן פון פאָסט. אין יעדער פאַסט־גרופּע האָבן זיך אַזויאַרום באַטייליקט באַ אַ

דרייסיק נפשות. די וואָך פון פאַסטן איז מיר געווען זייער צום האַרצן. די פאַסטער זענען באַפרייט געוואָרן פון אַרבעט. מיר זענען געגאַנגען אין צערקווע, וועלכע איז געווען נישט ווייט פון טורמע, צו צוויי מאָל און צו דריי מאָל אין טאָג. איך בין שוין לאַנג נישט געווען אין צערקווע. די תּפֿלות און צערעמאָניעס פונם גרויסן פאָסט, וואָס זענען מיר אַזוי באַקאַנט געווען נאָך פון די ווייטע קינדעריאָרן, בײַ די עלטערן אין הויז, די פייערלעכע תּפֿילות, דאָס קניען ביז צו דער ערד, — דאָס אַלץ האָט אויפגערודערט אין מיין נשמה דעם ווייטן־ווייטן עבר, האָט מיר דערמאָנט די איינדרוקן נאָך פון די קינדעריאָרן, און איך געדענק, ווי מיר איז געווען זייער אנגענעם, ווען די וואָך האָט אונדז אינדערפרי, איבער דער צוגעפרוירענער ערד פון דער נאַכט, געפירט מיט אָנגעלאָדענע ביקסן אין גאָטס הויז אַריין. די וואָך איז, איבעריקנס, נישט אַריינגעגאַנגען אין צערקווע. אין צערקווע זענען מיר געבליבן שטיין ווי אַ צוזאַמענגעדריקטע קופּע בײַ די סאַמע טירן, אויפן לעצטן אָרט, אַזוי, אַז מען האָט געהערט בלויז דעם דיאַקס הילכיק קול, און דורכן עולם האָסטו אַמאָל באַמערקט די ריזע און דעם פליך פונם פּאָפּ. איך האָב מיך דערמאָנט, ווי אַמאָל, נאָך אין די קינדעריאָרן, בשעת איך בין געשטאַנען אין צערקווע, האָב איך טיילמאָל געגלאָצט מיט די אויגן אויפן פּשוטן פאָלק, וואָס האָט זיך שטאַרק געדריקט בײַם אַריינגאַנג און וואָס האָט זיך מיט גרויס יראה אָפּגערוקט פאַר די שליפעס, פאַרן דיקן פריץ, אָדער פאַר דער אויסגעפוצטער, נאָר זייער פרומער פריצה, וועלכע זענען תּמיד אַדורכגעגאַנגען צו די ערשטע ערטער און זענען אַ ליאַדע מינוט גרייט געווען זיך אַרומצוקריגן פאַרן „אויבן־אָן“. דאָרט, בײַם אַריינגאַנג, האָט מיר דאַמאָלס אויסגעוויזן, האָט מען עפּעס מתפּלל געווען גאָרנישט אַזוי ווי בײַ אונדז; מען האָט געבעטן צו

גאָט מיט הכנעה, מיט התמדה, מיט קניען ביז צו דער ערד און מיט אַזאַ פולן באַוווסטזיין פון זייער דערנידערונג.

איצט איז מיר אויך אויסגעקומען צו שטיין אויף דיזעלבע ערטער, און אפילו אויף דיזעלבע אויך נישט: מיר זענען גע-ווען געשמידט און געשענדט. פון אונדז האָבן זיך אַלע דער-ווייטערט, מען האָט זיך אַזויווי געשראָקן פאַר אונדז, יעדעס מאָל האָט מען אונדז אָפגעפטרט מיט אַ נדבה, און איך גע-דענק, ווי מיר איז עס אַפילו געווען זייער אנגענעם, עפּעס אַ מין ראַפינירטע באַזונדערע שפּירונג איז געלעגן אין אָט דעם אויסטערלישן תענוג. „מילא, זאָל זיין אַזוי!“ האָב איך מיר גע-טראַכט. די אַרעסטאַנטן האָבן מתפלל געווען מיט גרויס התמדה-יעדער פון זיי האָט יעדעס מאָל געבּרענגט מיט זיך אין צערקווע אַריין זיין אָרעמע קאָפּעקע אויף אַ ליכטל אָדער צו געבן אויף דער צערקווע-זאַמלונג: „בין איך דאָך עפּעס אויך אַ מענטש,— האָט ער מעגלעך געטראַכט אָדער געפילט, דערלאַנגענדיק די קאָפּעקע: — פאַר גאָט זענען מיר דאָך אַלע גלייך“... מיר האָבן זיך מתודה געווען באַ דער השכמהדיקער תפילה-אָפּריכטונג. ווען דער פּאָפּ האָט מיטן בעכער אין דער האַנט געזאָגט די ווערטער: „...זאָלסט מיך אויפנעמען ווי אַ רוצח“, האָבן זיך כמעט אַלע אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד, קליי-גענדיק מיט די קייטן, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דיזאָזיקע ווערטער ווערן בוכשטעבלעך אָנגענומען אויפן אייגענעם חשבון.

נאָר אָט איז געקומען די הייליקע וואָך. יעדער איינער פון אונדז האָט פון דער נאַטשאַלסטווע באַקומען אַן איי און אַ הלק ווייס ברויט. פון שטאָט האָט מען ווידער פאַרוואָרפן די טורמע מיט נדבות. ווידעראַמאָל דער באַזוך פון פּאָפּ מיטן צלם, ווידעראַמאָל דער באַזוך פון נאַטשאַלסטווע, ווידער דער פעטער קרויט, ווידער דאָס שכרות און דאָס אַרומדרייען

זיך שכור אויף די פיס — אַלץ האָר אין האָר ווי אין ווינאַכט, אָבער מיט דעם חילוק, וואָס איצט האָט מען שוין געקענט שפּאַצירן אויפן טורמע־הויף און וואַרעמען זיך אויף דער זון. עס איז עפּעס געווען ליכטיקער, פרייער, ווי ווינטער, אָבער אויך עפּעס פיינלעך־אומעטיקער. דער אומענדלעך־לאַנגער זומערדיקער טאָג איז געוואָרן עפּעס באַזונדערס אומדערטרעגלעך אין די יום־טובים. אינדערוואָכן איז דער טאָג, לפּחות, פאַרקירצט געוואָרן דורך דער אַרבעט.

די זומערדיקע אַרבעטן האָבן זיך באמת אַרויסגעוויזן אַ סך שווערער פון די ווינטערדיקע. געאַרבעט האָט מען דער־עיקרשט באַ די אינזשענערן־בנינים. די אַרעסטאַנטן האָבן געבויט, געגראָבן ערד, געלייגט ציגל; אַנדערע פון זיי האָבן געאַרבעט שלאָסעריי, סטאָלעריי אָדער מאַלעריי, באַ די רעמאָנטן פון די רעגירונגס־הייזער. אַנדערע, ווידער, זענען געגאַנגען אין דער ציגל־פאַבריק — מאַכן ציגל. די דאָזיקע אַרבעט האָט מען באַ אונדז געהאַלטן פאַר דער שווערסטער. די ציגל־פאַבריק איז געשטאַנען באַ אַ וויאָרסט דריי אָדער פיר פון דער פעסטונג. אינם משך פונם זומער, טאָג־איין, טאָג־אויס, אַלע אינדערפרי, אַרום זעקס אַ זייגער, איז אַ גאַנצע פּאַרטיע אַרעסטאַנטן, פון אַ מאַן פופציק, אַוועק מאַכן ציגל. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען אויסגעקליבן די טאָג־אַרבעטער, ד. ה. נישט קיין פאַך־לייט און נישט אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט עפּעס אַ פאַך. זיי האָבן מיטגענומען ברויט, ווייל דאָס אָרט, ווו מען האָט געאַרבעט, איז געווען צו ווייט, און ס׳איז נישט באַקוועם געווען צו גיין אויף מיטאָג אין תפיסה און אַזוי־אַרום צו מאַכן אַ וויאָרסט אַכט איבעריקע; דערי האָט מען שוין געגעסן מיטאָג אין אָוונט, צוריקקומענדיק אין טורמע אַריין. דעם חלק אַרבעט האָט מען אויסגעטיילט אויף אַ גאַנצן

טאָג, אָבער דאָס איז געווען אַזאַ חלק, אַז פאַר אַ גאַנצן טאָג
פּראַצע האָט זיך דער אַרעסטאַנט קוים געקענט מיט אים אָן
עצה געבן. ראשית, האָט מען געדאַרפט אָנגראָבן און אַרויספירן
ליים, אַליין אָנטראָגן וואַסער, אַליין צעטרעטן דאָס ליים אינעם
ליים־גרוב און, צולעצט, מאַכן פון דעם עפּעס זייער פיל ציגל,
דאַכט מיר, בײַ צוויי הונדערט, און מעגלעך אַפילו בײַ צוויי
מיט אַ האַלבּס. איך בין אינגאַנצן בלויז צוויי מאָל געגאַנגען
אין דער ציגל־פאַבריק. די פאַבריק־אַרבעטער האָבן זיך צוריק־
געקערט שוין אין אָוונט, מיד און אויסגעמוטשעט, און האָבן
שטענדיק דעם גאַנצן זומער פאָרגעוואָרפן די אַנדערע, אַז זיי
טוען די סאַמע שווערסטע אַרבעט. דאָס איז, אַפּנים, געווען
זייער איינציקע טרייסט. נישט געקוקט אָבער דערויף, זענען
מאַנכע אַפילו גאַנץ גערן געגאַנגען אין דער ציגל־פאַבריק.
ערשטנס, האָט מען געאַרבעט הינטערן שטאָט, ס׳איז געווען אַ
פריי און אָפן אָרט, אויפן ברעג פון אירטיש. קוקט מען זיך
אַרום, איז פאָרט עפּעס אַנגענעמער, ס׳איז דאָך נישט די רע־
גירונגס־פעסטונג! מען האָט אויך געקאָנט פריי רויכערן און
אַפילו ליגן בײַ אַ האַלבע שעה צייט מיט פאַרגעניגן. איך בין אָבער
ווי פריער געגאַנגען אין וואַרשטאַט, אָדער אויף דער אַלאַ־
באַסטער־אַרבעט אָדער מען האָט מיך גענומען אַלס ציגל־דער־
לאַנגער בײַ די בנינים. אין לעצטן פאַל איז מיר איינמאָל אויס־
געקומען איבערצושלעפּן די ציגל פונעם ברעג אירטיש צו דער גע־
מויערטער קאַזאַרמע אויף אַ שטח פון אַ זיבעציק קלאַפטער, דורכן
וואַל פון דער פעסטונג, און די דאָזיקע אַרבעט האָט געדויערט
אָן הפסקות צוויי חדשים צייט. די דאָזיקע אַרבעט איז מיר
אַפילו געווען צום האַרצן, הגם דער שטריק, מיט וועלכן איך
האָב געשלעפּט די ציגל, האָט זיך מיר כסדר איינגעשניטן אין
פּלייצע. אָבער מיר האָט שטאַרק אימפּאָנירט, וואָס די פּראַצע

האָט, קענטיק, אַנטוויקלט מיינע כּוחות. תּחילת האָב איך געקענט טראָגן נאָר צו אַכט ציגל, און יעדער ציגל האָט געוויגן בײַ אַ צוועלף פונט. דערנאָך אָבער בין איך ביסלעכווייז דערגאַנגען צו צוועלף און צו פופצן ציגל, און דאָס האָט מיך זייער געפרייט. די פיזישע כּוחות זענען אין קאַטאָרגע נישט ווייניקער נויטיק, ווי די מאָראַלישע, כּדי מען זאָל קענען אויסהאַלטן די אַלע מאַטעריעלע אומבאַקוועמלעכקייטן פון דעם דאָזיקן פאַרשאָלטענעם לעבן.

און איך האָב דאָך געוואָלט אויך נאָך דער טורמע לעבן...

איבעריקנס, האָב איך ליב געהאַט צו שלעפּן ציגל, נישט בלויז דערפאַר וואָס פון דער דאָזיקער אַרבעט ווערט שטאַרקער דער קערפּער, נאָר אויך דערפאַר, וואָס די אַרבעט איז געווען אויפן ברעג אירטיש. איך רעד טאַקע דערפאַר אַזוי אָפט וועגן דעם דאָזיקן ברעג, ווייל בלויז פון אים האָט מען געקאָנט זען גאָטס וועלט, די ריינע, קלאָרע ווייטקייט, די נישט באַוווינטע פרייע סטעפּעס, וועלכע האָבן געמאַכט אויף מיר אַ מאָדנעם איינדרוק מיט זייער וויסטקייט. און טאַקע אויפן ברעג האָט מען זיך געקאָנט שטעלן מיטן רוקן צו דער פעסטונג און זי נישט זען. די אַלע איבעריקע אַרבעטס־פּלעצער זענען געווען אין פעסטונג אָדער לעבן איר. פון די סאַמע ערשטע טעג אָן האָב איך פיינט געקראָגן די דאָזיקע פעסטונג און באַזונדערס מאַנכע בנינים אירע. דאָס הויז פון אונדזער פּלאַץ־מאַיאָר האָט מיר אויסגעוויזן עפּיס אַזאַ פאַרשאָלטן, עקלהאַפט אָרט, און מיט שׂנאה האָב איך יעדעס מאָל געקוקט אויף דעם, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען. אויפן ברעג אָבער האָט מען זיך געקאָנט פאַרגעסן: דו פלעגסט קוקן אין דעם דאָזיקן אומענדלעכן וויסטן שטח, פונקט ווי אַן אַרעסטאַנט פון זיין תּפיסה־פענסטערל אויף דער פרייהייט. אַלץ איז מיר דאָ געווען טייער און ליב:

אי די העלע בּרענענדיקע זון אויפן טיפן בלויען הימל, אי דאָס ווייטע ליד פון אַ קירגיז, וואָס האָט זיך דערטראָגן פונם קירגיזישן בּרעג. דו קוקסט זיך איין לאַנג און דו בּאַמערקסט, צולעצט, עפּעס אַן אָרעם, פאַררויכערט יורטעלע פון עפּעס אַ בּייגוש, דו בּאַמערקסט דאָס רויכל פון יורטעלע, און דאָס קירגיזישע ווייבל, וואָס טענטלט זיך דאָרט מיט אירע צוויי בּאַראַנעס. דאָס אַלץ איז אָרעם און ווילד, אָבּער פריי. דו זעסט עפּעס אַ פייגל אין דער בּלוילעכער דורכזיכטיקער לופט און לאַנג און פאַרעקשנט קוקסטו נאָך מיטן אויג זיין פליען: אָט האָט ער זיך אַ לאָז געטון איבּערן וואַסער, אָט איז ער נעלם געוואָרן אין דער בּלויקייט, אָט האָט ער זיך ווידער בּאַוויזן, ווי אַ קוים שימערירנדיק פינטעלע... אַפילו דאָס אָרעמע אָפּגעצערטע בּלימל, וואָס איך האָבּ פרי-יאָר געפונען אינדערפרי אין אַ שפּאַלט פון שטיינערנעם בּרעג, — אויך אויף דעם האָט זיך ווי עפּעס מיט ווייטיק אָפּגעשטעלט מיין אויפמערקזאַמקייט. די בּענקשאַפט פון אָט דעם ערשטן קאַטאָרגע-יאָר איז געווען זייער אַ שווערע און האָט פיינלעך-בּיטער געווירקט אויף מיינע נערוון. אין דעם דאָזיקן ערשטן יאָר האָבּ איך צוליבּ דער בּענקשאַפט אַ סך זאַכן אַרום זיך נישט בּאַמערקט. איך האָבּ פאַרמאַכט די אויגן און גאָרנישט געוואָלט זען. צווישן מיינע בּייזע, פיינטלעכע חברים-קאַטאָרזשניקעס האָבּ איך נישט בּאַמערקט קיין גוטע מענטשן, וואָס זאָלן קאָנען דענקען און פילן, נישט געקוקט אויף דער אָפּשטויסנדיקער קאָרע, וואָס בּאַדעקט זיי פון אויבּן. צווישן די גיפטיקע ווערטער האָבּ איך קיינמאָל נישט געהערט קיין פריינטלעך און וואַרעם וואָרט, וואָס וואָלט נאָך אַוודאי טייערער געווען, ווייל עס וואָלט אַרויסגעזאָגט געוואָרן אָן שום כּוונות, און נישט זעלטן גלייך פון האַרץ אַרויס, און נאָך אַוודאי פון אַזאַ האַרץ, וואָס האָט נאָך מער פון מיר געליטן און איבּערגע-

לעבט. נאָר צו וואָס אַזויפיל ריידן דערפון? איך בין זייער צו־פרידן געווען, ווען איך האָב מיך שטאַרק איינגעמאַטערט, גייענדיק צוריק אין טורמע: אפשר וועל איך איינשלאָפן! ווייל דאָס שלאָפן זומער איז בײַ אונדז געווען אַן אמתע פּיין, נאָך ערגער ווי ווינטער. אמת, די אָוונטן זענען טיילמאָל געווען זייער גוטע. די זון, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג נישט אַראָפּגע־גאַנגען פון טורמע־הויף, איז צולעצט פאַרגאַנגען. עס איז גע־וואָרן קיל, און באַלד דערויף איז צוגעפאַלן כמעט אַ קאַלטע (לפי ערך) סטעפּעס־נאַכט. די אַרעסטאַנטן, וואַרטנדיק, אַז מען וועט זיי באַלד פאַרשפאַרן אונטערן שלאָס, שפּאַנען אַרום איבערן הויף. דער גרעסערער עולם אָבער באַמבלט זיך מער אין קיך. דאָרט וואַקסט שטענדיק אויס עפּעס אַ וויכטיקע טורמע־פראַגע, מען פּלפּולט זיך וועגן דאָס און יענץ, מען באַטראַכט טיילמאָל עפּעס אַ קלאַנג, עפּעטער אַ נאַרישער, וואָס רופט אַרויס אָבער אַן אומגעוויינלעכן אינטערעס בײַ די דאָזיקע, פון דער וועלט פאַרשטויס׳נע, מענטשן. אָט איז, אַ שטייגער, אַ ידיעה, אַז אונדזער פּלאַץ־מאַיאָר ווערט אַראָפּגעזעצט. די אַרעסטאַנטן זענען לייכטגלויביקע, ווי קינדער; זיי ווייסן אַליין, אַז די ידיעה – איז אַ נאַרישקייט, אַז שטאַמען שטאַמט זי פונם באַ־ווסטן פּלוידערזאַק און „נישטיקן“ מענטשן – פונם אַרעסטאַנט קוואַסאָוו, וועלכן מען האָט שוין לאַנג באַשלאָסן נישט צו גלויבן און וועלכער זאָגט נישט קיין איין אמתדיק וואָרט, און דאָך כאַפּן זיך אַלע פאַר דער דאָזיקער ידיעה, מען באַטראַכט זי און מען ישוב׳ זיך וועגן איר און מען מאַכט זיך אַזוי־אַרום לייכט אויף די געמי־טער. אָבער ענדיקן ענדיקט זיך עס דערמיט, וואָס זיי ווערן אין כעס אויף זיך אַליין, ס׳ווערט זיי אַליין פּשוט אַ חרפּה, וואָס זיי האָבן געגלויבט קוואַסאָוון.

– ווער וועט אים דאָ געבן האַלדז און נאַקן! – שרייט

איינער. — האָב נישט קיין מורא, נישקשה, ער האָט אַ גראָבן קאַרק, ער וועט אויסהאַלטן!

— אָבער ער האָט דאָך אויך אַן עלטסטן איבער זיך! — האָט אָפּגעווענדט אַ צווייטער, אַ הייסער יונג, נישט קיין נאַרישער, אַ מענטש, וואָס האָט שוין געזען אַ סך זאַכן אין לעבן, נאָר אַ מוראדיקער בעל-וויכּוח. וואָס די וועלט האָט נאָך אַזעלכן נישט געהאַט.

— אַ ווראָנע וועט בּאַ אַ ווראָנע די אויגן נישט אויס-פּיקן! — האָט אַ דריטער, שוין אַ גרויער מענטש, וואָס האָט דאָרט אַליין אין אַ ווינקל פאַרענדיקט דאָס עסן זיין קרויט, פאַרקומערט, ווי פאַר זיך, באַמערקט.

— און די עלטסטע, מיינסטו, וועלן אַוודאי קומען בּאַ דיר זיך פרעגן, צי מען זאָל אים טוישן, צי נישט? — וואַרפט צו גלייכגילטיק אַ פערטער און צימבלט בעת מעשה לייכט אויף אַ באַלאַלייקע.

— און פאַרוואָס טאַקע נישט בּאַ מיר? — מישט זיך אַריין אַן אַנדערער מיט גרויס גרימצאָרן. — ס'הייסט דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט פאַרלאַנגט עס, אַלע דאַרפן מעלדן, אויב מען וועט פרעגן. בּאַ אונדז שרייט מען נאָר, אָבער ווען עס קומט צו דער זאַך, אַזוי ווערט מען שטיל און מען רוקט זיך אַרויס.

— און ווי האָסטו געמיינט? — מאַכט דער באַלאַלייקע-שפּילער. — דערויף איז דאָך דאָס אַ קאַטאָרגע.

— אַנומלט, — רופט זיך ווידער אָן דער בעל-וויכּוח און הערט קיינעם נישט אין גרויס ברען,— איז איבערגעבליבן מעל. האָט מען ממש דאָס לעצטע ביסל שיריים צונויפגעקליבן און געשיקט עס פאַרקויפן. איז ער אָבער געוואויר געוואָרן, פון אַרטעל האָט איינער געמסרט, האָט מען אָפּגענומען דאָס מעל, איז דאָס אַ יושר, ... נישט

— און פאַר װעמען װילסטו זיך דאָס קלאָגן?

— פאַר װעמען! טאַקע פאַר דעם סאַמע לעװיזאָר, װאָס קומט צו פאָרן.

— װאָסער לעװיזאָר?

— דאָס איז טאַקע אַן אמת, ברידערלעך, אַז אַ לעװיזאָר קומט צו פאָרן, — מישט זיך אַריין אַ יונגער כװאַטישער חברה־מאַן, װאָס קען די שװאַרצע פינטעלעך, פון די שרייבער, װאָס האָט געלייענט די הערצאָגין לאַװאַליער אָדער עט־װאָס אַזױנס פון דעם מין. תּמיד אַ פריילעכער לץ, װערט ער אָבער געשעצט פונם עולם פאַר זיין פראַקטישקייט און דורכ־געטריבנקייט. נישט לייגנדיק קיין שום אַכט דערויף, װאָס דער עולם איז אַזוי אויפגערעגט און פאַראינטערעסירט אינם קינפּ־טיקן רעװיזאָר, גייט ער גלייך צו דעם עסן־צוגרייטער, ד. ה. צו דעם קיכער און בעט בײַ אים אַ לעבערל. אונדזערע קיכער האָבן עפּעטער געמסחרט מיט אַזױנע זאַכן. זיי קויפן, למשל, פאַר זייער געלט אַ גרויס שטיק לעבער, בראָטן עס אָפּ און פאַרקויפן עס שטיקלעכװייז צו די אַרעסטאַנטן.

— פאַר אַ גראָשן, צי פאַר צװיי? — פרעגט דער עסן־צוגרייטער.

— שנייד פאַר צװיי: זאָלן מענטשן מקנא זיין! — ענטפערט דער אַרעסטאַנט. — אַ גענעראַל, ברידערלעך, עפּעס אַ גענעראַל פון פעטערבורג קומט צו פאָרן, גאַנץ סיביר װעט ער רעװידירן. ס'איז װאָר. בײַם קאָמענדאַנט האָט מען געשמועסט.

די דאָזיקע ידיעה מאַכט אַן אומגעװיינטלעכן רעש. בײַ אַ פערטל שעה צייט האַלט מען זיך אין איין נאָכפרעגן: װער איז ער אַזױנער, װאָס פאַר אַ גענעראַל, װאָס פאַר אַ ראַנג, און צי איז ער גרעסער פון די היגע גענעראַלן? װעגן ראַנגען, נאַטשאַל־ניקעס, װער פון זיי איז גרעסער, װער װעמען עס קען אַראָפּ־

זעצן און ווער עס וועט זיך אַליין אַראָפּזעצן דורך זיי, האָבן שרײַבערלעך ליב צו שמועסן די אַרעסטאַנטן; זיי שפּאַרן זיך אַפילו און זידלען זיך איבער די גענעראַלן כמעט ביז קלעפּ. דאַכט זיך, צו וואָס נוצט עס זיי? אָבער לויט דער בקיאות, וואָס ווערט אַרויסגעוויזן אין באַצוג צו גענעראַלן און בכלל צו נאַטשאַלסטווע, ווערט געמאָסטן סיי די קענטניש און דער געזעצטער שכל פון אַ מענטשן, און סיי די פריערדיקע פּאַרטפיסהדיקע באַדייטונג אין דער געזעלשאַפט. דער געשפּרעך וועגן דער העכערער נאַטשאַלסטווע ווערט בכלל געהאַלטן פאַר דעם עלעגאַנטסטן און וויכטיקסטן געשפּרעך אין טורמע.

— אַזויאַרום, ברידערלעך, קומט עס טאַקע אין דעראמתן אַרויס, אַז מען פאָרט טוישן דעם מאַיאָר,—באַמערקט קוואַסאָוו, אַ קליין רויט מענטשעלע, אַ היציקס און זייער אַ צעדולטס. ער האָט עס טאַקע דער ערשטער געבראַכט די ידיעה וועגן מאַיאָר.

— מתנות וועט ער געבן; — האָט דער טריבער גרויער אַרעסטאַנט, וואָס האָט זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיטן קרויט, אָפּגעווענדט מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער.

— און נאָך ווי מתנות!—מאַכט אַ צווייטער.—וויפיל געלט האָט ער אָנגעראַבירט! פאַר אונדז איז ער נאָך אַ באַטאַליאָנער געווען. נישט לאַנג טאַקע האָט ער געוואָלט חתונה האָבן מיטן פּראָטאָפּיערייס טאָכטער.

— ער האָט אָבער נישט חתונה געהאַט: מען האָט אים געוויזן די טיר: אַ קבצן, הייסט עס. אויך מיר אַ חתן! אין דער הייליקער וואָך האָט ער אַלץ אין קאָרטן פאַרשפּילט. פיעדקע האָט דערציילט.

— עך, ברודער־לעב, אָט האָב איך אויך אַמאָל חתונה געהאַט. אַז אַ קבצן האָט חתונה, איז ביטער. האָב חתונה און די נאַכט איז קורץ! — באַמערקט סקוראַטאָוו, וואָס האָט דאָ אויך געכאַפּט אַ וואָרט אינם שמועס.

— נו, ווי דען! מען שמועסט דאָך טאַקע דאָ וועגן דיר — וואַרפט אַריין אַ וואָרט דער פאַמיליערער חברה־מאַן פון די שרייבעלעך. — איך וועל דיר זאָגן קוואַסאָוו, אַז דו ביסט אַ גרויסער טפש. שוין־זשע מיינסטו, אַז אַזאַ גענעראַל וועט דער מאַיאָר אונטערקויפן מיט מתנות, און אַז אַזאַ גענעראַל וועט אוגזישנע קומען צו פאָרן פון פעטערבורג, צו רעווידירן דעם מאַיאָר? אַ טפש ביסטו, יונג איינער, אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן.

— און וואָס דען? אַז ער איז שוין אַ גענעראַל, וועט ער נישט נעמען קיין מתנות? — האָט עמעץ פון זיי סקעפּטיש באַמערקט.

— אַודאַי וועט ער נישט נעמען, און טאָמער וועט ער יאָ נעמען, באַדאַרף עס שוין זיין אַ פעטע מטבע.

— אַודאַי אַ פעטע, לויטן ראַנג.

— אַ גענעראַל וועט שטענדיק נעמען, — האָט קוואַסאָוו קאַטעגאָריש געזאָגט.

— וואָס, אפשר האָסטו אים שוין אַמאָל געגעבן? — זאָגט באַקלושין, וואָס איז פּלוצלינג אַריינגעקומען, מיט פאַראַכטונג. — ס׳איז נאָך אַ ספק, צי דו האָסט גאָר אַ־מאָל געזען אַ גענעראַל?

— אַודאַי געזען!

— זאָגסט אַ ליגן.

— ביסט אַליין אַ ליגנער.

— רבותי, אויב ער האָט באמת געזען, טאָ זאָל ער דאָ באַלד אויפן אָרט פאַר אַלעמען זאָגן, וואָסער גענעראַל קען ער? נו, רייד אַ וואָרט, וואָרום איך קען אַלע גענעראַלן.

— איך האָב געזען דעם גענעראַל זיבערט, — ענטפערט קוואַסאָוו אַזוי ווי נישט זיכער.

— זיבערט? אַזאַ גענעראַל איז גאָרנישט פאַראַן. מסתמא האָסטו דעם זיבערטן געזען גאָר פון הינטן, ווען ער איז נאָך, קאָן זיין, אַ פּאָדפּאָלקאָווניק געווען, און בלויז פון שרעק האָט זיך דיר אויסגעוויזן, אַז ער איז אַ גענעראַל.

— ניין, איר הערט מיך אָבער אויס, — שרייט סקוראַטאָוו, — ווארום איך בין אַ באַוווּסטער מענטש. אַזאַ גענעראַל, זיבערט, איז טאַקע געווען אין מאָסקווע. פון די דייטשן האָט ער געשטאַמט, אָבער אַ רוסישער. באַם רוסישן פּאָפּ האָט ער זיך יעדעס יאָר מתודה געווען וועגן די ווייבעלעך און כסדר, ברידערלעך, האָט ער וואַסער געטרונקען, פונקט ווי אַ קאַטשקע. אַלע טאָג האָט ער אויסגעטרונקען פערציק גלעזער וואַסער פון מאָסקווער טייך. מען האָט געשמועסט, אַז מיטן וואַסער האָט ער זיך געהיילט פון עפּעס אַ מחלה; זיין דינער אַליין האָט עס מיר דערציילט.

— און בויך האָבן זיך אים אַוודאי קאָרעסלעך פאַרפּירט? — באַמערקט דער אַרעסטאַנט מיט דער באַלאַלייקע.

— נו, גענוג שוין אייך! דאָ שמועסט מען וועגן אַן ערנסטן ענין און זיי... וואָס איז עס פאַר אַ לעוויזאָר, ברידערלעך? — באַמערקט מאַרטינאָוו מיט זאָרג, אַ פאַרטאָראַמטער אַרעסטאַנט, אַ זקן, פון די מיליטערישע, אַ געוועזענער הוזאַר.

— אָט דער עולם בראָקט ליגנס! — באַמערקט איינער פון די סקעפּטיקער. — פונוואַנען ווייסן זיי עס? די גאַנצע מעשה איז אַ נאַרישקייט.

— ניין, נישט קיין נאַרישקייט! — באַמערקט דאָגמאַטיש קוליקאָוו, וואָס האָט ביז אַהער שטאָלץ געשוויגן. דאָס איז אַ מענטש מיט אַ וואָג, קרוב צו פופציק יאָר, מיט אַ זיכער און חשובן פּנים און מיט אַזוינע פאַראַכטלעך-שטאָלצע מאַנירן. ער פילט עס אַליין און שטאָלצירט דערמיט. אַ ביסל איז ער אַ

ציגיינער, אַ וועטערינאַר, היילט פערד אין שטאָט און באַקומט געלט דערפאַר, און בא אונדז אין טורמע מסחרט ער מיט בראָנפן. אַ קלוגער יונג איז ער, און האָט שוין אַ סך געזען אין לעבן. זאָגט ער אַ וואָרט, איז עס מיט אַזאַ מינע, פונקט ווי ער וואָלט דיר געשענקט אַ רובל.

— דאָס איז טאַקע אַן אמת, ברידערלעך, — זאָגט ער ווייטער רויק,—איך האָב נאָך יענע וואָך געהערט; אַ גענעראַל פאָרט אַהער, פון די זייער חשובע גענעראַלן, גאַנץ סיביר וועט ער רעווידירן. דאָס ווייס מען שוין, אַז מען וועט אים אויך אונטערקויפן מיט מתנות, אָבער נישט אונדזער אַכט-אויגיקער: ער וועט אַפילו קיין העזה נישט האָבן זיך צוצורוקן צו אים. פאַראַן פאַרשידענע גענעראַלן, ברידערלעך. אָבער איך זאָג אייך, אַז אונדזער מאַיאָר וועט דאָך בלייבן אויף זיין אָרט, ווי עס זאָל נישט זיין. דאָס איז זיכער. מיר זענען מענטשן אָן אַ לשון, און בא דער נאַטשאַלסטווע וועט מען דאָך אויף אַן אייגענעם נישט מסרן. דער רעוויזאָר וועט אַ קוק טאָן אין טורמע, און דערמיט וועט ער טאַקע אָוועקפאָרן, און דאָרט וועט ער שוין זאָגן, אַז אַלץ האָט ער געפונען אין אָרדנונג...

— ס'איז וואָר, ברידערלעך, אָבער דער מאַיאָר האָט זיך טאַקע איבערגעשראָקן: פון אינדערפרי אָן איז ער שכור.

— און אין אָונט ברענגט ער אַ צווייטע פור. פיעדקע האָט דערציילט.

— אַ שוואַרצן הונט וועסטו אויף ווייס נישט פאַרוואַשן. דאָס ערשטע מאָל איז ער שיכור?

— ניין, ווי אַזוי קען עס גאָר זיין, אַז אַ גענעראַל זאָל דאָ גאָרנישט קענען העלפן! ניין, שוין גענוג נאָכצומאַכן זייערע נאַרישקייטן! — רעדן די אַרעסטאַנטן צווישן זיך און ווערן בעת-מעשה אויפגערעגט.

די ידיעה וועגן דעם רעוויזאָר ווערט אין איין אויגנבליק צעטראָגן איבער דער טורמע. איבערן הויף בלאָנקען אַרום מענטשן און גיבן אומגעדולדיק איבער איינאַנדער די נייס. מאַנכע שוויגן אומישנע, פֿאַרבאַהאַלטן זייער קאַלטבלוטיקייט און מיט דעם, קענטיק, ווילן זיי זיך צוגעבן מער חשיבות. די דריטע בלייבן גלייכגילטיק. אויף די גאַנעקלעך פֿון די קאַזאַרמעס זעצן זיך אויס די אַרעסטאַנטן מיט די באַלאַליקעס. אַ טייל פֿלוידערן אַזוי ווייטער. מאַנכע, ווידער, הייבן אָן צו זינגען לידער, בכלל אָבער זענען אַלע אין דעם אָוונט זייער אויפֿגערעגט.

אַרום צען אַ זייגער האָט מען אונדז אַלעמען איבערגעציילט, אַריינגעטריבן אין די קאַזאַרמעס און פֿאַרשלאָסן אויף דער נאַכט. די נעכט זענען געווען קורצע; געוועקט האָט מען אַרום פֿינף אַ זייגער פֿאַרטאָג; איינגעשלאָפֿן זענען אָבער אַלע נישט פֿריער פֿון עלף. ביז אַהער איז נאָך אַלץ אַ הו-האַ, אַ טאַראַראַם, מען האַלט אין איין שמועסן, און טיילמאָל לייגט מען נאָך פֿאַנאַנדער די מיידאַנעס, ווי ווינטער, אַ שטייגער. בנאַכט ווערט אַ אומדערטרעגלעכע היץ און אַ דושנעקייט. פֿון פֿענסטער מיט דער אונטערגעהויבענער ראַם פֿאַלט אַפֿילו אַריין אַ קעלט פֿון דער נאַכט, אָבער די אַרעסטאַנטן וואַרפֿן זיך אויף זייערע נאַרעס אַ גאַנצע נאַכט, ווי אין היץ. עס שווימלט און גריבלט פֿון פליי. מיר האָבן זיי אויך איבערגענוג אַ גאַנצן ווינטער, אָבער מיטן פֿרילינג פֿאַרמערן זיי זיך אין אַזאַ צאָל, וועגן וועלכער איך האָב אַפֿילו געהערט נאָך פֿון פֿריער, נאָר אַזוי ווי איך האָב עס נאָך נישט געהאַט אין דער פּראַקטיק, האָב איך נישט געוואָלט גלייבן דערין. און וואָס ווייטער צו זומער, ווערן זיי אַלץ בייזער און בייזער. אמת, צו פליי קען מען זיך צוגעוווינען. איך האָב דאָס אַליין אויסגעפּרוווט אויף

זיך, דאָך אָבער קומט עס אָן זייער שווער. זיי פלעגן אַזוי
ווייט פאַרמוטשען, אַז מען בלייבט, לסוף, ליגן, פונקט ווי אין
היץ און מען פילט, אַז מען שלאָפט נישט, נאָר מען רעט פון
היץ. צום סוף, ווען די פליי באַרויקן זיך שוין אויך סאַמע
פאַרטאָג, פונקט ווי זיי וואָלטן פאַרגליווערט געוואָרן, און דו
וואָלסט באמת אַזוי ווי זיס איינגעשלאָפן אונטערן באַגינען־
ווינטעלע, — דערהערסטו פלוצלינג דאָס אומבּרחמנותדיקע קלאַפּן
פון דער פויק בּאַ די טורמע־טויערן, און מען דאַרף שוין אויפ־
שטיין. מיט אַ קללה הערסטו זיך צו, זיך איינוויקלענדיק אינם
האַלבן פעלצל, צו די הילכיקע דיימלעכע קלאַנגען, פונקט ווי
דו וואָלסט זיי געציילט, און בעת מעשה קריכט דיר אין קאָפּ
אַריין דורכן שלאָף דער אומדערטרעגלעכער געדאַנק, אַז אַזוי
וועט אויך זיין מאָרגן און איבּערמאָרגן און עטלעכע יאָר
כסדר סאַמע בּיז דער בּאַפרייונג. אָבער ווען וועט זי שוין
קומען, טראַכסטו, די דאָזיקע פרייהייט און ווו איז זי ערגעץ?
און דערווייל דאַרף מען אויפשטיין; עס הייבט זיך אָן דאָס
טאָג־טעגלעכע צרומשפּאַנען, דאָס שטויסעניש און שטופּעניש...
די מענטשן טוען זיך אָן; מען איילט צו דער אַרבּעט. אמת,
מיטאָג־צייט האָט מען נאָך געקענט שלאָפן בּאַ אַ שעה.

די מעשה מיטן רעוויזאָר איז טאַקע געווען אַן אמת. די
קלאַנגען האָבּן זיך מיט יעדן טאָג בּאַשטעטיקט אַלץ מער און
מער און צולעצט זענען שוין אַלע אויף זיכער געוויר געוואָרן,
אַז עס פאָרט פון פעטערבורג אַן אָנגעזעענער גענעראַל וואָס
וועט רעווידירן גאַנץ סיביר, אַז ער איז שוין געקומען, אַז ער
איז שוין אין טאָבּאָלסק. אַלע טאָג זענען נייע קלאַנגען אַריינ־
געפאַלן אין טורמע. עס זענען אויך געקומען ידיעות פון שטאָט:
מען האָט געהערט, אַז אַלע זענען אין איין שרעק, מען
שמייעט אַרום און מען וויל אַלץ נושא חן זיין בּאַם רעוויזאָר.

מען האָט געשמועסס, אַז בּאַ דער העכע'ער נאַטשאַלסטווע גרייט מען צו אַ קבלת פּנים, בּעלער, פייערונגען. מען האָט אַרויסגעשיקט גאַנצע מחנות אַרעסטאַנטן, זיי זאָלן אויסגלייכן די גאַסן אין פעסטונג, אַרויסרייסן די שטעקנדיקע וואָרצלען, אָפּפאַרבּן די פּאַרקאַנעס און די סלופּעס, פאַרקלעבּן און פאַרשמירן די אָפּגעפּאַלענע שטיקער ליים פון די ווענט, מיט איין וואָרט, זיי האָבּן געוואָלט אין איין רגע אַלץ צורעכט מאַכן, ווייל מען האָט געוואָלט נושא־חן זיין בּאַם רעוויזאָר. די אונדזעריקע האָבּן זייער גוט פאַרשטאַנען די גאַנצע מעשה, האָט מען אַלץ הייסער און מיט מער קוראַ׳זש אַרומגעשמועסט דעם ענין. זייער פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט בּיז צו דער העכסטער מדרגה. זיי האָבּן זיך אַפילו מכין געווען אַרויסצושטעלן זייערע פּרעטענזיעס, ווען דער גענעראַל וועט זיי פרעגן, צי זיי זענען צופרידן. דערווייל אָבער האָט מען זיך אַלץ געשפּאַרט און אַרומגעקריגט צווישן זיך. דער פּלאַץ־מאַיאָר איז געווען צעטראָגן. עפּעטער איז ער אַריינגעקומען אין טורמע, עפּעטער געשריגן, עפּעטער זיך געוואָרפן אויף די מענטשן, עפּעטער אַריינגעשלעפט אין דער קאָרדע־גאַרדיע אַריין און שטאַרק אַכטונג געגעבּן אויף דער ריינקייט און אָרדנונג. אין אָט דער צייט, איז דוקא, ווי אויף צו להכעיס, פאַרלאָפן עפּעס אַ געשיכטעלע אין טורמע, וואָס האָט איבּעריקנס, גאָרנישט אויפגערודערט דעם מאַיאָר, ווי מען וואָלט זיך געקאָנט ריכטן, נאָר פאַרקערט, ס'האָט אים גאָר פאַרשאַפט פאַרגעניגן. אין אַ געשלעג האָט איין אַרעסטאַנט אַריינגעשטאָכן דעם צווייטן אַן אָל אין דער בּרוסט, כּמעט אונטערן האַרץ.

דער אַרעסטאַנט, וואָס איז בּאַגאַנגען דעם דאָזיקן חטא, האָט געהייסן לאָמאָוו; דער, וואָס האָט בּאַקומען די וווּנד,

האָט געהייסן באַ אונדז גאַווורילקע; ער איז געווען פון די איינ־געוואָרצלטע בראָדיאַגעס. איך געדענק נישט, צי ער האָט אויך געהאַט אַן אַנדער צונאָמען; מען האָט אים שטענדיק גערופן באַ אונדז גאַווורילקע.

לאָמאָוו איז געווען פון די פאַרמעגלעכע ט–ער פויערים פון ק–ער אויעזד. די אַלע לאָמאָווס האָבן דאָ געלעבט ווי איין משפחה; אַן אַלטער פאָטער, דריי זין און זייער פעטער, לאָמאָוו. זיי זענען געווען רייכע פויערים. אין דער גאַנצער גובערניע האָט מען געשמועסט, אַז זיי האָבן דריי הונדערט טויזנט אַסיג־נאַציעס. זיי האָבן אַליין געאַקערט, אויסגעאַרבעט פעל, געהאַנדלט, נאָר דערעיקרשט זיך פאַרנומען מיט ליכווע, מיט אויסבאַהאַלטן בראָדיאַגעס, געגנבעטע האָב און גוטס און אַנדערע ענלעכע זאַכן. די פויערים פון אַ האַלבן אויעזד זענען געלעגן באַ זיי אין חובות, האָבן זיך קיינמאָל נישט געקענט באַפרייען פון זיי ווי שקלאַפן. זיי האָבן געשמט פאַר קלוגע און כיטרע פויערים, צולעצט אָבער האָבן זיי שטאַרק פאַרריסן די נעז, באַזונדערס נאָכדעם, ווי איינער זייער אַן אָנגעזעענע פערזאָן אין יענער געגנט, האָט אָנגעהויבן באַ זיי זיך אָפּצושטעלן, אַדורכפאָרנדיק, האָט זיך פערזענלעך באַקענט מיטן אַלטן און האָט אים ליב באַקומען פאַר זיינע קאָמבינאַטאָרישע פעיקייטן און פלינקן שכל. זיי האָבן זיך פלוצלינג מישב געווען, אַז פאַר זיי איז שוין מער קיין שום צוים נישטאָ, און האָבן אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער צו ריזיקירן אויף פאַרשיידענע אומגעזעצלעכע אונ־טערנעמונגען. אַלע האָבן זיך געקלאָגט אויף זיי. אַלע האָבן געוואָלט זען זייער וויכטן סוף. אָבער זיי האָבן דוקא פאַרריסן די נעז אַלץ העכער און העכער. מיט איספראַווניקעס און אַסע־סאָרס האָבן זיי זיך שוין גאָרנישט גערעכנט. סוף־כל סוף זענען זיי געשמרויכלט געוואָרן און זיך אומגליקלעך געמאַכט, אָבער

נישט פאַר עפּעס אַ חטא, נישט פאַר זייערע געהיימע פאַרברעכנס, נאָר פאַר אַ בלבול. בײַ אַ וויאָרסט צען פון זייער דאָרף האָבן זיי געהאַט אַ גרויסן פּאָלוואַרק, אויף סיביריש האָט עס געהייסן אַ נחלה. הערבסט-צייט האָבן דאָרט איינמאָל זיך אויפגעהאַלטן בײַ אַ זעקס אַרבעטער, קירגיזן, וואָס זענען געווען פאַרשקלאַפט בײַ זיי נאָך פון לאַנגע צייטן. אין איין נאַכט זענען די דאָזיקע אַלע קירגיזן-אַרבעטער אויסגעשאָכטן געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנג. בײַ דעם דאָזיקן פּראָצעס זענען בינו-לבינו אויפגעדעקט געוואָרן אַ סך אַנדערע מאוסע זאַכן. מען האָט באַשולדיקט די לאָמאָווס, אַז זיי האָבן עס דערהרגעט זייערע אַרבעטער. זיי האָבן עס אַליין דערציילט און די גאַנצע טורמע האָט עס געוווסט. מען האָט זיי חושד געווען דערין, אַז זיי זענען אַ סך געלט שולדיק גע-בליבן זייערע אַרבעטער, אָבער אַזוי ווי זיי זענען געווען קאַרגע און גיריקע מענטשן, הגם זייער רייכע, האָבן זיי פּשוט אויס-געשאָכטן די קירגיזן, כּדי זיי נישט צו באַצאָלן דעם חוב. פאַר דער צייט פון דער אויספאָרשונג און דעם פּראָצעס איז זייער גאַנץ פאַרמעגן אַוועק מיטן רויך. דער אַלטער איז געשטאָרבן. די קינדער זענען פאַרשיקט געוואָרן. איינער פון די זין און זיין פעטער זענען אַריינגעפאַלן אין אונדזער קאַטאָרגע אויף צוועלף יאָר. נו, און בכן? זיי זענען לגמרי אומשולדיק געווען אין דעם טויט פון די קירגיזן. און דאָ, אין טורמע טאַקע, איז נאָכדעם געקומען גאַוורילקע, אַ באַוווסטער שווינדלער און בראָ-דיאַגע; ער איז געווען אַ פריילעכער און געשיקטער יונג, וואָס האָט די גאַנצע זאַך גענומען אויף זיך. איך האָב, איבעריקנס, נישט געהערט, צי ער האָט זיך אַליין מודה געווען דערין, אָבער די גאַנצע טורמע איז געווען פולשטענדיק זיכער, אַז ער האָט אַ יד אינם טויט פון די קירגיזן. נאָך אַלס בראָדיאַגע

הָאט גאַוורילקע געהאַט עסקים מיט די לאָמאָווס. אין תּפיסה איז ער געקומען אויף אַ קורצן טערמין, ווי אַן אַנטלאָפענער, ־עלנער און בראָדיאַגע. די קירגיזן האָט ער דערשאָכטן צוזאַמען מיט דריי אַנדערע בראָדיאַגעס; זיי האָבן גערעכנט, אַז זיי וועלן דאָ מאַכן אַ גוט געשעפטל און וועלן באַראַבעווען דעם פאָלוואַרק.

די לאָמאָווס האָט מען בא אונדז נישט ליב געהאַט, איך ווייס נישט פאַרוואָס. איינער פון זיי, דער פּלימעניק, איז געווען אַ כוואַט און אַ קלוגער יונג, מיט אַ צוגעלאָזטן כאַראַקטער; אָבער זיין פעטער, וואָס האָט אַריינגעשטאָכן גאַוורילקען דעם אָל, איז געווען אַ נאַרישער און נישטיקער פויער. ער האָט נאָך פריער מיט אַלעמען זיך אַרומגעקריגט און מען פלעגט אים גוט אָנבּרעכן די ביינער. גאַוורילקען האָבן אָבער אַלע ליב געהאַט פאַר זיין פריילעכן און ווילן כאַראַקטער. די לאָמאָווס האָבן אַפילו געוווּסט, אַז ער איז דער פאַרברעכער, און אַז פאַר זיין פאַרברעכן זענען זיי געקומען אַהער, דאָך אָבער האָבן זיי זיך מיט אים נישט געקריגט; ער, ווידער, האָט אויך קיין שום אַכט נישט געלייגט אויף זיי. פּלוצלינג אָבער איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקה צווישן אים מיטן פעטער לאָמאָוו צוליב אַ פּאַסקודנער מויד. גאַוורילקע האָט זיך גענומען באַרימען, אַז זי איז זייער צוגעלאָזט צו אים; דער פויער איז געוואָרן אייפערזיכטיק, און אין איין שיינעם טאָג, מיטאָג־צייט, האָט ער אים אַריינגעשטאָכן אַן אָל.

די לאָמאָווס זענען אַפילו שטאַרק רוינירט געוואָרן צוליבן פּראָצעס, דאָך אָבער האָבן זיי רייך געלעבט אין טורמע, זיי האָבן, אַפּנים, געהאַט געלט. זיי האָבן געהאַט אַ סאַמאָוואַר, און האָבן געטרונקען טיי. אונדזער מאַיאָר האָט עס געוווּסט און האָט ביידע לאָמאָווס פיינט געהאַט בתּכלית השנאה. ער האָט

שוין קענטיק פּאַר אַלעמען זיך געטשעפּעט צו זיי און האָט בכלל געזוכט עפּעס אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט זיי. די לאָמאָווס האָבן עס דערקלערט דערמיט, וואָס דער מאַיאָר וויל אַוודאַי נעמען פון זיי כאַבאַר. אָבער זיי האָבן נישט געגעבן קיין כאַבאַר.

נאַטירלעך, ווען לאָמאָוו רוקט אַריין עטוואָס טיפער דעם אָל, וואָלט ער געוואָרן דערהרגעט. אָבער די זאַך האָט זיך געענדיקט בלויז מיט אַ קליין דראַפּעלע. מען האָט דעם מאַיאָר געמאָלדן דעריבער. איך געדענק, ווי ער איז געקומען צולויפן, אַ פאַרסאַפּעטער און, קענטיק, זייער אַ צופרידענער. וווּנדערלעך צאַרט האָט ער זיך באַצויגן צו גאַווריליקען, פּונקט ווי צו אַן אייגענעם זון.

— נו, וואָס, מיין טייערער, דו וועסט אַזוי קענען צוגיין אין שפּיטאָל אַריין, צי נישט? ניין, טאָ זאָל מען אים שוין בעסער איינשפּאַנען דאָס פערד. דאָס פערד זאָל איינגעשפּאַנט ווערן! — האָט ער אַ געשריי געטון אין איילעניש צום אונטעראָפיציר.

— אָבער וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, איך פיל גאָרנישט. ער האָט מיר לייכט אַ שטאָך געטון, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע.

— דו ווייסט נישט, דו ווייסט נישט, מיין ליבער! אָט דו וועסט שוין זען... דאָס אָרט איז אַ געפערלעכס; אַלץ איז אָפּהענגיק פון אָרט; אונטערן סאַמע האַרץ האָט ער געטראָפן, דער רוצח! אָבער דיך, דיך, — האָט ער זיך ווילד צעשריען אויף לאָמאָוון, — נו, איצט וועל איך מיך שוין נעמען צו דיר!.. אין דער קאָרדעגאַריע!

און ער האָט זיך באמת גענומען. לאָמאָוון האָט מען געמשפּט, און הגם די וווּנד האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַ לייכטן שטאָך, דערפאַר אָבער איז די כוונה געווען אַ באַשיינ־

פערלעכע. דעם פאַרברעכער האָט מען פאַרלענגערט דעם
אַרבעטס-טערמין און מען האָט אים אַדורכגעפירט דורך גאַנצע
טויזנט. דער מאַיאָר איז געווען פולשטענדיק צופרידן...
צולעצט איז אויך געקומען דער רעוויזאָר.
אויפן צווייטן טאָג נאָך זיין אָנקומען אין שטאָט האָט
ער באַזוכט אונדזער טורמע. דאָס איז געווען אין אַ יום-טוב.
נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק איז שוין באַ אונדז אַלץ געווען
אויפגערוימט, פאַרגלעט, פאַרשמירט. די אַרעסטאַנטן זענען פון
דאָסניי אָפּגעגאָלט געוואָרן. די מלבושים ווייס, ריין. זומער
זענען אַלע געגאַנגען, לויט דער אינסטרוקציע, אין לייוונטענע
ווייסע קורטקעס און ברייטע הויזן. אויפן רוקן האָט יעדער
געהאַט אן אַריינגענייטן שוואַרצן קרייז באַ אַ צוויי צאָל אין
דיאַמעטער. אַ גאַנצע שעה צייט האָט מען געלערנט די אַרעס-
טאַנטן ווי אַזוי צו ענטפערן, אויב די הויכגעשטעלטע פערזאָן
וועט זיך באַגריסן. מען האָט געמאַכט רעפעטיציעס. דער מאַיאָר
האָט אַרומגעשמייעט, ווי אַ פאַרסמעטער. נאָך מיט אַ שעה פריי-
ער, איידער דער גענעראַל האָט זיך באַוויזן, זענען אַלע גע-
שטאַנען אויף זייערע ערטער, ווי די ליימענע גולמס, מיט
אַראָפּגעלאָזטע הענט באַ די זייטן. ערשט איינס אַ זייגער באַ-
טאָג איז דער גענעראַל געקומען צופאָרן. דאָס איז געווען גאָר
אַ וואַזשנער גענעראַל, אַזאַ וואַזשנער, אַז אַלע הערצער פון
די נאַטשאַלניקעס, וואָס געפינען זיך אין גאַנץ מערב-סיביר,
האָבן, דאַכט זיך, באַדאַרפט רעכט אַ ציטער טון באַ זיין אָנ-
קומען. ער איז אַריינגעקומען שטרענג און מאַיעסטעטיש. נאָך
אים איז אַריינגעפאַלן אַ גרויסע סויטע פון דער אָרטיקער
נאַטשאַלסטווע, וואָס האָט אים באַגלייט, עטלעכע גענעראַלן,
פאָלקאָווניקעס. ס'איז אויך געווען איינער אַ ציווילער, אַ הויי-
כער און שיינער הער אין אַ פראַק און שיך, וואָס איז אויך

געקומען צו פאָרן פון פעטערבורג; ער האָט זיך געהאַלטן זייער פריי און נישט אָפּהענגיק. דער גענעראַל האָט זיך עפּטער געווענדט צו אים און זייער העפלעך. דאָס האָט געוואַלדיק פאַראינטערעסירט די אַרעסטאַנטן: אַ ציווילער, און דאָך אַזאַ כבוד, און נאָך פון אַזאַ גענעראַל! ערשט שפּעטער איז מען געוווּיר געוואָרן זיין פאַמיליענאָמען און ווער ער איז אַזעלכער, אָבער פּירושים זענען געווען אַ סך. אונדזער מאַיאָר, אַן איינגעצויגענער, מיט אַן אָראַנזשענעם קאָלנער, מיט בלוט-אָנגעגאָסענע אויגן, מיט אַ פּלאַם-רויטן פּנים, באַצויגן מיט בלאָטערלעך, האָט, דאַכט זיך, נישט געמאַכט אויפן גענעראַל קיין באַזונדער אנגענעמען איינדרוק. צוליב דער אויסערגעוויינלעכער אַכטונג צו דעם דאָזיקן הויכגעשטעלטן גאַסט האָט ער דאָס מאָל נישט געטראָגן זיינע ברילן. ער איז געשטאַנען אַ ביסל פונדערווייטנס, אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, און מיט זיין גאַנצן וועזן, פיבערהאַפט אָפּגעוואַרט די רגע, טאָמער וועט מען זיך אפשר נויטיקן אין אים, זאָל ער באַלד קענען לויפן העכסט-פּענקטלעך דערפילן דעם פאַרלאַנג פון זיין עקסעלענץ. אָבער מען האָט זיך לחלוטין נישט גענויטיקט אין אים. דער גענעראַל איז שווייגנדיק אַדורכגעגאַנגען אַלע קאַזאַרמעס, האָט אויך אַ קוק געטון אין קיך אַריין און, דאַכט זיך, געפּרוּווט דעם קרויט. מען האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר: אָט פון די דוואָריאַנעס איז ער.

— אַ! — האָט דער גענעראַל געענטפערט. — נו, און ווי פירט ער זיך איצט אויף?

— דערווייל נישקשה, אייער עקסעלענץ, — האָט מען אים געענטפערט.

דער גענעראַל האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אין אין אַ צוויי מינוט אַרום האָט ער פאַרלאָזט די טורמע. די

אַרעסטאַנטן, נאַטירלעך, זענען געוואָרן שטאַרק איבעראַשט און צעמישט, דאָך אָבער האָבן זיי זיך נאָך אַ ביסל געוואַקלט. וועגן עפּעס אַ תּביעה אויפֿן מאַיאָר האָט, פֿאַרשטייט זיך, גאָר קיין שום רייד נישט געקאָנט זיין. אַגב, איז דער מאַיאָר נאָך פֿון פֿריִער געווען פֿולשטענדיק זיכער דעריז.

# קאַטאָרגע=חיות.

אַז מען האָט באַלד נאָכדעם געקויפט גניעדקען, האָט עס אין טורמע אַ סך מער באַשעפטיקט און געווײַלט די אַרעסטאַנטן, ווי דער וויזיט פון גענעראַל. די טורמע האָט געמעגט האַלטן אַ פערד, צו ברענגען וואַסער, אַרויסצופירן דאָס מיסט און אַזוי ווייטער. אויף אומצוגיין מיטן פערד האָט מען באַשטימט אַן אַרעסטאַנט. ער איז אויך געווען דער פורמאַן, נאַטירלעך, אונטער אַ וואַך. אונדזער פערד האָט געהאַט אַ סך אַרבעט סײַ אינדערפרי און סײַ אין אָוונט. גניעדקע האָט געדינט באַ אונדז שוין זייער לאַנג. ס'איז געווען אַ ווויל פערדל, אָבער שוין צופיל אויסגעהאָרעוועט. אין איין שיינעם פרימאָרגן, סאַמע ערב פעטערס טאָג, האָט גניעדקע געבראַכט דאָס אָוונטפעסל, איז נאָכדעם אַנידערגעפאַלן און אַוועקגעפגרט. מען האָט עס שטאַרק באַדויערט, אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום פערד, געכאַפּט אַ שמועס, זיך געשפּאַרט. אונדזערע געוועזענע קאַוואַלעריסטן, ציגיינער, וועטערינאַרן און אַנדערע האָבן אַפילו אַרויסגעוויזן דערבײַ אַ סך בקיות אין הלכות פערד, ס'איז אַפילו אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע מחלוקה צווישן זיי,

אָבער גניעדקע איז דערפֿון נישט לעבעדיק געוואָרן. ס איז געלעגן טויט מיט אַ געשוואָלענעם בויך, אין וועלכן יעדער איינער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב אַ שטופּ צו טון מיט אַ פינגער. מען האָט מיטגעטיילט דעם מאַיאָר וועגן דעם פאַל, וואָס ס'איז געשען לויט דעם אויבערשטנס רצון, און דער מאַיאָר האָט באַשלאָסן, מען זאָל באַלד טאַקע קויפן אַן אַנדער פערד. אין סאַמע פעטערס טאָג, נאָך דער מיטאָג-תפילה, ווען קיין איינער האָט נישט געפעלט אין דעם גאַנצן אַרעסטאַנטן-געזעמל, האָט מען געבראַכט צום פאַרקויפן פערד. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מין קניה האָט באַדאַרפט געמאַכט ווערן נאָר דורך אונדזערע אַרעסטאַנטן. באַ אונדז זענען געווען אמתע מבינים אויף פערד און באַשווינדלען אַ צוויי הונדערט און פופציק מענטשן, וואָס האָבן אויך פריער זיך באַשעפטיקט בלויז דערמיט, איז געווען זייער אַ שווערע זאַך. עס זענען געקומען קירגיזן, פערדהענדלער, ציגיינער און שטאָטישע איינוווינער. מיט אומגעדולט האָבן די אַרעסטאַנטן אָפּגעוואַרט יעדעס פערד, וואָס איז געבראַכט געוואָרן. אַ שמחה איז זיי באַפאַלן, פונקט ווי קינדער. ס'האָט זיי דערעיקרשט געשמייכלט דאָס, וואָס אָט זענען זיי אויך אַזוי ווי אַלע פרייע מענטשן, פונקט ווי זיי וואָלטן באמת פון זייער אייגענער קעשענע געקויפט זיך אַ פערד און האָבן די פולע רעכט עס צו קויפן. דריי פערד האָט מען שוין געבראַכט און אַוועקגעפירט צוריק ביז מען האָט פאַרענדיקט די קניה באַם פערטן פערד. די אַריינגעקומענע פערד-הענדלער האָבן אַזוי ווי געגאַפט און עפּעס אַזוי ווי מיט שרעק זיך אַרומגעקוקט און טיילמאָל אַפילו אויסגעשטעלט די אויגן אויף דער וואַך, וואָס האָט זיי אַריינגעפירט. דאָס פיינע מחנהלע פון צוויי הונדערט נפשות, געגאָלט און געשטעמפּלט, אין קייטן, באַ זיך אינדערהיים, אין זייער אייגענעם קאַטאָרגע-

נעסט, וואָס זיין שוועל טרעט קיינער נישט אַריבער, האָט דער-
וועקט אַ געוויסע אַכטונג צו זיך. די אונדזעריקע האָבן צוגע-
טראָכט פאַרשיידענע שפּיצלעך און כיטרע הינטערוועגלעך בײַ
יעדן פערדל, וואָס מען האָט געבראַכט. ווו האָבן זיי נישט גע-
קוקט און נישט געזוכט מיט די אויגן, און וואָס האָבן זיי
נישט אָנגעטאַפּט בײַם פערד און נאָך דערצו מיט אַזאַ געשעפט-
לעכן, מיט אַזאַ ערנסטן און פאַרטאַראַמטן אויסזען, פּונקט ווי
דערפון וואָלט געווען אָפּהענגיק דער עיקר וווילשטאַנד פון
דער טורמע. די טשערקעסן זענען אַפילו אַרויפגעשפּרונגען
אויפן פערד רייטנדיק; די אויגן האָבן זיך בײַ זיי צעפלאַמט,
פליסיק האָבן זיי גערעט אויף זייער אומפאַרשטענדלעכן
דיאַלעקט, געשטשירעט מיט ווייסע ציין און געשאָקלט מיט די
ברוינע פנימער און האָרבאַטע נעז. ווער נישט ווער פון די
רוסישע ווערט בעת מעשה ממש צוגעשמידט מיט זיין גאַנצער
אויפמערקזאַמקייט צו זייער וכוח, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט
אַריינשפּרינגען צו זיי אין די אויגן אַריין. קיין ווערטער פאַר-
שטייט ער דאָך נישט, וואָלט ער, לפּחות, געוואָלט לייענען אויס-
דרוק פון די אויגן זיך אָנשטויסן, ווי זיי האָבן באַשלאָסן: צי
טויג דאָס פערד, צי נישט? אַזאַ מין פיבערלעכע אויפמערק-
זאַמקייט וואָלט אַפילו אַ זייטיקן צוקוקער אויסגעוויזן זייער
משונה. למאַי, דאַכט זיך, דאַרף דאָ, אַ שטייגער, דער
אַרעסטאַנט אַזוי איינלייגן אַ וועלט, און נאָך אַזאַ אַרעסטאַנט,
וואָס איז בטבע אַ רויקער, אַ דערשלאָגענער, וואָס וועט אַפילו
קיין פּיפּס נישט טון קעגן איינעם פון די אייגענע אַרעסטאַנטן.
פּונקט ווי ער וואָלט פאַר זיך אַליין געקויפט אַ פערד, פּונקט
ווי עס וואָלט פאַר אים געווען עפּעס אַ נפקא מינה, וואָס פאַר
אַ פערד מען וועט קויפן. חוץ די טשערקעסן האָבן זיך באַזונ-
דערס אויסגעצייכנט די געוועזענע ציגיינער און פערדהענדלער:

זיי האָט מען אָפּגעטרעטן אי דאָס ערשטע אָרט אי דאָס ערשטע וואָרט. ס'איז געווען אַ מין פּיינער דועל, באַזונדערס צווישן צווייען, – צווישן דעם אַרעסטאַנט קוליקאָוו, דעם געוועזענעם ציגיינער, פערד-גנב און פערד-הענדלער, און דעם פערד-רופא, וואָס האָט זיך אַליין, אָן זייטיקער הילף, אויסגעלערנט צו היילן פערד, דעם כיטרען סיבירישן פויערל, וואָס איז נישט לאַנג געקומען אין טורמע און האָט שוין באַוויזן צוצונעמען באַ קוליקאָוון זיין גאַנצע שטאָטישע פּראַקטיקע. די מעשה איז דאָס, וואָס די וועטערינאַרן-אויטאָדידאַקטן פון אונדזער תּפיסה זענען געווען זייער חשוב אין שטאָט, און נישט בלויז די שטאָט-לייט אָדער סוחרים, נאָר אַפילו די סאַמע העכסטע באַאַמטע זענען געקומען אין תּפיסה נאָך הילף, ווען באַ זיי זענען קראַנק געוואָרן די פערד, הגם אין שטאָט זענען געווען עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע וועטערינאַרן-דאָקטוירים. איידער יעלקין, דער דאָזיקער סיבירישער פויער, איז אָנגעקומען אין טורמע, האָט קוליקאָוו נישט געוווּסט פון קיין שום קאָנקורענץ; ער האָט געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיקע און האָט, נאַטירלעך, באַקומען געצאָלט פאַר זיין אַרבעט. ער האָט שטאַרק געשווינדלט און געשאַרלאַטאַנעוועט און זיינע קענטנישן זענען געווען אַ סך קלענערע, ווי דער אָנשטעל, וואָס ער האָט געמאַכט. לויט זיינע הכנסות איז ער געווען אַן אַריסטאָקראַט צווישן די אונדזעריקע. מחמת זיין געניטקייט, שכל, דרייסטקייט און אַנטשלאָסנקייט האָט ער שוין לאַנג דערוועקט צו זיך אַן אומגערנדיקע חשיבות מצד די אַלע אַרעסטאַנטן אין טורמע. באַ אונדז האָט מען אים געהאָרכט און געפאָלגט. אָבער גערעדט האָט ער ווייניק: ער האָט גערעדט, אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיין וואָרט יענעם אַ טובה געטון, און גערעדט האָט ער בלויז אין די סאַמע וויכטיקסטע פאַלן. ער איז געווען אַ זעלבסטצופרידענער פראַנט. אָבער ער האָט פאַרמאָגט אַ סך אמתע, נישט קיין גע-

מאַכטע ענערגיע. ער איז שוין געווען אין די יאָרן, נאָר זייער א שיינער און זייער אַ קלוגער. מיט אונדז, דוואָריאַנעס, איז ער זיך באַגאַנגען מיט עפּעס אַ ראַפינירטער העפלעכקייט און גלייכצייטיק אויך זייער שטאָלץ. איך מיין, אַז ווען מען זאָל אים גוט אויספּוצן און אַריינפירן אים אַלס גראַף אין עפּעס אַ רעזידענץ־קלוב, וואָלט ער זיך אַודאַי נישט פאַרלאָרן; ער וואָלט געשפּילט אין וויסט, וואָלט אויסגעצייכנט גוט גערעדט, מיט אַ געוויסער וואָג, און דעם גאַנצן אָוונט וואָלט זיך אַודאַי קיינער נישט געכאַפּט, אַז דער גראַף איז נישט קיין גראַף, נאָר אַ בראָדיאַגע. איך זאָג עס ערנסט: אַזוי קלוג איז ער געווען, אַזוי קאָמבינאַציע־פעיק און פלינק אין דער אָריענטאַציע. דערצו נאָך האָט ער געהאַט שיינע פּאַצעטישע מאַנירן. אין זיין לעבן האָט ער מסתמא געזען אַ סך זאַכן. זיין עבר איז, איבעריקנס, געווען פאַר אַלעמען אַ סוד. געלעבט האָט ער באַ אונדז אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג. אָבער אַז יעלקין איז געקומען, אַפילו אַ פּויער, דערפאַר אָבער זייער אַ כיטרער פּויער, פון אַ יאָר פופציק, פון די ראַסקאָלניקעס, איז קוליקאָווס רום אַלס וועטערינאַר אויסגעלאָשן געוואָרן. אין אַ וואָסערע צוויי חדשים צייט האָט ער באַ אים צוגענומען כמעט די גאַנצע שטאָטישע פּראַקטיקע. ער האָט אויסגעהיילט, און זייער לייכט, אַזעלכע פערד, פון וועלכע קוליקאָוו האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אָפּגעזאָגט. ער האָט אויך אויסגעהיילט אַזעלכע פערד, פון וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעזאָגט די שטאָטישע וועטערינאַר־דאָקטוירים. דאָס דאָזיקע פּויערל איז געקומען צוזאַמען מיט אַנדערע פאַר מאַכן פאַלש געלט. האָט ער דאָך באַדאַרפט אין די עלטערע יאָרן אַריינקריכן אין אַזאַ מין געשעפט אַלס שותף! ער האָט טאַקע, לאַכנדיק פון זיך אַליין, דערציילט באַ אונדז, אַז פון דריי אמתע רענדלעך איז באַ זיי איינגאַנצן אַרויסגעקומען בלויז איינער אַ

פֿאַלשער. קוליקאָוו איז אַפֿילו געווען אַ ביסל באַליידיקט צוליב זיין וועטערינאַרישן ערפֿאָלג; קוליקאָווס רום איז שוין געפֿאַלן, אָפֿילו צווישן די אַרעסטאַנטן. ער האָט געהאַט אַ געליבטע אין דער פֿאָרשטאָט, האָט געטראָגן אַ סאַמעטענע קורטקע, אַ זילבערנעם רינג, אַן אויירינגל און אייגענע שטיוול מיט אַ נעטל און פֿלוצלינג איז ער געווען געצוווּנגען, ווייל ער האָט פֿאַרלאָרן די הכנסות, צו ווערן אַ שענקער, און טאַקע דערפֿאַר האָבן אַלע גערעכנט, אַז באַם קויפֿן אַ ניי פֿערד וועלן זיך די שונאים אודאַי רעכט צעממיתן. און דער עולם האָט געוואַרט דערויף מיט גרויס נייגיר. יעדער פֿון זיי האָט זיך געהאַט זיין פֿאַרטיי. די אָנפֿירער פֿון די ביידע פֿאַרטייעס האָבן שוין אָנגעהויבן זיך אויפֿצורעגן און ביסלעכווייז זיך אַדורכגעוואָרפֿן מיט זידלערייען. יעלקין האָט שוין אַפֿילו אייגעצויגן זיין כיטרע פּנים אין אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע. אָבער דאָס איז נישט געשען: קוליקאָוון איז גאָר לגמרי נישט איינגעפֿאַלן צו פֿאַרפֿירן דאָ אַ קריג, אָבער אויך אָן שום קריגערייען האָט ער זיך געהאַלטן גאָר מייסטערהאַפֿט. אָנגעהויבן האָט ער פֿון הנחות, און מיט גרויס דרך ארץ האָט ער אַפֿילו אויסגעהערט די קריטישע מיינונגען פֿון זיין קאָנקורענט, נאָר פֿאַקנדיק אים באַ עפּעס אַ וואָרט, האָט ער אים באַשיידן און עקשנותדיק באַמערקט, אַז ער איז זיך טועה, און נאָך איידער יעלקין האָט געקענט קומען צו די רעיונות און אַרויסגיין מיט עפּעס אַ וואָרט, האָט קוליקאָוו אויפֿגעוויזן, אַז יעלקין, אַ שטייגער, איז זיך טועה נעמלעך אין דעם און אין דעם. מיט איין וואָרט, יעלקין איז צעקלאַפּט געוואָרן גאָר אומגעריכט און קונציק, און כאָטש דער נצחון איז טונדעסטוועגן געווען אויף זיין זייט, איז אָבער אויך קוליקאָווס פֿאַרטיי געבליבן צופֿרידן.

— ניין, רבותי, אים וועסטו אַזוי שנעל נישט צעקלאַפּן,

ער וועט שוין זיין שטעטל באַשטיין. נאָך ווי! — האָבן אייני־קע געזאָגט.

— יעלקין איז אַ גרעסערער בקי! — האָבן די אַנדערע באַמערקט, אָבער מיט עפּעס אַ נאָכגעביקייט. ביידע פּאַרטייען האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן ריידן מיט זייער אַ נאָכגיביקן טאָן.

— נישט דאָס, וואָס ער איז אַ גרעסערער בקי, ער האָט בלויז אַ לייכטערע האַנט! און וואָס איז נוגע דער בהמה, וועט קוליקאָוו אויך באַשטיין.

— ער וועט באַשטיין, דער יונג!

— ער וועט באַשטיין...

סוף־כּל־סוף האָט מען אויסגעקליבן אַ ניי״עם גניעדקע און מען האָט אים געקויפט. דאָס איז געווען גאָר אַ ווייל פערדל; אַ יונגס, אַ שיינס, אַ שטאַרקס, מיט זייער אַ ליב און פריילעך אויסזען. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ פערד אָן אַ שום פגימהלע. האָט מען זיך אָנגעהויבן צו דינגען: מען האָט געבעטן דרייסיק רובל, האָבן אונדזערע געגעבן פינף און צוואַנציק. מען האָט זיך געדונגען הייס און לאַנג, מען האָט דערלייגט און נאָכגעלאָזט. צולעצט איז זיי אַליין געוואָרן קאָמיש די זאַך.

— נו, וואָס, דו נעמסט דאָס געלט פון דיין אייגענעם בייטל? — האָבן אייניקע געזאָגט. — צי וואָס זיך דאָס דינגען?

— די קאַזיאָנע געלטער זשאַלעוועסטו, צי וואָס? — האָבן אַנדערע געשריגן.

— אָבער, ברידער, דאָס געלט געהער דאָך פאָרט צום אַרטעל...

— אַרטעל־געלט! ניין, אַ נאַש־בראַט אַ שוטה, ווערט, צפּנים, נישט פאַרזייט, נאָר ער וואַקסט אַליין אויס...

צולעצט איז דער עסק געשלאָסן געוואָרן פאַר אַכט און צוואַנציק רובל. מען האָט געמאָלדן דעם מאַיאָר, און די קניה איז באַשטעטיקט געוואָרן. פאַרשטייט זיך, מען האָט טאַקע באַלד ארויסגעטראָגן ברויט מיט זאַלץ, און מיט פאַראַד האָט מען אַריינגעפירט דעם נייעם גניעדקע אין טורמע אַריין. ס'איז, דאַכט זיך, נישט געווען קיין איין אַרעסטאַנט, וואָס זאָל בײַ דער געלעגנהייט נישט אַ קלאַפּ טון לייכט דאָס פערדל איבערן האַלדז אָדער עס נישט אַ גלעט טון איבער דער גמבע. טאַקע אין דעם אייגענעם טאָג האָט מען אײַנגעשפּאַנט גניעדקען, צו פירן וואַסער, און אַלע האָבן מיט נייגיר זיך צוגעקוקט ווי אַזוי דער נייער גניעדקע האָט געפירט דאָס פעסל. אונדזער וואַסערפירער, ראָמאַן, האָט עפּטער געוואָרפן אַן אויג אויפן נייעם פערדל מיט אַ געוואַלדיקער צופרידנקייט. דאָס איז געווען אַ פויער פון אַ יאָר פופציק, מיט אַ שווייגנדיקן און סאָלידן כאַראַקטער. אָבער אויך אַלע רוסישע קוטשערס האָבן זייער אַ סאָלידן און אַפילו אַ שווייגנדיקן כאַראַקטער, פונקט ווי עס וואָלט טאַקע געווען אַן אמת, אַז דאָס שטענדיקע האָבן צו טון מיט פערד, גיט צו דעם מענטשן עפּעס אַ באַזונדערע סאָלידקייט און אַפילו אַ חשיבות. ראָמאַן איז געווען אַ שטילער, מיט אַלעמען האַרציק, גערעט ווייניק, געשמעקט אַלץ טאַבאַק פון האָרן און שטענדיק, פון לאַנגע צייטן אָן, זיך אַרומגעפירט מיט די טורמע-פערדלעך. דאָס ניי-געקויפטע פערד איז שוין געווען דאָס דריטע. בײַ אונדז זענען אַלע געווען זיכער, אַז פאַר דער תפיסה פאַסט זיך אַ טונקל-ברוין פערד, אַז דאָס זאָל זיין אונדז צום פנים. ראָמאַן האָט עס אויך באַשטעטיקט. אַ געפלעקטס, צום ביישפּיל, וואָלט מען פאַר קיין פאַל נישט געקויפט. די שטעלע פון אַ וואַסערפירער איז, לויט עפּעס אַ חזקה, פאַרבליבן אויף שטענדיק פאַר ראָמאַנען, און בײַ אונדז וואָלט אויך

קיינמאָל קיינעם נישט איינגעפאַלן אָוועקצונעמען בײַ אים די דאָזיקע חזקה. ווען דער פריערדיקער גניעדקע איז אַוועקגעפאַלן, איז גאָר קיינעם אויפן רעיון נישט געקומען, אַפילו דעם מאַיאָר אויך נישט, צו באַשולדיקן ראָמאַנען: גאָטס רצון איז דאָס געווען, און ראָמאַן איז אַ גוטער קוטשער. באַלד איז גניעדקע געוואָרן דער ליבלינג פון דער טורמע. די אַרעסטאַנטן זענען אַפילו אַ ביסל שטרענג פאָלק, פונדעסטוועגן זענען זיי עפּעס צוגעגאַנגען אַ גלעט צו טון עס. קומט אַמאָל ראָמאַן פון טײַך, פאַרמאַכט ער דאָס טויער, וואָס דער אונטער־אָפיצער האָט אים געעפנט, און גניעדקע, אַרײַנקומענדיק אין טורמע, שטייט שוין מיטן פעסל און וואַרט אויף אים, ציט אויף אים פון דער זײַט מיט די אויגן. „גיי אַליין!“ שרײַט ראָמאַן צו אים און גניעדקע פירט תיכּף ומיד אַוועק אַליין דאָס פאַס, ברענגט עס צו פירן צו דער קיך און בלײַבט דאָרט שטיין, וואַרטנדיק אויף די עסנצוגרייטערס און די פּאַראַשניקעס מיט די עמערס, כּדי צו נעמען וואַסער. „אַ בר־שכל גניעדקע! – שרײַען זיי צו אים: – אַליין געבראַכט!.. פאָלגט, וואָס מען הייסט אים!..“

– זע, אַ בהמה, דאַכט זיך, און פאַרשטייט!

– אַ כוואַט גניעדקע!

שאָקלט גניעדקע מיטן קאָפּ און פאָרשקעט מיט די נאָזלעכער, פונקט ווי ער וואָלט אויך אינדעראמתן פאַרשטאַנען און איז צופרידן מיט די שבחים. און אָט וועט אים שוין עמעץ אומבאַדינגט אַרויסטראָגן ברויט מיט זאַלץ. עסט גניעדקע און שאָקלט ווידער מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זאָגן: „איך קען דיך! איך קען! אי איך בין מיר אַ ליב פערדעלע, אי דו ביזט אַ גוטער מענטש!“

איך האָב אויך ליב געהאַט אונטערצוטראָגן גניעדקען ברויט. עפּעס אַנגענעם איז געווען צו קוקן אויף זײַן שענער

מאָרדע און צו פילן אויף דער לאַדאָן זיינע ווייכע וואַרימע ליפּן, וואָס האָבן פלינק אויפגעכאַפּט דאָס געשענקטע ברויט.

אונדזערע אַרעסטאַנטלעך וואָלטן בכלל געקאָנט ליב האָבן שטוב־חיות, און אויב מען וואָלט זיי עס נאָר דערלויבט, וואָלטן זיי מיט גרויס חשק איינגעפירט אין טורמע אַ סך שטוב־חיות און עופות. און וואָס וואָלט, דאַכט זיך, מער געקאָנט פאַרוויי־כערן, פאַראיידעלערן דעם בייזן און חיהשן כאַראַקטער פון די אַרעסטאַנטן, ווי נישט אַזאַ באַשעפטיקונג, אַ שטייגער? אָבער דאָס האָט מען נישט דערלויבט. נישט אונדזערע אָרדנונגען און נישט דאָס אָרט האָבן עס דערלאָזט.

פאַר מיין צייט האָבן זיך אין טורמע דאָך צופעליק געפו־נען עטלעכע חיות. חוץ גניעדקען זענען בײַ אונדז געווען הינט, גענדז, דער באָק וואַסקע, און אַ געוויסע צייט האָט בײַ אונדז זיך אויך אויפגעהאַלטן אַן אָדלער.

אַלס שטענדיקער טורמע־הונט איז בײַ אונדז געווען, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, שאַריק, אַ קלוגער און גוטער הונט, מיט וועלכן איך בין געשטאַנען אין שטענדיקער פריינד־שאַפט. אָבער אַזוי ווי אַ הונט רעכנט זיך בכלל בײַם פּשוטן פאָלק פאַר אַן אומריינע בריאה, אויף וועלכער מען דאַרף גאָר קיין שום אַכט נישט לייגן, האָט זיך אויך קיינער בײַ אונדז כמעט נישט אומגעקוקט אויף שאַריקן. האָט זיך געלעבט דער הונט, געשלאָפן אויפן הויף, געגעסן, וואָס מען האָט אַרויסגע־וואָרפן פון קיך און קיין שום באַזונדערן אינטערעס האָט ער בײַ קיינעם נישט אַרויסגערופן. פונדעסטוועגן האָט ער אַלעמען געקענט און אַלעמען אין טורמע געהאַלטן פאַר זיינע באַלעבאַטים. ווען די אַרעסטאַנטן האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, איז ער שוין, לויטן געשריי בײַ דער קאָרדעגאַרדיע: „יעפרייטאָר!“ געלאָפן צום טויער, באַגעגנט מיט גרויס ליבע יעדע פּאַרטיע,

געדרייט מיטן עק און וואַרעם אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין יעדן איינעם, וואָס איז אַריינגעקומען, און געוואַרט אויף עפּעס אַ גלעט. אָבער יאָרנלאַנג האָט ער נישט זוכה געווען, אַז עמעצן, חוץ מיר אפשר, זאָל אים שענקען אַ גלעט. דערפאַר טאַקע האָט ער מיך אויך ליבער געהאַט פון אַלעמען. איך געדענק נישט, ווי אַזוי אַרום האָט זיך נאָכדעם באַוויזן בא אונדז אין טורמע אויך אַ צווייטער הונט, ביעלקע. דעם דריטן אָבער, קולטיאַפּקען, האָב איך מיר אַליין איינגעשאַפט, ברענגענדיק אים פון דער אַרבעט, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ קליין הינטעלע. ביעלקע איז געווען אַ משונהדיקע באַשעפעניש. עמעץ איז אים איבערגעפאָרן מיט אַ וואָגן, און זיין רוקן איז געווען אַריינגעבויגן אינעווייניק, אַזוי, אַז ווען ער פלעגט לויפן, האָט עס פונדערווייטנס אויסגעזען, ווי עס וואָלטן געלאָפן צוויי ווייסע באַשעפענישן, וואָס זענען צונויפגעוואָקסן צווישן זיך. חוצדעם איז ער אינגאַנצן געווען עפּעס אַזאַ פאַרכעוואַטער, מיט אייטערדיקע אויגן; ער האָט געהאַט אַן אויסגעקראָכן וויידל, כמעט אינגאַנצן אָן האָר און שטענדיק צונטערגעבויגן. באַליידיקט פון מזל, האָט ער קענטיק, באַשלאָסן זיך צו פאַרהאַלטן מיט גרויס הכנעה. ער האָט טאַקע קיינמאָל אויף קיינעם נישט געבילט און נישט געוואָרטשעט, פונקט ווי ער וואָלט די דרייסטקייט נישט געהאַט. גענערט האָט ער זיך על-פּי-רוב מיט ברויט, הינטער די קאַזאַרמעס; האָט ער דערזען עמעצן פון די אונדזעריקע, האָט ער תיכּף ומיד, נאָך פאַר עטלעכע טריט, זיך איבערגעקערט אויפן רוקן, אַלס צייכן פון הכנעה: „טו מיט מיר, הייסט עס, וואָס דו ווילסט, און איך, ווי דו זעסט, טראַכט גאָרנישט זיך אַנטקעגן צושטעלן". און יעדער אַרעסטאַנט, פאַר וועלכן ער פלעגט זיך איבערקוילערן, פלעגט אים אַ קאָפּע טון מיטן שטיוול, פונקט ווי ער וואָלט דאָס אומבאַדינגט געהאַלטן פאַר זיין חוב. „אָט אַ

„געמיינע בריאה" — פלעגן די אַרעסטאַנטן זאָגן. אָבער ביעלקע האָט אַפילו נישט געהאַט די העזה צו וואָיען און אויב דער וויטאָג האָט אים שוין צו פיל דורכגענומען, האָט ער אַזוי ווי פאַרשטיקט און יתומדיק געוואָיעט. פונקט אַזוי טאַקע פלעגט ער זיך איבערקוילערן אי פאַר שאַריקן אי פאַר יעדן אַנדער הונט, ווען ער פלעגט אַרויסלויפן צוליב זיינע עניגים הינטער דער טורמע. טיילמאָל פלעגט ער זיך איבערקוילערן און ליגן מיט הכנעה, בשעת עפּעס אַ גרויסער הונט מיט אַראָפּגעהאָנגענע אויערן פלעגט זיך אַ וואָרף טון אויף אים מיט אַ ריטשען און בילן. הינט האָבן אָבער ליב הכנעה און אונטערטעניקייט פון זייער גלייכן. דער ווילד-בייזער הונט פלעגט זיך באַלד באַרויקן, און מיט אַ געוויסער פאַרטראַכטקייט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם הכנעהדיקן הונט, וואָס איז געלעגן קעגן אים מיט די פיס אַרויף, און פּאַמעלעך, מיט גרויס נייגער האָט ער אים אָנגעהויבן אַרומצושמעקן אַלע טיילן פון זיין קערפּער. וואָס פאָרט האָט דאָ געקענט טראַכטן ביעלקע, וואָס האָט בעת מעשה ממש געציטערט מיטן גאַנצן לייב? „נו, וועט ער טאַקע, ווי אַ רוצח אַ ריס טון?" איז אים אַוודאי געקומען אויפן רעיון. אָבער גוט און אויפמערקזאַם אַרומגעשמעקט, האָט אים דער גרויסער הונט, סוף-כל-סוף אָפּגעלאָזט, נישט געפינענדיק אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים קענען פאַראינטערעסירן. ביעלקע איז באַלד טאַקע אויפגעשפרונגען און זיך ווידעראַמאָל אַוועקגעלאָזט, הינקענדיק, נאָך אַ לאַנגער שורה הינט, וואָס האָבן באַגלייט עפּעס אַ זשוטשקע. און הגם ער האָט געוווּסט אויף זיכער, אַז מיט זשוטשקען וועט ער זיך קיינמאָל רעכט נישט באַקענען, דאָך איז אים געווען ניחא פונדערווייטנס אונטערצוהינקען — אויך דאָס איז שוין געווען פאַר אים אַ טרייסט אין זיינע צרות. פון כבוד האָט ער שוין, אַפּנים, אויפגעהערט

צו טראַכטן. פאַרלאָרן די מינדסטע קאַריערע אין דער צוקונפט, האָט ער געלעבט צוליבן בלויזן ברויט און האָט עס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען. איך האָב אים אַמאָל געפרוווט מחיה זיין מיט אַ גלעט. פאַרן הונט איז עס אָבער געווען אַזוי ניי און אומגע־ריכט, אַז ער האָט זיך פלוצלינג אינגאַנצן אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד אויף אַלע פיר לאַפּעס, האָט גענומען ציטערן אויפן גאַנצן לייב און האָט אָנגעהויבן הויך צו קוויטשען פון זיסן תענוג. פאַר רחמנות האָב איך אים עפּטער געגלעט. דערפאַר טאַקע האָט ער מיך נישט געקענט באַגעגענען אָן קוויטשערייען. דערזעט ער מיך פונדערווייטנס, הויבט ער אָן צו קוויטשען קרענקלעך און מיט טרערן. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט: הינט האָבן אים צעריסן הינטער דער טורמע אויפן וואַל.

קולטיאַפּקע, ווידער, האָט שוין געהאַט גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. איך ווייס נישט, צו וואָס האָב איך אים געבראַכט פונם וואַרשטאַט אין טורמע אַריין, ווען ער איז נאָך געווען אַ בלינד פּיצל הינטעלע. מיר איז געווען אנגענעם צו נערן און צו האָדעווען אים. שאַריק האָט באַלד טאַקע צוגענומען קולטיאַפּקען אונטער זיין שוץ און איז געשלאָפן מיט אים צו־זאַמען. ווען קולטיאַפּקע האָט אָנגעהויבן אונטערצעוואַקסן, האָט ער אים דערלויבט צו בייסן זיינע אויערן, רייסן אויף אים די האָר און זיך שפּילן מיט אים, ווי עס שפּילן געוויינטלעך דער־וואַקסענע הינט מיט קליינע הינטלעך. עס איז מערקווירדיק, וואָס קולטיאַפּקע איז כמעט נישט געוואַקסן אין דער הויך, נאָר אַלץ אין דער לענג און אין דער ברייט. האָר האָט ער געהאַט געקרייזלטע, פון עפּעס אַזאַ העלן מויזן־קאָליר. איין אויער איז אים געוואַקסן אַראָפּ, און דאָס צווייטע אַרויף. אַ כאַראַקטער האָט ער געהאַט אַ היציקן און אַ התפּעלותדיקן, ווי יעדעס הינטעלע, וואָס אַז עס דערזעט דעם באַלעבאָס, הויבט עס געוויינטלעך אָן

פֿון גרויס שמחה... וואָיען, שרייען, קריכן אים לעקן אין סאַמע פּנים אַריין און איז טאַקע גרייט פֿאַר אייך פּרייצולאָזן אויף אַלע זיינע איבעריקע געפֿילן: „אַבי מען זאָל נאָר אָנזען די התלהבות, די אנשטענדיקייט איז שוין גאָרנישט!" האָב איך נאָר ערגעץ, וווּ איך זאָל נישט זיין, אַ געשריי געטון: „קולטיאַפּקע!" האָט ער זיך פּלוצלינג באַוויזן פֿון עפּעס אַ ווינקל, ווי פֿון אונטער דער ערד און איז מיט קוויטשיקער התפּעלות געפֿלויגן גלייך צו מיר, בעת מעשה זיך געקוילערט ווי אַ קויל און אויפֿן וועג זיך איבערגעקוילערט. איך האָב שרעקלעך ליב געקריגן דאָס דאָזיקע קליינע פּאַרזעניש. עס האָט אויסגעוויזן, אַז אין לעבן איז אים בלויז באַשערט אַ סך רחבות און לויטער שמחה. אָבער אין איין שיינעם טאָג האָט דער אַרעסטאַנט ניעאוסטראָיעוו, וואָס האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט נייען ווייבערשע שיך און אויסאַרבעטן לעדער, געוואָרפֿן אַן אויג אויפֿן הונט. אים האָט עפּעס פּלוצלינג איבעראַשט. האָט ער צוגערופֿן קולטיאַפּקען, אַ טאַפּ געטון זיין פֿעל און אַנידערגעלייגט אים, גלעטנדיק, מיטן רוקן אויף דער ערד. קולטיאַפּקע, וואָס האָט גאָרנישט חושד געווען, האָט געקוויטשעט פֿון תענוג. אָבער צומאָרגנס אינדערפֿרי איז קולטיאַפּקע פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. איך האָב אים לאַנג געזוכט, פּונקט ווי ער וואָלט אין וואַסער פֿאַרזונקען געוואָרן; ערשט אין אַ צוויי וואָכן אַרום איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן: קולטיאַפּקעס פֿעל איז שטאַרק געפֿעלן געוואָרן ניעאוסטראָיעוון. האָט ער זי אָפּגעשונדן, אויסגעאַרבעט און אונטערגעלייגט אין די סאַמעטענע ווינטערדיקע שיך, וואָס זענען באַשטעלט געוואָרן פֿון דער אוידיטאָרין. ער האָט מיר אויך געוויזן די שיך, ווען זיי זענען שוין פֿאַרטיק געוואָרן. דאָס פֿעלכל איז אַרויסגעקומען גאָר אַ הפלאזיקס. אָרעמער קולטיאַפּקע!

בײַ אונדז אין טורמע האָבן זיך אַ סך באַשעפטיקט מיט
אויסאַרבעטן לעדער, און עפטער האָט מען געבראַנגט הינט מיט
אַ גוטער פעל, וואָס זענען טאַקע כּהרף אין פאַרשוווּנדן גע-
וואָרן. אַ טייל האָט מען געגנבעט און אַ טייל האָט מען אַפילו
געקויפט. איינמאָל, געדענק איך, האָב איך הינטער די קיכן
דערזען צוויי אַרעסטאַנטן. זיי האָבן זיך, קענטיק, מישב געווען
און זיך גצטענטלט װעגן עפּעס. איינער פון זיי האָט געהאַלטן
אויף אַ שטריק אַ פּרעכטיקן גרויסן הונט, קענטיק, פון אַ
טייערער ראַסע. עפּעס אַ דינער, אַן אויסוואָרף, האָט אים
אַוועקגעפירט פון זיין באַלעבאָס און אים פאַרקויפט אונדזערע
שוסטער פאַר דרייסיק קאָפּיקעס. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך
מכין געווען אים אויפצוהענגען. דאָס איז גאַנץ לייכט אויס-
געפירט געוואָרן. די פעל האָבן זיי אָפּגעשונדן, און דעם גוף
האָט מען אַרייַנגעוואָרפן אינם גרויסן און טיפן מיסטגרוב, וואָס
האָט זיך געפונען באַם סאַמע הינטערשטן עק פון אונדזער
טורמע און וואָס האָט זומער, בשעת די גרויסע היצן, שרעקלעך
געשטונקען. מען האָט אים זעלטן אויסגערייניקט. דער אָרעמער
הונט האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, וואָס דאָ ווערט אים צו-
געגרייט. שאַרף און אומרויק האָט ער זיך צוגעקוקט צו יעדן
איינעם פון אונדז דרייען און נאָר זעלטן האָט ער זיך דער-
וועגט אַ דריי צו טון מיט זיין געדיכט-האָריקן צוזאַמענגע-
דריקטן ווידל, פונקט ווי ער וואָלט אונדז געוואָלט ווייכער
מאַכן דורך דעם דאָזיקן צייכן פון צוטרוי צו אונדז. איך האָב
מיך וואָס שנעלער אַוועקגערוקט, און זיי האָבן, נאַטירלעך, גע-
ענדיקט בשלום זייער זאַך.

גענדז האָבן זיך עפּעס אויך גאַנץ צופעליק באַוויזן בײַ
אונדז. איך ווייס ניִשט, ווער עס האָט זיי געבראַנגט, און צו
וועמען זיי האָבן אייגנטלעך געהערט, אָבער אַ געוויסע צייט

האָבן זיי זייער געוויילט די אַרעסטאַנטן און זענען אַפילו באַ־
קאַנט געוואָרן אין שטאָט. אין טורמע האָבן זיי זיך אויך
אויסגעפּיקט פון די אייעלעך און האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין
קיך. ווען די גענדזעלעך זענען אונטערגעוואָקסן, האָבן זיי
אַלע, ווי אַ מחנה, זיך צוגעווינט צו גיין צוזאַמען מיט די
אַרעסטאַנטן אויף דער אַרבעט. האָט נאָר אָנגעהויבן צו קלאַפּן
די פּויק און די קאַטאָרגע האָט זיך אַ לאָז געטון צו דער טיר,
האָבן אונדזערע גענדז מיט געפּילדער געלאָזט זיך לויפן נאָך
אונדז, צעשפּרייטנדיק זייערע פליגלען, איינס נאָכן אַנדערן
אריבערגעשפּרונגען איבער דער הויכער שוועל פונם טויערל
און זיך באַלד אָוועקגעלאָזט אין דער רעכטער זייט, ווו דער
עולם האָט זיך אויסגעשטעלט און געוואַרט, ביז עס וועט זיך
ענדיקן די אַרבעט־פּאַרטיילונג. — זיי האָבן זיך שטענדיק אָנ־
געשלאָסן צו דער גרעסטער פּאַרטיע, און אין דער צייט פון
דער אַרבעט האָבן זיי זיך געפּאַשעט ערגעץ פון דערווייטנס.
באַלד ווי די פּאַרטיע האָט פאַרלאָזט די אַרבעט און גענומען
גיין צוריק אין טורמע אַריין, האָבן זיי זיך אויך אויפגעהויבן
פון די ערטער. אין פעסטונג האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען,
אַז די גענדז גייען מיט די אַרעסטאַנטן צו דער אַרבעט.
„זע נאָר, די אַרעסטאַנטן גייען מיט זייערע גענדז!“—פלעגן די
אָנבאַגעגנדיקע זאָגן:—„ווי אַזוי האָט איר עס זיי אויסגעלערנט!“—
„נאַט אייך פאַר די גענדז!“—האָט אַ צווייטער צוגעגעבן און
געשענקט אַ נדבה. נאָר נישט געקוקט אויף דער גאַנצער ליבע
צו די גענדז, פלעגט מען זיי אויסשעכטן נאָך אַ תענית.

דערפאַר אָבער וואָלטן זיי אונדזער באָק וואַסקע פאַר
קיין פאַל נישט געשאָכטן, ווען עס וואָלט זיך נישט געמאַכט
קיין באַזונדערער אומשטאַנד. איך ווייס אויך נישט, פון וואַנען
ער האָט זיך צו אונדז גענומען און ווער עס האָט אים גע־

בּרענגט, נאָר פלוצלינג האָט זיך באַוויזן אין טורמע אַ קליין, ווייס, פּרעכטיק בּעקעלע. צייט עטלעכע טעג האָבּן עס אַלע בּאַ אונדז ליבּ געקריגן, און עס איז געוואָרן אַלעמענס פאַרווײלונג און אַלעמענס נחת אַפילו. מען האָט אויך געפונען אַ סיבּה עס צו האַלטן. האָט דאָך באַדאַרפט זיין אַ בּאָק אין פערד-שטאַל פון דער טורמע. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אויפגעהאַלטן נישט אין פערד-שטאַל, נאָר תּחילת אין קיך, און נאָכדעם אין דער גאַנצער טורמע. דאָס איז געווען זייער אַ גראַציעז און זייער אַ שטיפעריש וועזן. ער פלעגט קומען צולויפן אויפן רוף. ער פלעגט שפּרינגען אויף די בּענק, אויף די טישן, האָט זיך געבּאָדזיעט מיט די אַרעסטאַנטן, און געווען שטענדיק פריילעך און אַמוזאַנט. ווען דעם בּעקל האָבּן זיך שוין אויסגעשניטן גאַנץ היבשע הערנדלעך, איז איינמאָל, איך אָוונט, איינגעפאַלן דעם לעזגינער באַבּאַי, וואָס איז געזעסן אויפן גאַניקל פון דער קאַזאַרמע צוזאַמען מיט אנדערע אַרעסטאַנטן, צו באָדזיען זיך מיט אים. זיי האָבּן זיך שוין לאַנג געהאַט געקלאַפּט מיט די שטערנס, — דאָס איז געווען דאָס געליבּטע שפּיל בּאַ דעם אַרעסטאַנט מיטן בּאָק,—נאָר פלוצלינג איז וואַסקע אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם אויבּערשטן טרעפּל פון גאַנעק, און באַלד ווי באַבּאַי האָט זיך נאָר אָפּגעקערט אין אַ זייט, האָט זיך דאָס בּעקל אין איין אויגנבּליק אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס, צוגעדריקט צו זיך די פאָדערשטע קאָפּיטעס און מיטן גאַנצן כּוח אַ קלאַפּ געטון באַבּאַיען אין קאַרק אַריין, אַזוי, אַז יענער איז ווי אַ קנויל אַראָפּגעפאַלן פון גאַנעק, אַרויסרופנדיק גרויס התפּעלות בּאַ אַלע דערבּייסטייענדיקע און בּאַ באַבּאַיען אַליין. מיט איין וואָרט, וואַסקען האָבּן אַלע שרעקלעך ליבּ געהאַט. ווען ער האָט אָנגעהויבּן אונטערצוּוואַקסן, האָט מען אים, נאָך אַן אַלגעמיינער און

ערנסטער באַראַטונג, געמאַכס די באַקאַנטע אָפּעראַציע, אויף וועלכער אונדזערע וועטערינאַרן זענען געווען גאָר גרויסע בריות. „אַנישט, וועט שטאַרק שמעקן מיט באָק״–האָבן די אַרעסטאַנטן געזאָגט. נאָכדעם האָט וואַסקע אָנגעהויבן שטאַרק פעט צו ווערן. מען האָט אים אויך געפּאַשעט, ווי צו דער שחיטה. לסוף איז אויסגעוואקסן געוואָרן פון אים זייער אַ שיינער גרויסער באָק, מיט זייער לאַנגע און אומגעוויינלעך דיקע הערנער. פון דיקייט פלעגט ער, גייענדיק, זיך איבערגיסן פון איין זייט אויף דער צווייטער. ער האָט זיך אויך צוגעוווינט צו גיין מיט אונדז צו דער אַרבעט, און צו ווייַלן די אַרעסטאַנטן און דעם עולם, וואָס מען האָט באַגעגנט אין וועג. אַלע האָבן געקענט וואַסקען, דעם טורמע-באָק. טיילמאָל, ווען מען האָט געאַרבעט, אַ שטייגער, אויפן ברעג, פלעגן די אַרעסטאַנטן אָנרייסן בויגיקע סאָליריטלעך, פלעגן דערטאַפּן ערגעץ בלעטער, אָנקלייבן אויפן וואַל בלומען און מיט דעם אַלעם אויספּוצן וואַסקען: די הערנער פלעגן זיי אַרומפלעכטן מיט צווייגן און בלומען, דעם גאַנצן קערפּער פלעגט מען אַרומלייגן מיט קרענץ. אַזוי־אַרום פלעגט וואַסקע זיך אומקערן אין טורמע אַריין תמיד פאָרויס פאַר די אַרעסטאַנטן, אַן אויסגעפּוצטער, און די אַרעסטאַנטן פלעגן גיין הינטער אים מיט אַזאַ מינע, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך איבערגענומען מיט אים פאַר די פאַרבייגייער. די התפעלות פאַרן באָק איז שוין אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז מאַנכע אַרעסטאַנטן איז אַפילו איינגעפאַלן דער געדאַנק, פּונקט ווי קינדער: „אפשר זאָל מען גאָר אָפּגילטן וואַסקען די הערנער?“ וועגן דעם אָבער האָט מען בלויז אַזוי געשמועסט, מען האָט עס נישט אויסגעפירט. איך געדענק, איבעריקנס, ווי איך האָב געפרעגט אַקים אַקימיטשן, דעם בעסטן גאָלדשמיד אונדזערן נאָך איסאַי פאָמיטשן: צי קאָן מען באמת אָפּגילטן דעם באָקס הערנער?

לכתחילה האָט ער אויפמערקזאַם אַ קוק געטון אויפן באָק, ערנסט זיך באַדאַכט און געזאָגט, אַז מען וואָלט אפשר געקענט, אָבער ס'וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן, און דערפאַר טאַקע איז דאָס טאַקע לגמרי אומנוצלעך". דערמיט האָט זיך עס טאַקע אויך געענדיקט. לאַנג וואָלט אַזוי וואַסקע געלעבט אין טורמע און וואָלט אפשר געשטאָרבן פון אַ קורצן אָטעם; אָבער איינמאָל, בשעת ער איז געגאַנגען פון דער אַרבעט בראש פון די אַרעסטאַנטן, אַן אויסגעפוצטער און אויסגעצירטער, איז גראַדע אַנטקעגן געקומען דער מאַיאָר, וואָס איז געפאָרן אין עקיפּאַזש. — „שטיי! — האָט ער ווילד אויסגעשריגן — וועמענס באָק איז עס?" האָט מען אים דערקלערט. — „ווי! אין טורמע אַ באָק און נאָך אָן מיין דערלויבעניש! דעם אונטעראָפיציר אַהער!" איז געקומען דער אונטעראָפיציר, וואָס האָט באַקומען אַ באַפעל תיכף צו שעכטן דעם באָק. נאָכדעם זאָל מען אָפּשינדן דאָס פעל, פאַרקויפן עס אין מאַרק, דאָס אָפּגעלייזטע געלט איינשליסן אין דער קאַזיאָנער סומע פון די אַרעסטאַנטן, און דאָס פלייש אַריינגעבן די אַרעסטאַנטן אין קרויט אַריין. אין טורמע האָט מען געשמועסט, גערעדט, באַדויערט, נאָר פונדעסטוועגן האָט מען נישט געהאַט די העזה נישט צו פאָלגן. מען האָט וואַסקען געשאָכטן איבער אונדזער מיסט-גרוב. איינער פון די אַרעסטאַנטן האָט אָפּגעקויפט דאָס פלייש אין הורט, אַריינטראָגנדיק אין דער טורמע-קאַסע אַנדערטהאַלבן קערבלעך. פאַר דעם דאָזיקן געלט האָט מען געקויפט קוילעטשעס, און דער, וואָס האָט געקויפט וואַסקען, האָט פאַרקויפט דאָס פלייש שטיקלעכווייז די אַרעסטאַנטן אויף געבראָטנס. דאָס פלייש איז באמת געווען אומגעווייניטלעך באַטעמט.

אַ געוויסע צייט האָט זיך ביי אונדז אין טורמע אויפגעהאַלטן אַן אָדלער, פון די קלענערע סטעפּ-אָדלערס. עמעצער האָט אים געברענגט צוטראָגן אין טורמע אַ פאַרוואונדעטן און אַן אויסגעמוטשעטן. דער גאַנצער קאַטאָרגע-עולם האָט אים

אַרומגעריגלט; ער האָט נישט געקאָנט פליען: זיין רעכטער פליגל איז אים אַראָפּגעהאַנגען צו דער ערד, איין פוס איז אים געווען אויסגעלענקט. איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַ גרימצאָרן ער האָט זיך אַרומגעקוקט, באַטראַכט דעם נייגעריקן עולם, גע-עפנט זיין האָרבאַטן שנאָבל, און זיך, קענטיק, מכין געווען טייער צו פאַרקויפן זיין לעבן. ווען מען האָט זיך שוין אויף אים געהאַט גוט אָנגעקוקט און אָנגעהייבן זיך פאַנאַנדערצוגיין, האָט ער אַוועקגעהינקט, מיט אַ צושפּרינגען אויף איין פוס און מיט אַ פאָכן מיטן געזונטן פליגל, אינם ווייטסטן עק פונם טורמע-הויף, ווו ער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל און זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו די פּאַליעס. דאָ האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי אונז גאַנצע דריי חדשים און פאַר דער דאָזי-קער צייט קיין איין מאָל נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיין ווינקל. לכתחילה פלעגט מען עפטער קומען קוקן אויף אים, און בעת מעשה אָנרייצן אויף אים דעם הונט. שאַריק האָט זיך מיט ווילדן גרימצאָרן געוואָרפן אויף אים, אָבער ער האָט, קענטיק, מורא געהאַט צוצוטרעטן נענטער צו אים, וואָס ס'האָט זייער געוויילט די אַרעסטאַנטן. — „אַ חיה! — האָבן זיי געזאָגט, — זי לאָזט זיך נישט!" נאָכדעם אָבער האָט שוין שאַריק אָנגע-הייבן שטאַרק זיך אָנצוזעצן אויף אים. זיין פּחד איז אַריבער, און אַז מען האָט אים געפּרוּווט אָנרייצן אויפן אָדלער, האָט ער אים בּריהש געפּאַקט פאַרן קראַנקן פליגל. מיט אַלע כוחות האָט דער אָדלער זיך פאַרטיידיקט מיט די נעגל און מיטן שנאָבל, און שטאָלץ און ווילד, ווי אַ פאַרוואונדעטער מלך, פאַרשטעקט אין זיין ווינקל, האָט ער באַטראַכט די נייגעריקע, וואָס זענען געקומען אים זען. צולעצט איז ער אַלעמען נמאס געוואָרן, האָט מען אים פאַרלאָזט און פאַרגעסן. און פונדעסט-וועגן האָט מען אַלע טאָג געקענט זען לעבן אים שטיקלעך

פריש פלייש און אַ שערבעלע מיט וואַסער. עמעץ האָט פּאָרט געזאָרגט פאַר אים. לכתחילה האָט ער אַפילו נישט געוואָלט עסן, עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט ער נישט געגעסן. סוף־כּל־סוף אָבער האָט ער נאָכגעגעבן, אָבער קיינמאָל נישט געגעסן פון האַנט, אָדער ווען מענטשן זענען דערביי געווען. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען נאָכצוקוקן אים פונדערווייטנס. בשעת ער האָט קיינעם נישט באַמערקט און האָט גערעכנט, אַז ער איז איינער אַליין, האָט ער זיך טיילמאָל באַשלאָסן אַרויסצוגיין אַ ביסל פון ווינקל און האָט אַזוי געהונקען לענג־אויס פון די פּאַליעס, באַ אַ צוועלף טריט פון זיין אָרט, דערנאָך אָבער האָט ער זיך צוריקגעקערט און באַלד דערויף ווידער אַרויסגעגאַנגען, פּונקט ווי ער וואָלט געמאַכט אַ מאָציאָן. אָבער דערזען מיך, האָט ער באַלד טאַקע מיטן גאַנצן כּוח, הינקענדיק און צושפּרינגענדיק, זיך אַוועקגעלאָזט אויף זיין אָרט, און, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף צוריק, האָט ער מיט אַן אָפּענעם שנאָבל און מיט אויפגעהויבענע פּעדערן זיך באַלד געמאַכט גרייט צום קאַמף. מיט קיין שום לאַסקעס האָב איך אים נישט געקאָנט ווייכער מאַכן: ער האָט זיך געביסן און געשלאָגן. דאָס פלייש צום עסן האָט ער באַ מיר נישט גענומען און די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געשטאַנען איבער אים, האָט ער מיר שאַרף אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין מיט זיין בייזן דורכדרינגלעכן בליק. איינזאַם און פאַרביסן האָט ער געוואַרט אויפן טויט, אָן שום צוטרוי צו קיינעם און אָן אַ שום רצון שלום צו ווערן מיט די מענטשן. צולעצט האָבן זיך די אַרעסטאַנטן אַזוי ווי דערמאָנט אין אים, און הגם צוויי חדשים צייט האָט מען זיך נישט געזאָרגט פאַר אים און אים לגמרי נישט דערמאָנט, האָבן פּלוצלונג עפּעס אַלע גרויס רחמנות באַקומען אויף אים. האָט מען געשמועסט, אַז מען דאַרף דעם אָדלער אַרויסטראָגן:

— מעג ער אַפילו פגרן, אַבי נישט אין טורמע, — האָבן אייניקע געזאָגט.

— אַוודאי, אַ פרייען פייגל, אַ בייזן, וועסטו צו אַ טורמע נישט צוגעוווינען, — האָבן אַנדערע פּאָטאַקעוועט.

ער איז דאָך עפּעס נישט אַזוי ווי מיר, — האָט עמיצער צוגעגעבן.

— זע, ער איז גאָר געפּרווירן געוואָרן: דאָס איז דאָך אַ פייגל, און מיר זענען מענטשן.

— אַן אָדלער, ברידערלעך, איז דער קיסר פון די וועל־דער... — האָט סקוראַטאָוו אָנגעהייבן, אָבער דאָס מאָל האָט מען אים נישט געוואָלט הערן. איינמאָל, נאָך מיטאָג, ווען די פויק האָט אָנגעהייבן קלאַפּן צו דער אַרבעט, האָט מען גע־נומען דעם אָדלער, פאַרדריקט אים דעם שנאָבל מיט דער האַנט, ווייל ער האָט זיך גענומען מוראדיק שלאָגן, און מען האָט אים אַוועקגעטראָגן פון טורמע. מען איז צוגעגאַנגען ביז צום וואַל. די צוועלף מענטשן, וואָס זענען געווען אין דער פּאַרטיע, האָבן שטאַרק געוואָלט זען, וווהין. אַ שטייגער, וועט דאָ גיין דער אָדלער. אַ מערקווירדיקע זאַך: אַלע זענען עפּעס געווען צופרידן, פּונקט ווי זיי אַליין וואָלטן דאָ באַקומען די פרייהייט.

— סאַראַ הינטיש פלייש, דו טוסט אים אַ טובה, און ער בייסט זיך נאָך, — האָט זיך אָנגערופן יענער, וואָס האָט אים געהאַלטן און וואָס האָט כמעט מיט ליבשאַפט געקוקט אויפן בייזן פייגל.

— לאָז אים אָפּ, מיקיטקע.

— דו מאַך מיט אים יישט קיין מחזקות. די פרייהייט גיב אים, די אמתע פרייהייט טאַקע.

האָט מען דעם אָדלער אַראָפּגעוואָרפן פון וואַל אין סטעפּ

טריין. עס איז געווען טיף אין הערבסט, אין אַ קאַלטן כמורנעם טאָג. דער ווינט האָט געפייפט אינם הוילן סטעפ און געראַנגלט אין די געל-געוואָרענע, אויסגעטריקנטע, צוזאַמענגעפּלאָנטערטע סטעפּ-גראָזן. דער אָדלער האָט זיך אַוועקגעלאָזט גלייך פאָרויס, געפּאָכט מיטן קראַנקן פליגל, ווי ער וואָלט זיך עפעס געאיילט אַוועקצוגיין פון אונדז, ווו די אויגן וועלן אים טראָגן. די אַרעסטאַנטן האָבן נייגעריק זיך צוגעקוקט, ווי עס שימערט זיין קאָפּ אין די גראָזן.

— אָהאָ! — האָסט עמעץ פאַרטראַכט אַ זאָג געטון.

— ער וועט זיך אַפילו נישט אומקוקן! — האָט אַ צווייטער צוגעגעבן. — קיין איין מאָל, ברודער, זיך נישט אומגעקוקט. לויפט זיין וועג!

— און די האָסט אַוודאי געמיינט, ער וועט זיך אומקערן דאַנקען? — האָט אַ דריטער באַמערקט.

— נו, מען ווייסט, די פרייהייט. דערשפּירט די אייגענע פרייהייט.

— די פרייהייט, הייסט עס.

— און מען זעט אים שוין גאָרנישט, ברידערלעך...

— וואָס שטייט איר, וואָס? מאַרש! — האָבן זיך צעשריגן די וואַכסאָלדאַטן, און אַלע האָבן זיך שווייגנדיק אַוועקגעשלעפּט צו דער אַרבעט.

---

## VII.

## די תביעות.

אָנהייבנדיק דאָס דאָזיקע קאַפּיטל, האַלט פאַר זיין חוב דער אַרויסגעבער פון די דאָזיקע זכרונות פון געשטאָרבענעם אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש גאָריאַנטשיקאָוו, צו מאַכן די לייענער די פאָלגנדיקע מיטטיילונג.

אין ערשטן קאַפּיטל פון די „זכרונות פון טויטן הויז" זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן עטלעכע ווערטער וועגן איינעם אַ פאָטער-מערדער, פון די דוואָריאַנעס. דרך אגב איז ער אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס ביישפּיל צו דעם, וואָס די אַרעסטאַנטן רעדן טיילמאָל מיט אַזא גלייכגילטיקייט וועגן זייערע באַגאַנגענע פאַרברעכנס. עס איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז דער מערדער האָט זיך נישט מודה געווען פאַרן געריכט אין זיין פאַרברעך, אָבער די פאַקטן, אויב מען זאָל משפטן לויט די מעשיות פון מענטשן, וואָס האָבן געוואוסט אַלע פּרטים פון זיין געשיכטע, זענען געווען אויף אַזויפיל קלאָר, אַז עס איז אוממעגלעך געווען נישט צו גלויבן אין דעם פאַרברעך. די דאָזיקע מענטשן טאַקע האָבן דערציילט דעם מתבר פון די

„זכרונות", אַז דער פאַרברעכער האָט געפירט זייער אַן אויס־געלאַסן לעבן, איז אַריינגעקראָכן אין חובות און דערהרגעט זיין פאָטער, ווייל ער האָט אויסגעקוקט אויף דער ירושה. איבעריקנס, האָט די גאַנצע שטאָט, ווו אָט דער פאָטער־מערדער האָט פריער געדינט, דערציילט די דאָזיקע געשיכטע אויף איין שטייגער. וועגן דעם דאָזיקן לעצטן פאַקט האָט דער אַרויסגעבער פון די „זכרונות" גאַנץ זיכערע ידיעות. צולעצט איז אין די „זכרונות" געזאָגט געוואָרן, אַז אין טורמע האָט דער מערדער זיך תמיד געפונען אין אַן אויסגעצייכנטער פריילעכער שטימונג, אַז דאָס איז געווען אַ פלאַטער־קאָפּ, אַ לייכטזיניקער און אַן אומבאַדאַכטער מענטש אויפן העכסטן גראַד, הגם בשום אופן נישט קיין נאַר, און אַז דער מחבר פון די „זכרונות" האָט אין אים קיינמאָל נישט באַמערקט קיין שום באַזונדערע אכזריות און דאָ טאַקע זענען צוגעגעבן געוואָרן די ווערטער: „ס'פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אין דעם דאָזיקן פאַרברעך נישט געגלויבט".

די טעג האָט דער אַרויסגעבער פון די „זכרונות פון טויטן הויז" באַקומען אַ ידיעה פון סיביר, אַז דער פאַרברעכער איז באמת געווען אומשולדיק, און צען יאָר איז ער אָפּגעקומען אויף קאַטאָרגע־אַרבעט לגמרי אומזיסט און אומנישט; אַז זיין אומשולדיקייט איז אַרויסגעוויזן געוואָרן דורכן געריכט. אָפיציעל; אַז די אמתע פאַרברעכער זענען געפונען געוואָרן און זיי האָבן זיך מודה געווען, און אַז דער אומגליקלעכער איז שוין באַ־פרייט געוואָרן פון טורמע. דער אַרויסגעבער קען באַין אופן נישט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון דער דאָזיקער ידיעה...

מער עפּעס צוגעבן איז נישטאָ וואָס. נישטאָ וואָס צו רעדן און זיך אַריינצולאָזן אין לאַנגע טענות וועגן דער גאַנצער טיפעניש פון דעם דאָזיקן טראַגישן פאַקט, וועגן אַ לעבן, וואָס איז באַלד אין דער יוגנט לגמרי צעבראָכן געוואָרן, אונטער אַזאַ

שרעקלעכער באַשולדיקונג. דער פֿאַקט איז צו פֿאַרשטענדלעך, צו איבעראַשנדיק פֿאַר זיך גופֿא.

מיר מיינען טאַקע אויך, אַז אויב אַזאַ פֿאַקט האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר מעגלעך, גיט שוין אָט די מעגלעכקייט צו נאָך אַ נייעם און העכסט דייטלעכן שטריך צו דער כאַראַקטעריסטיק און גאַנצקייט פֿונם בילד פֿון טויטן הויז.

און איצט לאָמיר ווייטער דערציילן.

---

איך האָב שוין פֿריער געזאָגט, אַז איך האָב מיך סוף־כל־סוף צוגעוויינט צו מיין לאַגע אין טורמע, אָבער אָט דאָס „סוף־כל־סוף" איז געקומען זייער שווער און פּיינלעך, שוין צו פּאַוואָליע. אין פֿלוג האָב איך געדאַרפֿט האָבן כמעט אַ גאַנץ יאָר, אַז איך זאָל זיך צוגעוויינען, און דאָס איז טאַקע געווען דאָס שווערסטע יאָר פֿון מיין לעבן. דערפֿאַר טאַקע האָט עס זיך מיר אַזוי אינגאַנצן אויסגעלייגט אין מיין זכרון. מיר דאַכט זיך, אַז איך געדענק כסדר יעדע שעה פֿון דעם דאָזיקן יאָר. איך האָב אויך געזאָגט, אַז זיך צוגעוויינען צו דעם דאָזיקן לעבן האָבן אַנדערע אַרעסטאַנטן אויך נישט געקאָנט. איך געדענק, ווי אין דעם ערשטן יאָר האָב איך עפּעטער געטראַכט פֿאַר זיך: „נו, און זיי, ווי? שוין־זשע זענען זיי רויִקע?" און די דאָזיקע פֿראַגן האָבן מיך שטאַרק באַשעפֿטיקט. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז אַלע אַרעסטאַנטן האָבן דאָ געלעבט נישט ווי ביי זיך אינדערהיים, נאָר ווי אין אַן איינפֿאָר־הויז, ווי אין אַ פֿעלדמאַרש, ווי אויף עפּעס אַן עטאַפּ. אַפֿילו די מענטשן וואָס זענען פֿאַרשיקט געוואָרן אויפֿן גאַנצן לעבן, זענען געווען אומרויִק, אָדער האָבן געבענקט און יעדער איינער פֿון זיי

האָט אודאי אין דער שטיל געחלומט פון כמעט אוממעגלעכע
זאַכן. אָט די שטענדיקע אומרויִקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגע-
וויזן אַפילו אינם שווייגן, דאָך אָבער קענטלעך, אָט די מאָדנע
היציקייט און אומגעדולדיקייט, מיט וועלכע עס זענען טיילמאָל
גאַנץ אומגערן אַרויסגעזאָגט געוואָרן די האָפנונגען, וואָס זענען
טאַקע אין תּוך געווען אַזוי אומבאַגרינדעט, אַז זיי האָבן גע-
מאַכט דעם איינדרוק פון היץ-רייד, — און אַ ווונדערלעכע זאַך,
די דאָזיקע האָפנונגען האָבן זיך דווקא נישט זעלטן גענעסטיקט
אין די סאַמע פּראַקטישע קעפּ. — דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן אַן
אומגעוויינטלעכע מראה און כאַראַקטער דעם דאָזיקן אָרט, אַזוי
ווייט, אַז טאַקע די דאָזיקע שטריכן האָבן, מעגלעך, אויך געשאַפן
זיין אמתע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט. עס האָט זיך געפילט,
כמעט פון ערשטן בליק, אַז דאָס איז הינטער דער טורמע נישט
פאַראַן. דאָ זענען אַלע געווען פאַנטאַזיאָרן, און דאָס האָט זיך
געוואָרפן אין די אויגן. דאָס האָט זיך קרענקלעך געשפּירט
טאַקע דערפאַר, וואָס די פאַנטאַזיע האָט צוגעגעבן דער מערהייט
פון טורמע אַ בייז און פאַרקומערט אויסזען, עפּעס אַ נישט
געזונטע מראה. דער גרעסטער טייל האָט בייז געשוויגן ביז
פיינטשאַפט, האָט נישט ליב געהאַט אַרויסצווייזן אָפן פאַר
אַלעמען זיינע האָפנונגען. אויף גוטמוטיקייט און אָפנהערציקייט
האָט מען געקוקט מיט פאַראַכטונג. וואָס ווייניקער די האָפנונגען
האָבן זיך געלאָזט פאַרווירקלעכן און וואָס מער דער בעל-חלומות
אַליין האָט געפילט, אַז זיי קענען נישט פאַרווירקלעכט ווערן,
אַלץ איינגעשפּאַרטער און גאַנצער האָט ער זיינע האָפנונגען
פאַרגראָבן אין זיך, אָבער אָפּזאָגן זיך פון זיי האָט ער נישט
געקענט. ווער ווייס, ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז אַן אַנדערער האָט
זיך געשעמט מיט זיי פאַר זיך אַליין. אין דעם רוסישן כאַראַק-
טער איז דאָ אַזויפיל פּאָזיטיוועס און ניכטערעס אין בליק,

אַזויפיל אינעווייניקסטער חוזק איבער זיך אַליין... ס'קאָן זיין, אַז צוליב אָט דער תמיד פאַרבאָרגענער אומצופרידנקייט מיט זיך האָט זיך טאַקע גענומען אַזויפיל אומגעדולדיקייט באַ די דאָזיקע מענטשן אין די אָלטעגלעכע באַציונגען צווישן איינאַנדער, אַזוי פיל שנאה און חוזק פון איינעם צום צווייטן. און אויב, אַ שטייגער, איינער פון זיי טאַקע איז פלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען, איינער, וואָס איז מער נאַיוו און אומגעדולדיק, און האָט אַרויס־געזאָגט טיילמאָל הויך דאָס, וואָס אַלע האָבן עס געהאַט אין דער מחשבה, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין חלומות און פאַנטאַזיעס, האָט מען אים באַלד טאַקע גראָב פאַרמאַכט דאָס מויל, נישט געלאָזט מער ריידן, אויסגעלאַכט. אָבער מיר שיינט, אַז די סאַמע הייסע פאַרפאָלגער זענען טאַקע געווען די יעניקע, וועלכע זענען אפשר אַליין נאָך ווייטער פון אים אַוועק אין זייערע חלומות און פאַנטאַזיעס. איך האָב שוין געזאָגט, אַז אויף נאַיווע און פשוטע האָט מען באַ אונדז געקוקט בכלל ווי אויף די גרעסטע טפשים און מען האָט זיך באַצויגן צו זיי מיט פאַראַכ־טונג. יעדער איינער איז געווען אַזוי בייז־פאַרקומערט און אַזוי אָנגעלאָדן מיט אייגנליבע, אַז ער האָט זיך אָנגעהייבן באַציען מיט פאַראַכטונג אויף צום גוטן מענטשן, וואָס איז דוקא געווען ווייט פון אייגנליבע. חוץ די דאָזיקע נאַיווע און פשוטע פלוי־דערזעק, האָבן די אַלע איבעריקע, דאָס הייסט די שווייגעדיקע, זיך שאַרף איינגעטיילט אין גוטע און שלעכטע, אין בייז־פאַר־קומערטע, און פריילעך־געמיטלעכע. בייז־פאַרקומערטע און שלעכטע זענען אָבער געווען אַ סך מער; און אויב צווישן די דאָזיקע האָבן זיך אַמאָל אויך געפונען אַזעלכע פלוידערזעק לויטן כאַראַקטער, זענען זיי אַלע אומבאַדינגט געווען אומרויקע רכילות־טרייבער און אומרויקע נישט פאַרגינער. יעדע פרעמדע זאַך איז געווען זייער עסק, הגם זייער אייגענע נשמה, זייערע

אייגענע געהיימע עסקימלעך האָבן זיי פאַר קיינעם נישט אַרויסגעוויזן. דאָס איז נישט געווען אין דער מאָדע, אַזוי האָט מען זיך נישט נוהג געווען. די גוטע — זייער אַ קליין הייפעלע מענטשן — זענען געווען שטילע, האָבן שווייגנדיק פאַרגראָבן אין זיך זייערע חלומות און זענען, נאַטירלעך, מער פון די בייזפאַרקומערטע געווען גענייגט צו האָפן און גלויבן אין זיי. עס שיינט מיר אָבער, אַז אין טורמע איז געווען נאָך אַ קאַטעגאָריע פון לגמרי פאַרצווייפלטע מענטשן. אַזעלכער איז, אַ שטייגער, געווען דער זקן פון די סטאַראָדובער דערפער. די צאָל זייערע איז אָבער יעדנפאַלס געווען זייער אַ קליינע. אויסערלעך איז דער אַלטער געווען רויק (איך האָב שוין וועגן אים גערעדט), אָבער פון מאַנכע סימנים, מיין איך, אַז זיין גייסטיקער צושטאַנד איז געווען אַ שרעקלעכער. איבעריקנס, האָט ער געהאַט זיין ישועה, זיין אויסוועג: די תפילה צו גאָט און די אידעע פון אַ קדוש. דער אַרעסטאַנט, וואָס איז משוגע געוואָרן און וואָס האָט זיך צופיל אַריינגעלייענט אין תנ״ך (איך האָב שוין דערמאָנט וועגן אים) און וואָס האָט זיך געוואָרפן מיט אַ ציגל אויפן מאַיאָר, איז מסתמא אויך געווען פון די פאַרצווייפלטע, פון יענע, וואָס האָבן שוין די לעצטע האָפנונג פאַרלוירן; און אַזוי ווי לעבן גאָר אָן האָפנונג איז אוממעגלעך, האָט ער זיך אויסגעפונען אַן אויסוועג אין פרייוויליקער, כמעט קינסטלעכער מאַרטירעריי. ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט זיך געוואָרפן אויפן מאַיאָר אָן שום שנאה, נאָר בלויז דערפאַר, כדי אָפצוקומען. און ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ פסיכאָלאָגישער פראָצעס איז דאַן פאָרגעקומען אין זיין נשמה! אָן אַ שום ציל און האָפנונג לעבט נישט קיין איין לעבעדיקער מענטש. פאַרלאָרן דעם ציל און די האָפנונג, ווערט טיילמאָל דער מענטש פון עגמת נפש פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרזעניש... דער ציל בא אַלע אונדזעריקע איז געווען די פרייהייט און דאָס דערלייזט ווערן פון דער טורמע.

איבעריקנס, אָט באַמי איך מיך איצט איינצוטיילן אונזדער גאַנצע טורמע אין קאַטעגאָריעס: אָבער צי איז דאָס מעגלעך? די ווירקלעכקייט איז אָן אַ שיעור פאַרשידנאַרטיק, אין פאַרגלייך מיט אַלע, אפילו מיט די סאַמע קאָמפּליצירטסטע אויספירונגען פון אַבסטראַקטן געדאַנק און זי ליידט נישט קיין שאַרפע און שטאַרקע אונטערשיידן. די ווירקלעכקייט שטרעבט צו צעטיילונג. מיר האָבן אויך געהאַט אַ באַזונדער לעבן, הגם נישט קיין באַדייטנדיקס, דאָך אָבער פאָרט אַ לעבן, און נישט בלויז אַן אָפּיציעלעס, נאָר אויך אַן אינערלעכס, אַן אייגן פערזענלעך לעבן.

נאָר ווי איך האָב שוין טיילווייז דערמאַנט, האָב איך נישט געקאָנט און אַפילו נישט געווען בכוח אַריינצודרינגען אין דער אינערלעכער טיפעניש פון דעם דאָזיקן לעבן בשעת דער התחלה פון מיין טורמע, און דעריבער האָבן מיך אַלע אירע אויסערלעכע דערשיינונגען דאמאָלס געוואַלדיק געפייניקט. טיילמאָל האָב איך פשוט פיינט געקראָגן די דאָזיקע, וואָס האָבן געליטן אַזוי ווי איך. איך האָב זיי אַפילו מקנא געווען און באַשולדיקט מיין מזל. איך בין זיי מקנא געווען דערפאַר, וואָס זיי געפינען זיך פונדעסטוועגן צווישן אייגענע, אין אַ חברשאַפט, פאַרשטייען איינער דעם צווייטן, הגם אין תוך גענומען, האָט זיך אַלע, אַזוי ווי מיר, שוין צוגעגעסן און נמאס געוואָרן די דאָזיקע חברשאַפט פון אונטערן קאַנטשיק און שטעקן, דער דאָזיקער געצוווּנגענער אַרטעל, און יעדער פאַר זיך האָט אַוועקגעקוקט פון אַלע ערגעץ אָן אַ זייט. איך חזר איבער נאָכאַמאָל, אַז דאָס קנאה-געפיל, וואָס איז מיך באַפאַלן אין מינוטן פון פאַרביטערונג, האָט געהאַט זיין געזעצלעכן גרונט. באמת, די יעניקע, וועלכע זאָגן, אַז דעם געבילדעטן דוואָריאַנין און אַז. וו. איז אויך אַזוי שווער אין אונדזערע קאַטאָרגעס און טורמעס, ווי יעדן פויער, זענען ממש אומגערעכט. איך ווייס

און האָב לעצטנס געהערט וועגן דער דאָזיקער סברה און האָב אויך וועגן דעם געלייענט. דער גרונט פון דער דאָזיקער אידעע איז אַ ריכטיקער, אַ הומאַנישער. אַלע זענען מענטשן, אַלע זענען גלייך. אָבער דאָס איז פאָרט אַן אַבסטראַקטע אידעע. מען האָט דאָ פאַרזען אַ סך פּראַקטישע אומשטענדן, וועלכע לאָזן זיך אַנדערש נישט פאַרשטיין, סיידן דורך דער ווירקלעכקייט גופא. איך זאָג דאָס נישט דערפאַר, ווייל אַ דוואָריאַנין און אַ געבילדעטער פילט ראפינירטער, פיינלעכער, ווייל ער איז אַן אַנטוויקלטער. די נשמה און איר אַנטוויקלונג איז שווער אונטערצוציען אונטער אַ געוויסער מאָס. אַפילו די בילדונג גופא קען אין דעם פאַל נישט זיין קיין מאָס. איך בין דער ערשטער גרייט עדות צו זאָגן, אַז צווישן די דאָזיקע ליידנדיקע מענטשן, אין דער סאַמע עם-הארצישער, אין דער סאַמע דערדריקטער סביבה, האָב איך דאָך געזען שטריכן פון דער ראַפינירטסטער גייסטיקער אַנטוויקלונג. אין טורמע איז געווען טיילמאָל אַזוי, אַז דו קענסט דעם מענטשן עטלעכע יאָר און טראַכסט וועגן אים, אַז דאָס איז אַ חיה, נישט קיין מענטש, און דו קוקסט אויף אים מיט פאַראַכטונג. און פּלוצלינג קומט צופעליק אַ מאָמענט, וואָס אַנטפּלעקט זיין נשמה דורך אַ אומגערנדיקן געפיל-אויסברוך, און איר זעט אין דער דאָזיקער נשמה אַזאַ עשירות, געפיל, האַרץ, אַזאַ קלאָר פאַרשטיין אי די אייגענע אי די פרעמדע יסורים, אַז אַזוי ווי די אויגן וואָלטן זיך אייך געעפנט און אין דער ערשטער מינוט גלויבט זיך אַפילו נישט, וואָס איר האָט אַליין געזען און געהערט. און עס טרעפט פאַרקערט: די בילדונג לעבט זיך איין צוזאַמען מיט אַזאַ מין באַרבאַריי, מיט אַזאַ ציניזם, אַז אייך עקלט פשוט, און ווי איר זאָלט נישט זיין גוט אָדער וואָס פאַר אַ מיינונג איר זאָלט תחילת נישט האָבן, וועט איר אַלץ נישט געפינען אין אייער האַרץ קיין שום מחילה און קיין שום פאַרענטפערונג.

איך רעד אויך נישט וועגן דער ענדערונג פון די גע־וויינהייטן, אַרט לעבן, עסן א. אַז. וו. וואָס איז, פאַרשטייט זיך, פאַר אַ מענטשן פון דער העכערער געזעלשאַפט שווערער, ווי פאַר אַ פויער, וועלכער האָט אָפט געהונגערט אויף דער פריי־הייט, און אין טורמע האָט ער זיך, לפחות, זאַט אָנגעגעסן. אויך וועגן דעם וועל איך מיר נישט שפּארן. לאָמיר אָננעמען, אַז פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט עטוואָס אַ שטאַרקערן ווילן, איז דאָס אַלץ אַ נאַרישקייט אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אומ־באַקוועמלעכקייטן, הגם ענדערן די געוויינהייטן, איז, אין תוך גענומען, גאָרנישט פון די נאַרישע און די לעצטע זאַכן. פאַראַן אָבער אומבאַקוועמלעכקייטן, קעגן וועלכע דאָס אַלץ האָט אַזאַ קנאַפּע ממשות, אַז דו קוקסט זיך גאָרנישט אום נישט אויפן שמוץ, אין וועלכן דו לעבסט, נישט אויף די ציוואַנגען, וואָס דריקן דיך, נישט אויפן מאָגערן, אומריינעם עסן. דער סאַמע אויסגעפייניקטער שרהלע, דער אויסגעבאַלעוועטער און אויס־געפּיעסטשעטער, ווער, נאָך אַ טאָג אַרבעט מיט שווייס אויפן פּנים, וואָס אַזוי האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געאַרבעט אויף דער פרייהייט, עסן אי שוואַרץ ברויט, אי קרויט מיט טאַראַ־קאַנעס. צו דעם קאָן מען זיך נאָך צוגעוויינען, ווי עס ווערט אויך געזאָגט אין אַ הומאָריסטיש, אַרעסטאַנטיש לידל וועגן אַ געוועזענעם שרהלע, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין קאַטאָרגע:

מען גיט מיר קרויט מיט וואַסער,

עס איך, אַזש עס קנאַקט מיר אונטערן אויער.

ניין, וויכטיקער פון דעם אַלעמען איז דאָס, וואָס יעדער פון די נייע אָנגעקומענע אין טורמע, ווערט אין אַ צוויי שעה אַרום נאָכן אָנקומען טאַקע אַזעלכער, ווי די אַלע אַנדערע, ער איז באַ זיך אינדערהיים, אַזאַ גלייכבאַרעכטיקטער באַלעבאָס אין דעם טורמע־אַרטעל, ווי אַלע אַנדערע. ער איז פאַר אַלעמען

פאַרשטענדלעך און פאַרשטייט אַליין אַלעמען; ער איז אַלעמען
באַקאַנט, אַלע האַלטן אים פאַר אַן א י י ג ע נ ע ם. נישט אַזוי איז
עס אָבער מיטן וו ו י ל ג ע ב ו י ר ע נ ע ם, מיטן דוואָריאַנין. ווי ער
זאָל נישט זיין יושרדיק, גוט, קלוג, וועלן אים אלע, די גאַנצע
מאַסע, יאָרנלאַנג פיינט האָבן און פאַראַכטן; זיי וועלן אים נישט
פאַרשטיין, און, דער עיקר, זיי וועלן אים נישט גלויבן. ער איז
נישט קיין פריינט און נישט קיין חבר, און הגם ער וועט דאָך,
סוף-כל-סוף, דורך יאָרן, קומען צו דער מדרגה, אַז מען וועט
אים שוין נישט באַליידיקן, פונדעסטוועגן וועט ער נאָך אַלץ
נישט זיין קיין אייגעגער, און תמיד וועט ער פיינלעך פילן זיין
דערווייטערונג און איינזאַמקייט. די דאָזיקע דערווייטערונג קומט
טיילמאָל פאָר גאָר אָן שום האַס מצד די אַרעסטאַנטן, נאָר סתם
אַזוי, אומבאַוווּסטזיניק. נישט קיין אייגענער מענטש, און דאָס
איז אַלץ. נישטאָ עפּעס שרעקלעכערס ווי צו לעבן נישט אין
קיין אייגענער סביבה. אַ פּויער, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן
פון טאַגאַנראָג אין פּעטראָפּאַוולאָווער פּאָרט, וועט דאָרט טאַקע
באַלד געפינען פּונקט אַזאַ רוסישן פּויער. ער וועט זיך טאַקע
באַלד צונויפרעדן און זיך צופּאַסן צו אים, און אין אַ וואָסערע
צוויי שעה אַרום וועלן זיי אפשר זיך איינלעבן אויפן פרידלעכסטן
אופן אין איין שטוב אָדער אין איין געצעלטל. באַ די
וווילגעבוירענע גילט עס אָבער נישט, דער טיפסטער תהום
טיילט זיי אָפּ פונם פּשוטן פאָלק, און דאָס זעט מען פו-
ש ט ע נ ד י ק ערשט דאַמאָלס, ווען דער וווילגעבוירענער
פאַרלירט טאַקע פלוצלינג, צוליב אויסערלעכע אומשטענדן, זיינע
פריערדיקע רעכט און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מענטשן פון
פּשוטן פאָלק. איר מעגט אייך דאָס גאַנצע לעבן קענען מיטן
פאָלק, איר מעגט אייך כאָטש גאַנצע פערציק יאָר זיך צוזאַמענ-
קומען כסדר מיט אים יעדן טאָג אויף דער דינסט, אַ שטייגער, אין

געוויסע אַדמיניסטראַטיווע באַציונגען, אָדער אַפילו סתּם אַזוי, מעשׂה פריינט, ווי אַ בעל-טובה און אין אַ געוויסן זין ווי אַ פאָטער, — וועט איר סיי-ווי-סיי קיינמאָל דעם אמתן תּוך נישט דערגיין. אַלץ וועט נאָר זיין אַן אָפּטישע רמאות, און נישט מער. איך ווייס דאָך, אַז אַלע, ממש אַלע, וואָס וועלן לייענען מיין דאָזיקע באַמערקונג, וועלן זאָגן, אַז איך בין מגזם. אָבער איך בין איבערצייגט, אַז דאָס איז אמת. איך האָב מיך איבערצייגט נישט פון ביכער, נישט טעאָרעטיש, נאָר פון דער ווירקלעכקייט, און איך האָב גענוג צייט צו קאָנטראָלירן מיינע איבערצייגונגען. מעגלעך, אַז שפּעטער וועלן אַלע געוואָר ווערן, אויף ווי ווייט דאָס איז ריכטיק...

די געשעענישן האָבן ווי אומישנע באַלד פון דער התחלה אָן באַשטעטיקט מיינע באָבאַכטונגען און האָבן נערוועיש און קרענקלעך געווירקט אויף מיר. אין אָט דעם ערשטן זומער האָב איך אַרומגעבלאָנקעט איבער דער טורמע כמעט איינזאַם און אַליין. איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך בין געווען אין אַזאַ צו-שטאַנד, אַז איך האָב אַפילו נישט געקאָנט אָפּשאַצן און אויס-טיילן יענע קאַטאָרזשניקעס, וואָס וואָלטן מיך שפּעטער ליב באַ-קומען, הגם זיי וואָלטן זיך אויך קיינמאָל נישט באַציִגן צו מיר ווי צו זייערס אַ גלייכן. איך האָב אויך געהאַט חברים, פון די דוואָריאַנעס, אָבער די דאָזיקע חברשאַפט האָט די גאַנצע לאַסט פון מיין האַרץ נישט אַראָפּגענומען. איך וואָלט שוין, דאַכט זיך, אויף גאָרנישט געקוקט, נישטאָ אָבער ווו צו אַנטלויפן. און אָט איז, אַ שטייגער, איינער פון יענע פאַלן, וועלכע האָבן מיר באַלד צום ערשטן מאָל געגעבן אַמשטאַרקסטן צום פילן מיין דערווייִ-טערונג און אָפּגעזונדערטקייט אין טורמע. איינמאָל, טאַקע אין דעם זעלבן זומער, שוין נאָענט צום חודש אויגוסט, אין אַ וואָ-כעדיקן העלן הייסן טאָג, אַרום איינס אַ זייגער נאָכמיטאָג, ווען

אַלע האָבן געוויינטלעך זיך אָפּגערוט פאַר דער נאָכמיטאָגדיקער אַרבעט, האָט זיך פּלוצלונג דער גאַנצער קאַטאָרגע־עולם אויפ־געהויבן, ווי איין מענטש, און זיך אויסגעשטעלט אויפן טורמע־הויף. איך האָב גאָרנישט געוווּסט ביז דער לעצטער מינוט. אין אָט דער צייט בין איך עפּעס אַזוי ווייט געווען פאַרטיפט אין זיך גופא, אַז איך האָב כמעט נישט באַמערקט, וואָס אַרום מיר קומט פאָר. און דערווייל האָט דער עולם שוין דריי טעג צייט אינדערשטיל זיך געבונטעוועט. ס'קען זיין, אַז די דאָזיקע אויפרע־גונג האָט זיך אָנגעהייבן מיט אַ שטיק צייט צוריק, ווי איך האָב מיר משער געווען שוין דערנאָך, ווען איך האָב מיך נישט ווילנ־דיק דערמאָנט אין מאַנכע ווערטער פון די אַרעסטאַנטישע שמועסן, און גלייכצייטיק אויך אין די פאַרשטאַרקטע מחלוקה'ן צווישן די אַרעסטאַנטן, אין דער אָנגעוואָלקנטקייט און באַזונדערס אין דער פאַר־ביטערונג, וואָס האָט זיך באַמערקט אין זיי אין דער לעצטער צייט. איך האָב דאָס צוגעשריבן דער שווערער אַרבעט, די לאַנגוויילקע לאַנגע זומערדיקע טעג, די חלומות וועגן וואַלד און פרייהייט, די קורצע נעכט, אין וועלכע מען האָט נישט געקענט זיך גענוג אויסשלאָפן. מעגלעך, אַז דאָס אַלץ האָט זיך טאַקע איצט פאַרייניקט צוזאַמען, אין איין אויסברוך, אָבער דער תירוץ פון דעם דאָזיקן אויסברוך איז געווען — דאָס עסן. שוין עטלעכע טעג ווי מען האָט זיך לעצטנס הויך געקלאָגט און געכעסט אין די קאַזאַרמעס און באַזונדערס, בשעת מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין קיך צום מיטאָג און צו וועטשערע. מען איז געווען נישט צופרידן מיט די עסן־צוגרייטער און מען האָט אַפילו געפּרוּווט איבערטוישן איינעם פון זיי, אָבער מען האָט באַלד משלה געווען דעם נייעם און צוריקגעקערט דעם אַלטן. מיט איין וואָרט, אַלע האָבן זיך געפונען אין עפּעס אַן אומרויִקן צושטאַנד.

– די אַרבעט איז אַ שווערע, און אונדז שטאָפּט מען מיט טריבאַך – וואָרטשעט עמעץ אויף דער קיך.

– מילא, אַז ס׳געפעלט נישט, באַשטעלט מען זיך טשאַסט-קעלעך, – כאַפּט אונטער אַ צווייטער.

– און איך האָב זייער ליב, ברידערלעך, קרויט מיט טרי-באַך, – כאַפּט אונטער אַ דריטער, – ס׳איז געשמאַק.

– און אַז מען גיט דיך די גאַנצע צייט שטאָפּן מיט בלויזן טריבאַך, וועט זיין געשמאַק?

– נו, יאָ, אַצינד איז די צייט פון פלייש, – זאָגט אַ פּערטער, – אויפן זאַוואָד האָרעוועט מען איבער די כוחות, ווילט זיך טאַקע פרעסן נאָך דער אויסגעטיילטער אַרבעט. און וואָס פאַר אַן עסן איז טריבאַך!

– און אַז נישט מיט טריבאַך, איז מיט לונג און לעבער.

– טריבאַך מיט לונג און לעבער, מער ווי דאָס איז נישטאָ. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַן עסן! איז עס אמת, צי נישט?

– יאָ, דאָס עסן איז שלעכט.

– נישקשה, ער מאַכט די מטבע.

– נישט פאַר דיין שכל איז דאָס.

– פאַר וועמעס דען? עס איז דאָך מיין בויך. און ווען מיר אַלע גייען אַרויס מיט אַזאַ מין פּרעטענזיע, וואָלט שוין פון דעם עפּעס אַרויסגעקומען.

– מיט אַ פּרעטענזיע?

– יאָ.

– און וויפיל האָט מען דיך פאַר אַזאַ פּרעטענזיע געשלאָגן? שוטה!

– דאָס איז טאַקע אַן אמת, – גיט צו וואָרטשענדיק אַ צווייטער, וואָס האָט ביז אַהער געשוויגן, – נישט אַלע מאָל

איז טאַקע גוט מיט אַ פּרעטענזיע. זאָג מיר נאָר אדרבה, וואָס חעסטו דאָרט זאָגן מיט דיין פּרעטענזיע, שוטה בן פּיקהאָלץ?

– נו, איך וועל טאַקע זאָגן. ווען אַלע וואָלטן געגאַנגען, וואָלט איך אויך צוזאַמען מיט אַלעמען גערעדט. די אָרעמע, הייסט עס. באַ אונדז איז דאָך – אָדער מען עסט פּאָר אייגן געלט, אָדער מען זיצט בלויז אויף קאַזיאָנעם קעסט.

– זע נאָר, ווי ער האָט עס אַ ביסל אַרויסגעשפּאַרט די אויגן פון קנאה! די אויגן האָבן זיך אים צעפלאַמט אויף פרעמד גוטס.

– ווער באַגראָבן, פרעמדס איז נישט דיינס.

– און איך וועל מיך מיט דיר שפּאַרן וועגן דעם ביזן גראָען קאָפּ אַריין. דו ווילסט, הייסט עס, זיין רייך, און זיצן מיט פאַרלייגטע הענט?

– אז מען האָט, איז מען רייך.

– אן אמת, ברידערלעך, צו וואָס דאָס זיצן! געוווג, הייסט עס, די נאַרישקייט נאָכצוטון. זיי שינדן דאָך די הויט. פאַרוואָס־זשע זאָל מען נישט גיין?

– פאַרוואָס! באַ דיר איז נאָר – קיי און האַק אין מויל אַריין; צעקייטס געוויינט נאָר צו עסן. ס'איז דאָך עפּעס אַ קאַטאָר־גע – אָט פאַרוואָס!

– קומט אויס: דער עולם זאָל טאַקע שרייען, וועט דער נאַטשאַלניק האָבן וואָס צו קייען.

– אזוי איז דאָס טאַקע. ער איז דיק געוואָרן, דער אכט־אויגיקער. אַ פּאָר גרויע פערד זיך געקויפט.

– נו, און ער האָט אויך נישט פיינט דעם טרונק.

– אַנומלט האָט ער זיך מיטן וועטערינאַר באַ די קאָרטן געשלאָגן.

— אַ גאַנצע נאַכט געהאַקט אין קאָרטן. אונדזערער האָט צוויי שעה געאַרבעט מיט די פויסטן. פיעדקע האָט דערציילט.

— דערפאַר טאַקע האָסטו קרויט מיט לונג און לעבער.

— עך, איר טפשים, וואָס איר זענט! נישט מיר וועלן אַרויס מיט אַ פּרעטענזיע.

— אָבער ווען אַלע וואָלטן אַרויסגעגאַנגען, וואָלט מען שוין געזען וואָס פאַר אַ פּעולה דאָס וואָלט געהאַט. בײַ דעם דאַרף מען טאַקע שטיין פעסט.

— אַ פּעולה! ער וועט דיר פאַרפאָרן אין די ציין, און רופן אים קנאַקניסל.

— און ער וועט דיר נאָך מאַכן אַ פּראָצעס...

מיט איין וואָרט, אַלע האָבן זיך אויפגערעגט. אין דער צייט איז בײַ אונדז, ווירקלעך, געווען דאָס עסן שלעכט. און איינס האָט שוין געשטופּט דאָס צווייטע. און דער עיקר — דער אַלגעמיינער פיינלעכער צושטאַנד, די שטענדיקע באַהאַלטענע ליידן. דער קאַטאָרזשניק איז שוין לויט זיין טבע אַ מענטש פון קריג און מרידה. אָבער זעלטן הייבן זיך אויף אַלע צוזאַמען אָדער מיט אַ גרעסערער מחנה. די סיבה דערפון איז די שטענ־דיקע חילוקי־דעות. דאָס האָט יעדער פון זיי אַליין געפילט. און טאַקע דערפאַר האָבן מיר געהאַט מער זידלעריי, ווי מעשים. און דאָך איז דאָס מאָל די אויפרעגונג נישט בחינם אַדורך. מען האָט זיך גענומען פאַרזאַמלען אין גרופּקעלעך, מען האָט געשמועסט אין די קאַזאַרמעס, זיך אַרומגעקריגט און מיט פאַרביטערונג דערמאָנט די גאַנצע ווירטשאַפט פון אונדזער מאַיאָר; מען איז געוואָר געוואָרן אַלע זיינע פאַרבאָרגענע געשעפטלעך און מעשים. עטלעכע האָבן זיך באַזונדערס געבונטעוועט. בײַ אַזאַ פאַל רוקן זיך שטענ־דיק אַרויס אָרגאַניזאַטאָרן, אָנפירער. די אָנפירער אין אַזעלכע פאַלן, דאָס הייסט אין פאַלן פון פּרעטענזיעס — זיינען בכלל

מערקווירדיק פאָלק, און נישט בלויז אין טורמע, נאָר אין אַלע אָרטען, קאַזאַרמעס און אַז. וו. דאָס איז אַ באַזונדער טיפּ, אומעטום ענלעך צו איינאַנדער; דאָס זענען היציקע מענטשן, דורשטיקע נאָך גערעכטיקייט און אויפן גאַיוווסטן, ערלעכסטן אופן איבערצייגט אין זייער אומבאַדינגטער, אומפאַרענדערלעכער און, דער עיקר, באַלדיקער מעגלעכקייט. די דאָזיקע מענטשן זענען נישט נאַרישער פון אַנדערע, פאַראַן אַפילו צווישן זיי אויך זייער קלוגע, אָבער זיי זענען צו היציק, כדי צו זיין כיטרע און קאַלט-אויסגערעכנט. אויב עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס קענען געשיקט אָנפירן מיט דער מאַסע אין אַזאַ פאַל און דערגרייכן דאָס, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, זענען דאָס שוין גאָר אַן אַנדער טיפּ פון פאָלקספירער און זיינע נאַטירלעכע מנהיגים, אַ טיפּ, וואָס איז באַאונדז זייער זעלטן. אָבער די דאָזיקע אַגיטאַטאָרן און אָנפירער פון דער אומצופרידענער מחנה, וואָס וועגן זיי רעד איך דאָ איצט, פאַרשפּילן כמעט שטענדיק די זאַך און נאָכדעם פולן זיי אָן די טורמעס און קאַטאָרגעס. דורך זייער היציקייט פאַרשפּילן זיי, אָבער טאַקע דורך דער אייגענער היציקייט ווירקן זיי אויך אויף דער מאַסע. מיט חשק גייט מען נאָך זיי. זייער היציקייט און די ערלעכע אויפרעגונג ווירקן אויף אַלעמען און צולעצט שטייען צו זיי, צו אַפילו די נישטאַנטשלאָסענע. זייער בלינדע זיכערקייט אין ערפאָלג פאַרפירט אַפילו די איינגעוואָרצלסטע סקעפּטיקער, נישט געקוקט דערויף, וואָס טיילמאָל האָט די דאָזיקע זיכערקייט אַזעלכע וואַקלדיקע, קינדערישע יסודות, אַז דו חידושט זיך אַליין, ווי אַזוי אַרום איז מען זיי נאָכגעגאַנגען. און דער עיקר איז טאַקע דאָס, וואָס זיי גייען די ערשטע און גייען אָן שום שרעק. זיי וואַרפן זיך, ווי די אָקסן, גלייך אַראָפּ מיט די הערנער, עפּטער אָן א

שום באַהאַוונטקייט אין דער זאַך, אָן שום פּאָרוּיכטיקייט, אָן יענעם פּראַקטישן יעזויטיזם, מיט וועלכן אַפילו דער געמיינס־טער און שמוציקסטער מענטש שפּילט אויס זיין זאַך, דער־גרייכט זיין ציל און גייט אַרויס אַ טרוקענער פון וואַסער. יענע צעבראָכן אָבער אומבאַדינגט די הערנער. אין געוויינט־לעכן לעבן זענען די דאָזיקע מענטשן פּאַרגאַלטע, מאוסן זיך פון אַלץ, זענען אויפגערעגט און פאַרליידן נישט קיין שום זאַך. עפּטער אָבער פון אַלץ שרעקלעך באַגרענעצטע, אין וואָס, איבעריקנס, עס באַשטייט אויך טיילווייז זייער כּוח. פאַרדריס־לעכער אָבער פון אַלץ איז אין זיי דאָס, וואָס אנשטאט דעם גלייכן ציל, וואַרפן זיי זיך עפּטער אין אַ זייט, אנשטאט דער הויפּטזאַך – קליינִיקייטן. דאָס ברענגט זיי טאַקע אום. אָבער פּאַר די מאַסן זענען זיי פאַרשטענדלעך; דערין ליגט זייער כּוח... איבעריקנס, דאַרף מען נאָך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם: וואָס הייסט עס אַ פּרעטענזיע?

אין אונדזער טורמע זענען געווען עטלעכע מענטשן אַזעלכע, וואָס זענען געקומען פאַר אַ פּרעטענזיע. זיי האָבן זיך טאַקע על־פּי־רוב געבונטעוועט. באַזונדערס איינער, אַ מאַרטינאָוו, וואָס האָט פריער געדינט אין די הוזאַרן, אַ היציקער, אומרוי־קער און פאַרדעכטיקער מענטש, איבעריקנס, אַן ערלעכער און אַ וואָרהאַפטיקער. דער צווייטער איז געווען וואַסילי אַנטאָנאָוו, אַ מענטש, וואָס האָט זיך עפּעס קאַלטבלוטיק אויפגערעגט, מיט אַ חוצפּהדיקן בליק, מיט אַ גאווהדיקן סאַרקאַסטישן שמייכל, זייער אַן אַנטוויקלטער מענטש, נאָר, איבעריקנס, אויך אַן ער־לעכער און וואָרהאַפטיקער. מען קען דאָך אָבער אַלעמען פאַר־אַמאָל דאָ נישט אָנרופן, זיי זענען געווען אַ סך. פּעטראָוו האָט זיך דערווייל אַזוי אַרומגעדרייט אַהין און צוריק, זיך צוגעהערט צו אַלע קופּקעלעך, וו ניק גערעדט, נאָר קענטיק

געוועז אויפגערעגט און דער ערשטער אַרויסגעשפּרונגען פֿון דער קאַזאַרמע, ווען מען האָט זיך אָנגעהייבן אויסשטעלן מיט דער פּרעטענזיע.

אונדזער אונטער־אָפֿיציער פֿון טורמע, וואָס האָט בײַ אונדז דערפֿילט דעם אַמט פֿון אַ פֿעלדפֿעבל, איז אַרויסגעגאַנגען אַן איבערגעשראָקענער. זיך אויס געשטעלט, האָבן די דאָזיקע מענטשן העפֿלעך אים געבעטן, ער זאָל זאָגן דעם מאַיאָר, אַז די קאַטאָרגע וויל מיט אים רעדן און פּערזענלעך אים בעטן וועגן מאַנכע זאַכן. בשעת נאָכן אונטער־אָפֿיצער זענען אַרויסגעגאַנגען אַלע אינוואַלידן און האָבן זיך אויסגעשטעלט פֿון דער צווייטער זײַט, קעגן איבער דער קאַטאָרגע. די שליחות, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אונטער־אָפֿיצער, איז געוועזן אַן אויסערגעוויינטלעכע און האָט אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין גרויס פּחד. אָבער נישט צו מעלדן תּיכּף דעם מאַיאָר האָט ער דאָך קיין מוט נישט געהאַט. ווארום, ערשטנס, אויב די קאַטאָרגע האָט זיך שוין אויפֿגעהויבן, האָט געקאָנט געשען אויך עפּעס ערגערס. אונדזער גאַנצע נאַטשאַלסטווע האָט זיך באַצויגן צו דער קאַטאָרגע מיט עפּעס אַ פֿאַרשטאַרקטער פּחדנות. צווייטנס, ווען אַפֿילו ס׳וועט גאָרנישט געשען, אַזוי, אַז אַלע זאָלן זיך, אַ שטייגער, בשעת ניכטער באַדאַכטן און זיך פֿאַנאַנדערגיין, וואָלט אויך דעמאָלט דער אונטער־אָפֿיצער תּיכּף ומיד געמוזט מעלדן דער נאַטשאַלסטווע וועגן אַלץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען. בלאַס און צעצאַפּלט פֿון פּחד איז ער הענדום־פּענדום אַוועק צום מאַיאָר און אַפֿילו אַליין נישט געפּרווּוט אויסצופֿרעגן און אויסצומוסרן די אַרעסטאַנטן. ער האָט געזען, אַז מיט אים וועלן זיי איצט נישט אַרײַן אין קיין שום שמועס.

איך האָב לגמרי פֿון קיין זאַך נישט געוווּסט, ווען איך בין אַרויס צו דער פּרעטענזיע. אַלע פּרטים פֿון דעם

ע.י. בי. איך שוין געוואָרן געוואָרן דערנאָך. איצט אָבער האָב איך געמיינט ווערט געמאַכט עפּעס אַ נאָמען־קאָנטראָלירונג. נישט זעענדיק אָבער די וואַך, וואָס פירט דורך די נאָמען־קאָנטראָלירונג, האָב איך מיך געחדושט און זיך גענומען ארומקוקן. די פנימער זענען געווען אויפגערעגט און צערייצט. מאַנכע זיינען אַפילו געווען בלאַס. אין כלל אָבער זענען אַלע געווען שטאַרק באַזאָרגט און שטילשווייגנדיק, אָפּוואַרטנדיק דעם מאָמענט, ווען ס׳וועט אויסקומען צו רעדן מיטן מאַיאָר. איך האָב באַמערקט, אַז אַ סך האָבן מיך אָנגעקוקט מיט גרויס חדוש, אָבער האָבן זיך שווייגנדיק אָפּגעקערט. ס׳האָט זיי, קענטיק, אויסגעוויזן משונה, וואָס איך האָב זיך מיט זיי אויסגעשטעלט. זיי האָבן מסתמא נישט געגלויבט, אַז אויך איך זאָל קומען מיט אַ פּרעטענזיע. באַלד אָבער האָבן כמעט אַלע, וואָס זענען געשטאַנען אַרום מיר, פון דאָסניי זיך גענומען ווענדן צו מיר. אַלע האָבן געקוקט אויף מיר מיט אַ פראַגע.

— צו וואָס ביזטו דאָ? — האָט גראָב און הויך מיך געפרעגט געטון וואַסילי אַנטאָנאָוו, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר ווייטער פון די אַנדערע און וואָס האָט מיר ביז אַהער שטענדיק געזאָגט איר; ער האָט זיך העפלעך באַצויגן צו מיר.

איך האָב אַ קוק געטון אויף אים און געשטויגט; איך האָב מיך נאָך אַלץ באַמיט צו פאַרשטיין, וואָס דאָס באַדייט און באַלד זיך אָנגעשטויסן, אַז עס קומט פאָר עפּעס אַן אומגעוויינלעכע זאַך.

— און טאַקע, וואָס האָסטו דאָ צו שטיין? גיי אין קאַזאַרמע אַריין, — האָט אַ זאָג געטון אַ יונג בחורל, פון די מיליטערישע, מיט וועלכן איך בין נאָך ביז אַהער גאָרנישט באַקאַנט געווען, אַ גוטער און אַ שטילער יונג. — דער ענין איז נישט פאַר דיין שכל

— מען שטעלט זיך דאָך אָבער אויס, — האָב איך אים געענטפערט. — איך האָב געמיינט, אַז ס'איז די נאָמען־קאָנטראָלירונג.

— זע, ער איז אויך אַרויסגעקראָכן, — האָט איינער אַ געשריי געטון.

— אייזערנע נאָז, — האָט אַ זאָג געטון אַ צווייטער.

— פליגנשטיקער! — האָט אַ זאָג געטון אַ דריטער מיט אַ געוואַלדיקער פאַראַכטונג. דער דאָזיקער נייער צונאָמען האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינעם געלעכטער.

— פאַר געפעליקייט וועגן אַרבעט ער אין קיך, — האָט נאָך ווער צוגעגעבן.

— פאַר זיי איז אומעטום אַ גן־עדן. קאַטאָרגע איז דאָ, און זיי עסן קוילעטשן און חזירימלעך קויפן זיי. דו עסט דאָך אייגנס, וואָס־זשע קריכסטו אַהער?

— פאַר אייך איז דאָ נישטאָ קיין אָרט, — האָט קוליקאָוו אַ זאָג געטון און איז בעת מעשה פאַמעלעך צוגעגאַנגען צו מיר; ער האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און אַרויסגעפירט פון די רייען.

אַליין איז ער געווען בלאַס, די שוואַרצע אויגן האָבן געגלאַנצט און די אונטערשטע ליפ פאַרביסן. ער האָט נישט קאַלטבלוטיק אָפגעוואַרט דעם מאַיאָר. דרך אגב געזאָגט, האָב איך שרעקלעך ליב געהאַט צו קוקן אויף קוליקאָוון אין אַזוינע פאַלן, דאָס הייסט, אין אַלע יענע פאַלן, ווען ער האָט זיך באַדאַרפט אַרויסצושטעלן.

ער האָט אַפילו שרעקלעך פאָזירט, אָבער ער האָט בשלמות געטון זיין זאַך. מיר דאַכט זיך, ער וואָלט אויך צו דער טויטשטראָף געגאַנגען מיט אַ געוויסן שיק, מעשה עלעגאַנט. איצט, ווען אַלע האָבן מיר געזאָגט דו און מיך געזידלט, האָט ער,

קענטיק, אומישנע געטאָפּלט זיין העפלעכקייט צו מיר, און גלייכ־צייטיק האָט זיין וואָרט געקלונגען עפּעס גאָר אַנדערש, אַפילו גאוהדיק־דרינגלעך, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן קיין שום אָפּ־ווענדונג.

— מיר האָבן דאָ אונדזער ענין, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש, און איר האָט דאָ נישט וואָס צו טון. גייט ערגעץ, וואַרט איבער... דאָרט אין קיך זענען אַלע אייערע, גייט אַהין.

— איר קענט גיין צו אַלע שוואַרץ יאָר! — האָט עמעץ אונטערגעכאַפּט.

דורכן אונטערגעהויבענעם פענסטער אין קיך האָב איך באמת דערזען אונדזערע פּאָליאַקן; איבעריקנס, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַ חוץ זיי זענען דאָרט דאָ נאָך אַ סך. אַ מבולבלער, בין איך אַוועק אין קיך. געלעכטער, זידלערייען און געשרייען טיו־טיו (וואָס האָט געדינט בײַ די קאַטאָרזשניקעס אַלס ■ייפעלעך) האָבן מיך באַגלייט.

— נישט געפעלן געוואָרן!.. טיו—טיו—טיו! געם אים...

ביז אַהער בין איך נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי באַ־ליידיקט אין טורמע, און דאָס מאָל איז מיר געווען זייער שווער. אָבער איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַזאַ מינוט. אין פאָרהויז פון קיך האָב איך געטראָפן ט—סקין פון די דוואָריאַנעס, אַ פעסטער און גרויסמוטיקער יונגערמאַן, וואָס איז נישט געווען שטאַרק געבילדעט און וואָס האָט שרעקלעך ליב געהאַט ב. די קאַטאָרזשני־קעס האָבן זיך מיט אים באַגאַנגען אַנדערש ווי מיט אַלע אַנדערע און טיילווייז אַפילו ליב געהאַט. ער איז געווען מוטיק, מענעריש און שטאַרק, און דאָס האָט זיך עפּעס ווי אַרויס־געוויזן אין זיין יעדן זשעסט.

— נו, וואָס, גאָריאַנטשיקאָוו, — האָט ער אַ געשריי גע־טון: — קומט אַהער!

— וואָס איז דאָרט אַזוינס?

— זיי שטעלן אַרויס זייער פּרעטענזיע, שוין זשע ווייסט איר עס נישט? דאָס וועט זיי, נאַטירלעך, נישט געלינגען: ווער גלויבט עס קאַטאָרזשניקעס? וועט מען אָפּזוכן די אַגיטאַטאָרן, און אויב מיר וועלן דאָרט זיין, וועט מען, נאַטירלעך, אויף אונדז די ערשטע אַרויפלייגן די שולד אינם בונט. דערמאָנט אייך, פאַר וואָס זיינען מיר געקומען אַהער. זיי וועט מען פּשוט אָפּשמייסן, און אונדז וועט מען איבערגעבן אין געריכט, דער מאַיאָר האָט אונדז אַלעמען פיינט און איז אַ בעלן אונדז אומצוברענגען. דורך אונדז וועט ער זיך אַליין ריינוואַשן.

— און די קאַטאָרזשניקעס וועלן אונדז אויך אַרויסגעבן, — האָט מ—צקי צוגעגעבן, ווען מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין קיך.

— זייט רואיק, זיי וועלן אייך שוין נישט זשאַלעווען, — האָט ט—ווסקי אונטערגעכאַפּט.

אַ גרויסער עולם, באַ אַ מאַן דרייסיק, חוץ די דוואָריאַנעס, זענען געווען אין קיך. זיי אַלע זענען דאָ פאַרבליבן, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויסשטעלן קיין פּרעטענזיע, אייניקע אויס פּחדנות, אַנדערע צוליב דער פולשטענדיקער איבערציייגונג, אַז יעדע אַרויסגעשטעלטע פּרעטענזיע ברענגט קיין שום פּעולה נישט. אויך אַקים אַקימיטש איז דאָ געווען, — דער פאַרביסענער און נאַטירלעכער שונא פון אַזעלכע פּרעטענזיעס, וואָס שטערן דעם רעגלמעסיקן גאַנג פון דינסט און גוטער אויפפירונג. ער האָט שטילשווייגנדיק און זייער רויק אָפּגעוואַרט דעם סוף פון דער זאַך, זיך לחלוטין נישט באַאומרויקט מיט איר אויסגאַנג, פאַר־קערט, ער איז געווען פולשטענדיק זיכער אינם אומפאַרמיידלעכן נצחון פון דער אָרדנונג און דעם רצון פון נאַטשאַלסטווע. אויך איסאַי פאָמיטש איז דאָ געווען — ער איז געשטאַנען שטאַרק פאַרגאַפּעט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז, גיריק און פּחדנותדיק זיך

צוגעהערט צו אונדזער שמועס. ער איז געווען געוואַלדיק אומרויק. דאָ זענען אויך געווען די אַלע טורמע-פּאָליאַקעלעך פון פּאָלק, וואָס האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן צו די דוואָריאַנעס. ס'זיינען געווען עטלעכע ציטריקע נפשות פון די רוסן, דערשלאָגענע מענטשן און תּמיד שווייגנדיקע. אַרויסגיין צוזאַמען מיט די אי-בעריקע האָבן זיי נישט געהאַט קיין מוט, און איצט האָבן זיי מיט גרויס מרה-שחורה אָפּגעוואַרט, מיט וואָס די זאַך וועט זיך ענדיקן. עס זענען צולעצט געווען עטלעכע פאַרקומערטע און שטענדיק בייזע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן אָבער געהערט צו די דרייסטע. זיי זענען פאַרבליבן צוליב דער איינגעשפּאַרטער און פריקרער איבערצייגונג, אַז דאָס אַלץ איז נאַרישקייטן און מער ווי שלעכטס וועט פון דעם דאָזיקן ענין נישט אַרויסקומען. אָבער מיר האָט אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן זיך דאָך געפילט עפּעס גאָר-נישט באַקוועם, זענען עפּעס געווען נישט אינגאַנצן זיכער בא זיך. זיי האָבן אַפילו פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען פולשטענדיק גערעכט מיט זייער פּרעטענזיע, וואָס איז טאַקע נאָכדעם בא-שטעטיקט געוואָרן, דאָך אָבער האָבן זיי זיך געשפּירט, ווי אָפּ-טריניקע, וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם אַרטעל, פונקט ווי זיי וואָלטן אַרויסגעגעבן די חברים דעם פּלאַץ-מאַיאָר. דאָ איז אויך געווען יאָלקין, טאַקע יענער כיטרער סיבירער פּויער, וואָס איז געקו-מען פאַר פאַלש געלט מאַכן און וועלכער האָט אָפּגעשלאָגן די וועטערינאַרישע פּראַקטיקע בא קוליקאָוון. דער אַלטעטשקער פון די סטאַראָדובער דערפער איז אויך דאָ געווען. די עסן-צוגריי-טער זענען אַלע ביז איינעם פאַרבליבן אין קיך, מסתמא צוליב דער איבערצייגונג, אַז אויך זיי זענען אַ טייל פון דער אַדמיני-סטראַציע, און דעריבער האָט זיי נישט געפּאַסט אַרויסצוטרעטן קעגן מיר.

— פונדעסטוועגן, — האָב איך נישט זיכער אַ זאָג געטון

צו מ–ן – זיינען דאָך אַ חוץ די דאָזיקע כמעט אַלע אַרויסגע־גאַנגען.

– אָבער וואָס האָט עס צו אונדז? – האָט ב. געוואָרטשעט.

– מיר וואָלטן הונדערט מאָל מער פון זיי רעזיקירט, ווען מיר גייען אַרויס, און למאי? Je hais ces brigands. און צו מיינט איר טאַקע כאָטש אויף איין רגע, אַז זייער פרעטענזיע וועט אַרויסגעשטעלט ווערן? וואָס איז עס פאַר אַ בעלגות אַריינ־צוקריכן אין אַ נאַרישקייט?

– פון דעם וועט גאָרנישט אַרויסקומען, – האָט אונטער־געכאַפּט איינער פון די קאַטאָרזשניקעס, אַלמאַזאָוו, אַן איינגע־שפּאַרטער און פאַרביטערטער זקן, וואָס האָט זיך טאַקע דאָ געפונען, און האָט זיך צוגעאײַלט צו פאַטאַקעווען די דאָזיקע ווערטער.

– אַ חוץ דעם, וואָס מען וועט אַריינצימבלען אַ האַלבע מאה, וועט פון דעם גאָרנישט אַרויסקומען.

– דער מאַיאָר איז געקומען צו פאָרן! – האָט עמעצער אַ געשריי געטון, און אַלע האָבן זיך דורשטיק אַ וואָרף געטון צו די פענסטערלעך.

דער מאַיאָר איז אַריינגעפלויגן אַ בייזער, אַ צעקאָכטער, אַ רויטער, אין ברילן. שווייגנדיק, אָבער אַנטשלאָסן איז ער צוגעגאַנגען צום פראָנט. אין אַזעלכע פאַלן איז ער ווירקלעך געווען דרייסט און האָט נישט פאַרלוירן דעם מוט. איבעריקנס, איז ער כמעט שטענדיק געווען האַלב שיכור. אַפילו זיין פאַרפעצט היטל מיטן אָראַנזשענעם ראַנד און די שמוציקע זילבערנע שלי־פעס האָבן געהאַט אין זיך אין דער דאָזיקער מינוט עפעס בייז־דראָענדיקעס. הינטער אים איז געגאַנגען דער שרייבער דיאַטלאָוו, זייער אַ וויכטיקער פאַרשוין בײַ אונדז, וואָס האָט אייגנטלעך אָנגעפירט מיט אַלץ אין טורמע און וואָס האָט אַפילו געהאַט אַ

השפעה אויפן מאַיאָר, אַ כיטרער דורכגעטריבענער יונג, אָבער אויך נישט קיין שלעכטער מענטש. די אַרעסטאַנטן זענען צופרידן געווען מיט אים. גלייך נאָך אים איז געגאַנגען אונדזער אונטער־אָפיציר, וועלכער האָט שוין אודאי באַקומען די רעכטע פּאַרציע און וואָס האָט נאָך געוואַרט אויף צען מאָל אַזויפיל; הינטער אים איז געגאַנגען די וואַך, אַ דריי אָדער פיר מענטשן, נישט מער. די אַרעסטאַנטן, וועלכע זענען געשטאַנען אָן היטלען, דאַכט זיך, נאָך פון יענעם מאָמענט אָן, ווען זיי האָבן געשיקט נאָכן מאַיאָר, האָבן זיך אַלע איצט אויסגעגלייכט און זיך אויסגעבע־סערט אין די שורות: יעדער פון זיי האָט זיך איבערגעשטעלט פון איין פוס אויפן צווייטן, און דערנאָך זענען אַלע ממש ווי פאַרגליווערט געוואָרן אויפן אָרט, וואַרטנדיק אויפן ערשטן וואָרט אָדער, בעסער געזאָגט, אויפן ערשטן געשריי פון דער העכערער נאַטשאַלסטווע.

ער איז באַלד געקומען. באַם צווייטן וואָרט האָט דער מאַיאָר אָנגעהייבן צו גוואַלדעווען הויך אויפן קול, גע־מישט דאָס מאָל צוזאַמען מיט עפּעס אַ קוויטשען. ער איז געווען ווילד צערייצט. פון די פענסטער האָבן מיר געזען, ווי ער איז געלאָפן איבערן פראָנט, זיך געוואָרפן אויף רעכטס און אויף לינקס, אויסגעפרעגט די אַרעסטאַנטן. זיינע פראַגן, ווי אויך די תשובות פון די אַרעסטאַנטן האָבן מיר, איבעריקנס, מחמת ווייט־קייט, נישט געקענט הערן. מיר האָבן בלויז געהערט, ווי ער האָט געשריגן קוויטשענדיק:

— בונטאָווטשיקעס!.. דורכן פראָנט... בונטאָווטשיקעס! דו בונטאָווטשיק! דו בונטאָשווטשיק! — האָט ער זיך אויף עמעצן אַ וואָרף געטון.

קיין ענטפער האָט מען נישט געהערט. נאָר אין אַ מינוט אַרום, האָבן מיר דערזען, ווי אַן אַרעסטאַנט האָט זיך אָפּגעטיילט

און איז אַוועק אין דער קאָרדעגאַרדיע. נאָך אין א מינוט אַרום איז אַוועק אַ צווייטער, דערנאָך אַ דריטער.

— אַלעמען וועל איך אייך איבערגעבן אין געריכט אַריין! איך וועל אייך! און ווער איז דאָס דאָרט אין קיך? — האָט ער אַ געשריי געטון, דערזעענדיק אונדז אין די געעפנטע פענסטערלעך. — אַלע אַהער! טרייבט זיי שוין אַהער!

דער שרייבער דיאַטלאָוו איז אַוועק צו אונדז אין קיך. אין קיך האָט מען אים געזאָגט, אַז מען האָט נישט געהאַט קיין פּרעטענזיעס. האָט ער זיך באַלד צוריקגעקערט און געמאָלדן דעם מאַיאָר.

— אַ, זיי האָבן נישט! — האָט ער אַ זאָג געטון מיט צווייטענער נידעריקער, קענטיק, אַ צופרידענער. — אַלצאיינס, אַלעמען אַהער!

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען. איך האָב געפילט, אַז ס׳איז אונדז עפּעס נישט באַקוועם אַרויסצוגיין. און אַרויס זענען טאַקע אַלע, ווי מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

— אַ, פּראָקאָפּיעוו! יאָלקין אויך, דאָס ביזטו, אַלמאַזאָוו... שטעלט אייך אויס, שטעלט אייך אויס, אָט דאָ, אין אַ קופּקע, — האָט דער מאַיאָר געזאָגט מיט עפּעס אַ צוגעאײַלטן, נאָר ווייכן טאָן און בעת מעשה אונדז וואַרעם אָנגעקוקט. — מ—קי, דו ביזט אויך דאָ... נו, זאָל מען פאַרשרייבן. דיאַטלאָוו! באַלד טאַקע אַלעמען פאַרשרייבן, די צופרידענע באַזונדער און די אַלע נישט צופרידענע באַזונדער, אַלע ביז איינעם, און דאָס פּאַפּיר מיר איבערגעבן. איך וועל אייך אַלע צושטעלן... צום געריכט! איך וועל אייך, מאַשעניקעס!

דאָס פּאַפּיר האָט געווירקט.

— מיר זענען צופרידן! — האָט פּלוצלינג טריב אויסגעשריען איין שטימע פונם אומצופרידענעם המון, נאָר עפּעס נישט זייער אַנטשלאָסן.

אַ, צופרידן! ווער איז צופרידן? ווער ס'איז צופרידן, דער זאָל אַרויסגיין.

— מיר זענען צופרידן, צופרידן! — זענען צוגעקומען עטלעכע שטימען.

— צופרידן! הייסט עס, אַז מען האָט אייך אָנגעהעצט, הייסט עס, אַז ס'זענען געווען בונטאָווטשיקעס, בונטאָווטשיקעס? איז נאָך ערגער פאַר זיי!

— גאָט אין הימל, וואָס איז עס אַזוינס! — האָט זיך עמעץ פון המון אָנגערופן.

— ווער, ווער האָט ער אַ געשריי געטון, ווער? — האָט דער מאַיאָר זיך ווילד צעשריען און זיך אַ וואָרף געטון אין יענער זייט, פון וואַנען עס האָט זיך דערהערט די שטימע — דאָס ביסטו, ראַסטאָרגויעוו, דו האָסט עס אַ געשריי געטון? אין דער קאָרדעגאַרדיע!

ראַסטאָרגויעוו, אַן אָנגעבלאָזענער און הויכער יונג, איז אַרויסגעגאַנגען און איז פאַוואָליע אַוועק אין דער קאָרדעגאַרדיע. סך־הכל האָט ער נישט געשריען, אָבער אַזוי ווי מען האָט אויף אים אָנגעוויזן, האָט ער גאָרנישט געענטפערט דערויף.

— פון ווילטקייט ווערט איר משוגע, — האָט אים דער מאַיאָר נאָכגעוואַלדעוועט. — ס'אַראַ גראָבער פּרצוף אַ ביסל!.. אָט וועל איך אייך אַלעמען אָפּגעפינען! זאָלן די צופרידענע אַרויסגיין!

— מיר זענען צופרידן, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! — האָבן זיך פאַרקומערט דערטראָגן עטלעכע צענדליק שטימען. די איבעריקע האָבן עקשנותדיק געשוויגן. דער מאַיאָר האָט טאַקע נאָר דאָס געוואָלט. אים איז, קענטיק, געגאַנגען דערין צו ענדיקן שנעלער דאָס עסק, און ענדיקן מער־ווייניק בשלום.

איצט זענען אַלע צופרידן! — האָט ער איילנדיק אַ זאָג געטאָן. — איך האָב עס טאַקע געזען... געוווּסט. דאָס זענען די בונטאָוושטשיקעס! צווישן זיי זענען מסתמא דאָ בונטאָוושטשיקעס,— האָט ער ווייטער געזאָגט, ווענדענדיק זיך צו דיאַטלאָוון: — דאָס דאַרף מען מיט אַלע פּרטים אויספאָרשן. און איצט... איצט צו דער אַרבעט. קלאַפּ אין דער פּויק!

ער איז אַליין בייגעייען באַם פּאַנאַנדערשיקן אויף דער אַרבעט. די אַרעסטאַנטן זענען אָן ווערטער און טרויעריק אַוועק צו דער אַרבעט, צופרידן, לפּחות, מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך שנעלער אָפּגעטראָגן פון די אויגן. נאָכן פּאַנאַנדערשיקן דעם עולם אויף דער אַרבעט איז דער מאַיאָר באַלד אַוועק אין דער קאָרדעגאַרדיע און האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די „בונטאָוושטשיקעס" איבעריקנס, אָן גרויס אכזריות. ער האָט עס אַפילו געמאַכט אויף גיך. איינער פון זיי, האָט מען דערנאָך געשמועסט, האָט געבעטן מחילה און ער האָט אים טאַקע באַלד מוחל געווען. עס איז געווען קענטיק, אַז דער מאַיאָר האָט זיך טיילווייז נישט אינגאַנצן רויק געפילט און, מעגלעך, זיך אַפילו איבערגעשראָקן. אַ פּרעטענזיע איז יעדנפאַלס אַ קיצלדיקע זאַך, און הגם אַן אַרעסטאַנטישע תּביעה האָט אין פלוג נישט געקענט הייסן פּרעטענזיע, ווייל זיי האָבן זי אַרויסגעשטעלט נישט פאַר דער העכערער נאַטשאַלסטווע, נאָר פאַר דעם מאַיאָר אַליין, דאָך איז עפּעס געווען נישט באַקוועם, נישט אין אָרדנונג. דערעיקרשט איז עס געווען פאַרדראָסיק דערמיט, וואָס אַלע, ווי איינער, האָבן זיך אויפגעהויבן מיט דער פּרעטענזיע. מען האָט געמוזט פאַררייבן די זאַך, וואָס עס זאָל נישט זיין. די „בונטאָוושטשיקעס" האָט מען באַלד אַרויסגעלאָזט. שוין אויף צומאָרגנס האָט זיך דאָס עסן פאַרבעסערט, הגם נישט אויף לאַנג. אין די ערשטע טעג האָט דער מאַיאָר אָנגעהייבן עפטער צו באַזוכן די טורמע און

שפעטער האָט ער געפונען אומאָרדנונגען. אונדזער אונטער־אָפיצער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער און אַ צעטראָגענער, ווי ער וואָלט גאָך אַלץ נישט געקענט קומען צו זיך פון גרויס חדוש. די אַרעס־טאַנטן, ווידער, האָבן זיך אַ לאַנגע צייט נאָכדעם נישט געקענט באַרויקן, אָבער זיי האָבן זיך שוין נישט געבונטעוועט, ווי פריער, נאָר זענען געווען שווייגנדיק־צעטראָגן, עפּעס אַזוי ווי מטושטש. מאַנכע זענען אַפילו גאָר געפאַלן פון מוט. אַנדערע האָבן גע־חאָרטשעט, און נישט זייער גערן זיך אָפּגערופן וועגן דעם דאָזיקן גאַנצן ענין. אַ סך האָבן אַזוי ווי פון פאַרביטערונג און הויך אויפן קול געחוזקט פון זיך אַליין, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך באַשטראָפט פאַר דער פרעטענזיע.

— נאַ, ברודערל, נעם, פאַרבייס! — זאָגט, אַ שטייגער, איינער.

— וואָס דו לאָכסט אויס, דאָס קומט דיר אַנטקעגן, — גיט צו אַ צווייטער.

— ווּ איז די מויז, וואָס האָט דער קאָץ אַ גלעקל אָנגע־בונדן? — באַמערקט אַ דריטער.

— אַ נאַש־בראַט וועסטו אָן אַ שטעקן נישט איבערצייגן, מען ווייסט שוין. ס'איז נאָך גוט, וואָס מען האָט נישט אַלעמען אַריינגעצימבלט.

— און דו ווייס בעסער מער, און רעד ווייניקער, וועט בעסער זיין! — באַמערקט עמעצער מיט פאַרביטערונג.

— וואָס ביזטו מיר פאַר אַ רבי געוואָרן, איך בעט דיך?

— איך לערן דיך דאָס, וואָס איך ווייס.

— אָבער ווער ביזטו דאָס אַזעלכער, וואָס דו נעמסט זיך אַזוי איבער?

— דערווייל בין איך נאָך אַ מענטש, אָבער ווער ביזטו?

— אַ הונטישער ביין, אָט ווער דו ביזט.

— דאָס ביזטו אַליין.

— נו, נו, גענוג אייך! וואָס שרייט איר משוגענערווייז! — שרייט מען פון אַלע זייטן אויף די, וואָס אַמפּערן זיך.

אין דעם אייגענעם אָוונט, דאָס הייסט אינם טאָג פון דער פּרעטענזיע, האָב איך מיך, צוריקקערנדיק זיך פון דער אַרבעט, געטראָפן מיט פּעטראָוון הינטער די קאַזאַרמעס. ער האָט מיך שוין געזוכט. צוגעגאַנגען צו מיר, האָט ער עפּעס אַ מורמל געטון ענלעך צו אַ צוויי, דריי אומבאַשטימטע אויסגעשריען, באַלד אָבער איז ער אַ צושראָקענער אַנטשוויגן געוואָרן און גענומען שפּאַנען מאַשינעל גלייך מיט מיר. דער גאַנצער ענין איז נאָך קרענקלעך געלעגן באַ מיר אויפן האַרץ, און מיר האָט אויסגע־וויזן, אַז פּעטראָוו וועט מיר עפּעס קלאָר מאַכן.

— זאָגט מיר, פּעטראָוו, — האָב איך אים געפרעגט, — אייערע זענען נישט בייז אויף אונדז?

— ווער איז בייז? — האָט ער געפרעגט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט ערשט געקומען צו די רעיונות.

— די אַרעסטאַנטן אויף אונדז... אויף די דוואָריאַנעס.

— און פאַרוואָס זיין בייז אויף אייך?

— נו, דערפאַר, וואָס מיר זענען נישט אַרויסגעגאַנגען מיט דער פּרעטענזיע.

— צו וואָס זאָלט איר אָבער אַרויסשטעלן אַ פּרעטענזיע? — האָט ער געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט זיך באַמיט מיך צו פאַרשטיין: — איר עסט דאָך אייגנס.

— אַך, גאָט מיינער! אָבער צווישן אייך זענען דאָך אויך דאָ אַזוינע, וואָס עסן אייגנס, און זיי זענען דאָך אויך אַרויס מיט דער פּרעטענזיע. נו, האָבן מיר אויך באַדאַרפט... פון חברשאַפט.

— יאָ... אָבער וואָס פאַר אַ חבר זענט איר אונדז? — האָט ער געפרעגט און בעת מעשה זיך געחדושט.

איך האָב אים שנעל אָנגעקוקט. ער האָט מיך לחלוטין נישט פאַרשטאַנען — נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך בין אויסן מיטן שמועס. דערפאַר אָבער האָב איך אים אין דער רגע לגמרי גוט פאַרשטאַנען. צום ערשטן מאָל איז מיר איצט פולשטענדיק קלאָר געוואָרן אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך שוין לאַנג פאַרנעבלט באַוועגט אין מיר, און האָט מיך אַלץ פאַרפאָלגט; פלוצלינג האָב איך פאַרשטאַנען דאָס, וועגן וואָס איך האָב מיך ביז אַהער שלעכט אָנגעשטויסן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיך וועט מען קיינמאָל נישט אַריינגעמען אין דער חברשאַפט, מעג איך זיין אַפילו אַן אַרעסטאַנט פון אַרעסטאַנטן-לאַנד, אַפילו אויף דור-דורות, אַפילו פון דער באַזונדער אָפטיילונג. באַזונדערס אָבער איז מיר פאַרבליבן אין זכרון פעטראָווס אויסזען אין דער דאָזיקער מינוט. אין זיין פראַגע: „וואָס פאַר אַ חבר זענט איר דען אונדז?" האָט זיך געהערט אַזאַ עכטע נאַיווקייט, אַזאַ גוטמוטיקע פאַרחדושטקייט. איך האָב געטראַכט: אפשר ליגט אין די דאָזיקע ווערטער עפּעס אַן איראָניע, פאַרביטערונג, חוזק? ס'הויבט זיך גאָרנישט אָן. פשוט, נישט קיין חבר, און גענוג. דו האָסט זיך דיינע געשעפטן, און מיר אונדזערע.

און ווירקלעך, איך האָב אַפילו געטראַכט, אַז נאָך דער פרעטענזיע וועלן זיי אונדז פשוט צורייסן, אַזוי, אַז ס'וועט ממש נמאס ווערן דאָס לעבן. ס'האָט זיך אָבער גאָרנישט אָנגעהויבן: קיין שום פאָרוואורף, קיין שום רמז פון אַ פאָרוואורף האָבן מיר נישט געהערט, און קיין שום באַזונדערע פאַרביטערונג איז נישט געווען צו מערקן. זיי האָבן אונדז פשוט געטשעפּעט צו ביסלעך באַ אַ געלעגנהייט, אַזוי ווי זיי האָבן אונדז אויך פריער געטשעפּעט, און נישט מער. איבעריקנס, האָבן זיי אויך נישט

בעכעסט אַפילו אויף די אַלע, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַרויס־
שטעלן אַ פּרעטענזיע, ווי אויך אויף די יעניקע, וועלכע האָבן די
ערשטע געשריען, אַז זיי זענען מיט אַלעמען צופרידן. קיינער
האָט אַפילו וועגן דעם נישט דערמאָנט. דערעיקרשט האָב איך
דאָס לעצטע נישט געקאָנט פאַרשטיין.

VIII.

# די חברים.

ס'האָט מיך, נאַטירלעך, מער געצויגן צו די אייגענע, דאָס הייסט, צו די „דוואָריאַנעס", דערהויפּט אין דער ערשטער צייט. אָבער פון די דריי געזעצנע רוסישע דוואָריאַנעס, וואָס האָבן זיך געפונען בײַ אונדז אין טורמע (אַקים אַקימיטש, דער שפּיאָן א–וו און דער, וועלכן מען האָט בײַ אונדז געהאַלטן פאַרן פאָטער־מערדער), האָב איך מיך געקענט און געשמועסט נאָר מיט אַקים אַקימיטשן. איך בין מיך מודה, אַז צו אַקים אַקימיטשן פלעג איך צוגיין, אזוי צו זאָגן, פון פאַרצווייפלונג, אין אַ מינוט פון געוואַלדיקער לאַנגווייליקייט, און ווען עס איז שוין נישט געווען צו וועמען צוצוגיין. סיידן צו אים. אין פאַריקן קאַפּיטל האָב איך געפּרוּווט פאַנאַנדערסאָרטירן אַלע אונדזערע מענטשן אין קאַטעגאָריעס, איצט אָבער, אַז איך דערמאָן מיך אין אַקים אַקימיטשן, מיין איך, אַז מען קען צוגעבן נאָך אַ קאַטעגאָריע. אמת, די דאָזיקע קאַטעגאָריע איז באַשטאַנען בלויז פון אים אַליין. דאָס איז אַ קאַטעגאָריע פון לגמרי גלייכגילטיקע קאַטאָרזשניקעס. לגמרי גלייכגילטיקע, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זיי

איז קיין נפקה מינה ווו צו לעבן, צי אויף דער פרייהייט, צי אויף קאַטאָרגע, זענען באַ אונדז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען, און האָבן נישט געקאָנט זיין, אָבער אַקים אַקימיטש איז, דאַכט זיך, געווען אַן אויסנאַם. ער האָט זיך אַפילו איינגעאָרדנט אין טורמע אַזוי, ווי ער וואָלט זיך מכין געווען דאָס גאַנצע לעבן אָפּצולעבן דאָרט: אַלץ אַרום אים, אָנגעהויבן פון מאַטראַץ, קישנס, מכשירים, איז געווען איינגעפונדעוועט אַזוי פעסט, אַזוי שטאַנדהאַפטיק, אַזוי אויסגערעכנט אויף לאַנגע צייטן. קיין שום צייטווייליקס, לאַגעראַרטיקס האָט זיך נישט געלאָזט מערקן אויף אים. אַ סך יאָרן האָט ער נאָך געדאַרפט פאַרברענגען אין טורמע, אָבער איך בין מסופק, צי ער האָט כאָטש ווען-עס-איז אַ טראַכט געטון וועגן דער באַפרייונג. און האָט ער אָבער שלום געמאַכט מיט דער ווירקלעכקייט, איז דאָס, פאַרשטייט זיך, געווען נישט מיטן האַרץ, נאָר אפשר צוליב דער איבערצייגונג, אַז מען דאַרף געהאָרכן דער נאַטשאַלסטווע, וואָס דאָס איז, איבעריקנס געווען פאַר אים איינס און דאָס זעלבע. ער איז געווען אַ גוטער מענטש און תּחילת האָט ער מיך אַפילו אַרויסגעהאָלפן מיט עצות און מיט טובות, אָבער טיילמאָל, בין איך מיך מודה, האָט ער נישט ווילנדיק אָנגעוואָרפן אויף מיר, באַזונדערס אין דער ערשטער צייט, אַ מוראדיקע בענקשאַפט, וואָס האָט נאָך מער פאַרערגערט מיין אַזוי אויך דערשלאָגן געמיט. און פון בענקשאַפט טאַקע האָב איך אָנגעהייבן צו ריידן מיט אים. טיילמאָל פלעגסטו לעכצן נאָך עפּעס אַ לעבעדיק וואָרט, זאָל זיין אַ גאַליקס, זאָל זיין אַן אומגעדולדיקס, זאָל זיין כאָטש אַ ביסל פאַרביטערונג: וואָלטן מיר כאָטש צוזאַמען געפעסט אויף אונדזער גורל; שווייגט ער אָבער, קלעבט זיינע לאַמטערנדלעך, אָדער דערציילט וואָס פאַר אַ מיליטער-מושטירונג עס איז באַ זיי געווען אין דעם און דעם יאָר, און ווער עס איז געווען דיוויזיע-

שעף, און ווי מען האָט אים גערופן מיטן נאָמען און פאָטער-נאָמען, און צי האָט ער זיך צופרידנגעשטעלט מיט דער מילי-טער-מושטירונג, צי נישט, און ווי אַזוי מען האָט בײַ די זעלנער פון דער פאָדערשטער קייט געענדערט די סיגנאַלן א. אַז. וו. און אַלץ מיט אַזאַ גלייכער, מיט אַזאַ סאָלידער שטימע, פונקט ווי וואַסער וואָלט געקאַפּעט טראָפּנווייז. ער האָט זיך אַפילו כמעט נישט באַגייסטערט, ווען ער האָט מיר דערציילט, אַז פאַרן אַנטייל נעמען אין עפּעס אַ געפעכט אויף קאַווקאַז האָט ער גע-האַט די זכיה צו באַקומען „די הייליקע אַנע“ אויפן שווערד. אָבער די שטימע זיינע האָט אין דער מינוט געגומען קלינגען עפּעס אומגעוויינלעך חשוב און סאָליד. די שטימע האָט ער אפילו א ביסל אַראָפּגעלאָזט ביז סודותפולע קלאַנגען, ווען ער האָט אַרויסגערעדט „די הייליקע אַנע“, און נאָכדעם איז ער בײַ אַ דריי מינוט געוואָרן עפּעס גאָר באַזונדערס שווייגנדיק און סאָליד... אין אָט דעם ערשטן יאָר האָב איך עפּעס געהאַט נאַרישע מינוטן, ווען איך (און תמיד עפּעס פלוצלינג) האָב אָנ-געהייבן כמעט פיינט צו האָבן אַקים אקימיטשן, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, און שווייגנדיק פאַרשאָלטן מיין מזל, וואָס ער האָט מיר באַשטימט אַן אָרט צוזאַמען מיט אים אויף די נאַרעס-קאָפּ צו קאָפּ. אין אַ וואָסער שעה אַרום פלעג איך מיר תמיד פאָרוואַרפן דערפאַר. דאָס איז אָבער געווען בלויז אינם ערשטן יאָר; שפּעטער בין איך אין האַרצן שלום געוואָרן מיט אַקים אקימיטשן און האָב זיך געשעמט פאַר מיינע פריערדיקע נאַריש-קייטן. אויסערלעך אָבער, געדענק איך, האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט געקריגט.

אַ חוץ די דאָזיקע דריי רוסן זענען פאַר מיין צייט געווען בײַ אונדז נאָך אַכט. מיט אייניקע פון זיי האָב איך מיך גאַנץ גיך איינגעלעבט און אַפילו מיט פאַרגעניגן, אָבער

עפעס געווען זענען זיי פון בעסערע די אלע. מיט גישט
צוזעלכע קרענקלעכע, אויסטערלישע און אומדערטרעגלעכע אויפן
העכסטן גראד. מיט צוויי פון זיי האב איך שפעטער פשוט
אויפגעהערט צו ריידן. צווישן זיי זענען געווען בלויז דריי
געבילדעטע: ב–סקי, מ–קי און דער אלטער זש–קי, וועלכער
איז פריער געווען ערגעץ פראפעסאר פון מאטעמאטיק, –א גאנץ גו-
טער, ווילדער זקן, נאר אן אויסטערלישע בריאה און, נישט געקוקט
אויף זיין בילדונג, דאכט זיך, זייער א באגרענעצטער מענטש. מ–קי
און ב–קי זענען שוין געווען גאר אנדערע מענטשן. מיט מ–קי
האב איך זיך גוט איינגעלעבט באלד פון ערשטן מאל; איך
האב מיך קיינמאל מיט אים נישט געקריגט, האב אים געשעצט,
אבער ליב האבן אים, זיך צובינדן צו אים האב איך קיינמאל
נישט געקאנט. דאס איז געווען זייער א פארביטערטער מענטש,
וואס האט צו קיינעם קיין שום צוטרוי נישט געהאט, נאר ער
האט זיך אבער אויסגעצייכנט גוט געקענט באהערשן. און אט
דאס קענען זיך צו גוט באהערשן איז טאקע נישט געפעלן געווארן
אין אים: ס'האט זיך עפעס געפילט, אז ער וועט קיינמאל פאר
קיינעם נישט עפענען דאס גאנצע הארץ זיינס. איבעריקנס,
קאן אויך זיין, אז איך בין מיר טועה. דאס איז געווען א
שטארקע נאטור און זייער אן איידלמוטיקע. די אויסערגעוויינ-
לעכע, אפילו עטוואס יעזויטישע געשיקטקייט און פארזיכטיקייט
אין זיין באנעמונג מיט מענטשן האט ארויסגעוויזן זיין פאר-
באָרגענעם טיפן סקעפטיציזם. און דאך איז עס געווען א נשמה,
וואס האט טאקע געליטן פון דער צווייענדיקייט: פונם סקעפ-
טיציזם און פונם טיפן אייזנפעסטן בטחון אין מאנכע זיינע
איבערצייגונגען און האפענונגען. נישט געקוקט אבער אויף
זיין גאנצער לעבנס-געשיקטקייט, איז ער געווען א פאר-
ביסענער שונא פון ב–קין און זיין פריינט ט–סקין. ב–קין

איז געווען אַ קראַנקער, אַ ביסל גענייגט צו שווינדזוכט, אַ מענטש אָן אויפגערעגטער און נערוועישער, אָבער אין פלוג זייער אַ גוטער און אַפילו אַ גרויסמוטיקער. זיין אויפגערעגטקייט איז טיילמאָל דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער מדרגה פון אומ-דערטרעגלעכקייט און קאַפּריזן. איך האָב נישט געקענט פאַר-טראָגן אַזאַ כאַראַקטער און צום סוף בין איך מיר צעגאַנגען מיט ב—קין, אָבער דערפאַר האָב איך קיינמאָל נישט אויפגע-הערט אים ליב צו האָבן; און מיט מ—ן האָב איך מיך אַפילו נישט געקריגט, דערפאַר אָבער קיינמאָל אים נישט ליב געהאַט. אַז איך בין מיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט ב—ן, איז גראַדע אַזוי געשען, אַז איך האָב מיך באַלד טאַקע געמוזט פאַנאַנדער-גיין אויך מיט ט—סקין, מיט דעם אייגענעם יונגנמאַן, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט אין פאַריקן קאַפּיטל, דער-ציילענדיק וועגן אונדזער פרעטענזיע. דאָס האָט מיר זייער באַנג געטון. ט—סקי איז אַפילו נישט געווען קיין געבילדעטער מענטש, אָבער אַ גוטער, דרייסטער, בראַווער יונגערמאַן. די גאַנצע זאַך איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט אַזוי ווייט ליב געהאַט און געשעצט ב—ן, זיך באַצויגן צו אים מיט אַזאַ יראה און דרך-ארץ, אַז די יעניקע, וועלכע זענען זיך נאָר צעגאַנגען מיט ב—ן, האָט ער באַלד טאַקע כמעט געהאַלטן פאַר זיינע אייגענע שונאים. אויך מיט מ—ן איז ער, דאַכט זיך, שפּע-טער זיך צעגאַנגען צוליב ב—ן, כאָטש ער האָט לאַנג געקווענקלט, צי זאָל ער עס טון. איבעריקנס, זענען זיי אַלע געווען מאָראַ-ליש קראַנקע, גאַליקע, אויפגערעגטע, וואָס האָבן קיין שום צוטרוי נישט געהאַט צו יענעם. דאָס איז פאַרשטענדלעך: זיי איז געווען זייער שווער, אַ סך שווערער, איידער אונדז. זיי זענען געווען ווייט פון זייער היימלאַנד. מאַנכע פון זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אויף לאַנגע טערמינען, אויף צען, אויף

צוועלף יאָר, און דערעיקרשט – זיי האָבן מיט אַ טיפן פאַר־ אורטייל געקוקט אויף די אַלע אַרומיקע מענטשן ; אין די די קאַטאָרזשניקעס האָבן זיי בלויז געזען חיות און האָבן נישט געקאָנט, אַפילו נישט געוואָלט, געפינען אין זיי עפּעס אַ שטריך, וואָס זאָל זיין אַ גוטער, עפּעס מענטשלעכעס, און – וואָס עס איז אויך געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך : אויף דעם דאָזיקן אומגליק־ לעכן שטאַנדפונקט זענען זיי אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך די אומשטענדן, דורכן גורל. אַ קלאָרע זאַך, די בענקשאַפט האָט זיי געשטיקט אין טורמע. צו די טשערקעסן, צו די טאָטערן, צו איסאַי פאָמיטשן, האָבן זיי זיך באַצויגן וואַרעם און פריינטלעך, אָבער די אַלע איבעריקע קאַטאָרזשניקעס האָבן זיי אויסגעמיטן מיט עקל. בלויז דער סטאַראָדובער סעקטאַנט האָט פאַרדינט זייער פולע אַכטונג. עס איז, איבעריקנס, מערקווירדיק, וואָס קיינער פון די קאַטאָרזשניקעס האָט, פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין טורמע, זיי נישט פאָרגעוואָרפן נישט זייער אָפּשטאַמונג, נישט זייער אמונה, נישט זייער אַרט דענקען, ווי עס טרעפט באַ אונדזער פשוט; פאָלק אין באַצוג צו אויסלענדער, דערעיקרשט צו דייטשן, הגם אויך דאָס, צוריקגערעדט, געשיט זייער זעלטן. איבעריקנס, פון די דייטשן טרייבט מען אפשר בלויז חוזק, דער דייטש שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס טיף קאָמישעס פאַרן רוסישן פשוטן פאָלק. צו אונדזערע אָבער האָבן זיך די קאַטאָרזשניקעס באַצויגן אַפילו מיט אַכטונג, פיל מער, ווי צו אונדז, רוסן, און האָבן זיי גאָרנישט געטשעפעט. נאָר יענע, דאַכט זיך, האָבן עס קיינמאָל נישט געוואָלט באַמערקן און נעמען אין אַכט. איך האָב אָנגעהייבן צוריידן וועגן ט–סקין. ווען מען האָט זיי איבערגעפירט פונם ערשטן פאַרשיקונגס־פונקט צו אונדז אין פעסטונג, האָט ער עס געטראָגן ב–ן אויף די הענט כמעט דעם

גאַנצן װעג, װען יענער, א שװאַכער פֿיי אין געזונט און סיי מיטן קערפּער־געבוי, פֿלעגט פֿאַלן פֿון די כּוחות כּמעט באַ יעדן האַלבן עטאַפּ. פֿריער זענען זיי אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין או–גאָרסק. דאָרט, האָבן זיי דערציילט, איז זיי געווען גוט, דאָס הייסט אַ סך בעסער ווי אין אונדזער פֿעסטונג. באַ זיי האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס אַ קאָרעספּאָנדענץ, איבעריקנס, אַ גאַנץ אומשולדיקע מיט די אַנדערע פֿאַרשיקטע פֿון אַן אַנדער שטאָט, און דערפֿאַר האָט מען געפֿונען פֿאַר נויטיק איבערצופֿירן אַ דריי מענטשן פֿון די זייעריקע אין אונדזער פֿעסטונג, נעענטער אויף די אויגן צו אונדזער העכערער נאַטשאַלסטווע. זייער דריטער חבר איז געווען זש–קי. ביז זייער אָנקומען איז מ–קי געווען אין טורמע אַליין אָן חברים. האָט ער עס מסתּמא געבענקט אינם ערשטן יאָר פֿון זיין פֿאַרשיקונג!

דער דאָזיקער זש–קי איז עס טאַקע געווען יענער זקן, וואָס האָט שטענדיק געבעטן צו גאָט, און וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט. אַלע אונדזערע פּאָליטישע פֿאַרברעכער זיינען געווען יונג, אייניקע אַפֿילו זייער יונג; בלויז זש–קי איז שוין געווען איבער פֿופֿציק. דאָס איז, נאַטירלעך, געווען אַן ערלעכער מענטש, נאָר אַ ביסל אַ מאָדנער. זיינע חברים ב–קי און ט–קי האָבן אים נישט זייער ליב געהאַט, זיי האָבן אַפֿילו נישט גערעדט מיט אים; זיי האָבן אַפֿילו געזאָגט, אַז ער איז איינגעשפּאַרט און נאַריש. איך ווייס נישט, אויף וויפֿל זיי זענען געווען גערעכט. אין טורמע, ווי אין אַלע אַזעלכע ערטער, ווו מענטשן ווערן פֿאַרזאַמלט אין אַ גרעסערער צאָל, נישט מיטן אייגענעם ווילן, נאָר מיט געוואַלט, קען מען, מיין איך. גיכער זיך צעקריגן און אַפֿילו פֿיינט האָבן איינאַנדער, ווי אויף דער פֿרייהייט. פֿיל אומשטענדן ברענגען דערצו. איבעריקנס, איז זש–קי באמת געווען אַ גאַנץ טעמפּער מענטש

און, מעגלעך, אויך נישט קיין אַנגענעמער. אַלע זיינע איבעריקע חברים האָבן נישט זייער געהויזט מיט אים. איך האָב מיך אַפילו מיט אים קיינמאָל נישט געקריגט, דאָך האָב איך מיט אים אויך איבעריקס גוט נישט געלעבט. די מאַטעמאַטיק, וואָס איז געווען זיין געגנשטאַנד, האָט ער, דאַכט זיך, געקענט. איך געדענק, ווי ער האָט זיך אַלץ באַמיט מיר צו דערקלערן אויף זיין האַלב-רוסישער שפּראַך עפּעס אַזאַ באַזונדער אַסטראָנאָמיש סיסטעם, וואָס ער אַליין האָט עס אויסגעפונען. מען האָט מיר אַפילו געזאָגט, אַז ער האָט דאָס אַמאָל אָפּגעדרוקט, אָבער אין דער געלערנטער וועלט האָט מען בלויז אים אויסגעלאַכט. מיר שיינט, אַז זיין שכל האָט געהאַט עפּעס אַ מום. גאַנצע טעג האָט ער מתפּלל געווען אויף די קני צו גאָט; דורכדעם האָט ער געווונען די אַלגעמיינע אַכטונג פון די קאַטאָרזשניקעס און די דאָזיקע אַכטונג האָט אים געדינט ביז זיין טויט. געשטאָרבן איז ער ביי אונדז אין שפּיטאָל נאָך אַ שווערער מחלה אויף מיינע אויגן. די אַכטונג פון די קאַטאָרזשניקעס האָט ער זיך איבעריקנס, פאַרדינט, באַלד ווי ער איז נאָר אַריין אין טורמע, נאָך זיין געשיכטע מיט אונדזער מאַיאָר. אויפן וועג פון או-גאָרסק ביז אונדזער פעסטונג האָט מען זיי נישט געגאָלט און זיי זענען פאַרוואַקסן געוואָרן מיט בערד, אַזוי, אַז בשעת מען האָט זיי געבראַנגט צו פירן צום פּלאַץ-מאַיאָר, איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויס גרימצאָרן פאַר אַזאַ מין עובר זיין די אינסטרוקציע, הגם זיי זענען לגמרי אומשולדיק געווען.

— ווי זעען זיי דאָס עפּעס אויס! — האָט ער זיך ווילד צערעוועט. — דאָס זענען דאָך בראָדיאַגעס, רוצחים!

זש-קי, וואָס האָט נאָך דאַמאָלס שלעכט פאַר[illegible] רוסיש און וואָס האָט געמיינט, אַז מען פרעגט זיי: חער זיי זענען דאָס אַזעלכע? בראָדיאַגעס, צי רוצחים? האָט געענטפערט:

— מיר זענען נישט קיין בראָדיאַגעס, נאָר פּאָליטישע פאַרברעכער.

— ווי־ווי־ווי! דו ווערסט מיר דאָ אַרויס מיט חוצפה? דו מיט חוצפה! — האָט דער מאַיאָר זיך ווילד צערעווועט — אין דער קאָרדעגאַרדיע! הונדערט ריטער, טאַקע באַלד, די מינוט!

דעם אַלטן האָט מען באַשטראָפט. ער האָט זיך אַנידערגעלייגט אונטער די ריטער אָן שום טענות, האָט זיך איינגעביסן די האַנט מיט די ציין און אָפּגעקומען די באַשטראָפונג אָן שום געשרייען אָדער קרעכצן און זיך בעת מעשה קיין ריר נישט געטון. ב—קי און ט—סקי זענען דערווייל אַריין אין טורמע, ווו מ—קי האָט זיי שוין אָפּגעוואַרט באַם טורמע און גלייך זיך געוואָרפן זיי אויפן האַלדז, הגם ביז אַהער האָט ער זיי קיינמאָל נישט געזען. שטאַרק אויפגערעגט פונם מאַיאָרס אויפנעמען, האָבן זיי אים אַלץ דערציילט וועגן זש—קין. איך געדענק, ווי אַזוי מ—קי האָט מיר פאַרציילט וועגן דעם: „איך בין געווען אויסער זיך, — האָט ער געזאָגט — איך האָב נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. און האָב געציטערט, ווי פון קעלט. איך האָב אָפּגעוואַרט זש—קין באַם טויער. ער האָט באַדאַרפט קומען גלייך פון דער קאָרדעגאַרדיע, ווו מען האָט אים באַשטראָפט. פּלוצלינג האָט זיך געעפנט דאָס טירל: זש—קי איז, נישט קוקנדיק אויף קיינעם, אַדורכגעגאַנגען מיט אַ בלאַס פּנים און מיט ציטערדיקע בלאַסע ליפּן צווישן די קאַטאָרזשניקעס, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן הויף און וואָס זענען שוין געוואָר געוואָרן, אַז מען באַשטראָפט אַ דוואָריאַנין. ער איז אַריין אין קאַזאַרמע, איז צוגעגאַנגען גלייך צו זיין אָרט, און אָן אַ וואָרט צו ריידן — זיך געשטעלט אויף די קני און אָנגעהייבן מתפּלל זיין צו גאָט. די קאַטאָרזשניקעס זענען געווען

איבערראַשט און אַפילו גערירט, און באַלד „ווי איך האָב דער־
זען דעם דאָזיקן גרויען זקן, – האָט מ–קי געזאָגט, – וואָס
האָט איבערגעלאָזט אין דער היים אַ ווייב און קינדער, באַלד
ווי איך האָב אים דערזען אויף די קני, דעם דאָזיקן מענטשן,
וואָס איז שענדלעך באַשטראָפט געוואָרן און וואָס האָט איצט
געבעטן צו גאָט, האָב איך מיך אַ וואָרף געטאָן הינטער די
קאַזאַרמעס און גאַנצע צוויי שעה צייט נישט געוווּסט, וואָס
עס טוט זיך מיט מיר; איך בין געווען משוגע.–פון דער דאָזי־
קער צייט אָן האָבן די קאַטאָרזשניקעס אָנגעהייבן זייער צו
שעצן זש–קין און האָבן זיך באַצויגן צו אים שטענדיק מיט
דרך־ארץ. באַ זיי האָט באַזונדערס אויסגענומען דאָס, וואָס ער
האָט נישט געשריגן אונטער די ריטער.

מען דאַרף אָבער דאָך זאָגן דעם גאַנצן אמת. לויט דעם
דאָזיקן ביישפּיל טאָר מען בשום אופן נישט משפטן וועגן דער
באַציונג פון דער סיבירישער נאַטשאַלסטווע צו די פאַרשיקטע פון
די דוואָריאַנעס, ווער די דאָזיקע פאַרשיקטע זאָלן נישט זיין, צי
רוסישע אָדער פּאָליאַקן. דער דאָזיקער ביישפּיל ווייזט נאָר, אַז
מען קאָן זיך אָנרייסן אויף אַ ווילדן מענטשן, און, נאַטירלעך, ווען
אַזאַ ווילדער מענטש זאָל זיין ערגעץ אַ באַזונדערער און העכע־
רער קאָמאַנדיר און דער פאַרשיקטער, אַ שטייגער, זאָל גראָד באַ
אים נישט נושא חן זיין, וועט ער שוין קענען טון מיטן פאַר־
שיקטן וואָס ער וועט וועלן. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז די
סאַמע העכסטע נאַטשאַלסטווע אין סיביר, פון וועלכער עס איז
אָפּהענגיק דער טאָן און די שטימונג פון די אַלע איבעריקע
קאָמאַנדירן, באַציט זיך געוויסנהאַפט צו די פאַרשיקטע דוואָריאַנעס
און אַפילו אין מאַנכע פאַלן באַמיט זי זיך זיי צו פאַרלייכטערן
אין פאַרגלייך מיט די איבעריקע קאַטאָרזשניקעס פון פאָלק. די
סיבות דערפון זענען קלאָרע. די העכערע נאַטשאַלניקעס, זענען

קודם אַליין דוואָריאַנעס, צווייטנס, האָט שוין אויך אַ מאָל געטראָפן, אַז עטלעכע פון די דוואָריאַנעס האָבן זיך נישט געלייגט אונטער די ריטער און זיך געוואָרפן אויף די עקזע-קוטאָרס, צוליב וואָס עס זענען אַרויסגעקומען שרעקלעכע זאַכן, און, דריטנס, האָט זיך נאָך מיט אַ פינף און דרייסיק יאָר צוריק באַוויזן פלוצלינג אַ גרויסע מאַסע פאַרשיקטע דוואָריאַנעס פאַראמאָל, און די דאָזיקע פאַרשיקטע האָבן אין משך פון דרייסיק יאָר צייט געקענט זיך אַזוי אַוועקשטעלן און זיך אַזוי פאַרעקאָמענדירן איבער גאַנץ סיביר, אַז אין מיין צייט האָט שוין די נאַטשאַלסטווע, לויט דער לאַנגיאָריקער געוווינ-הייט, נישט ווילנדיק געקוקט מיט אַנדערע אויגן אויף די דוואָריאַנעס-פאַרברעכער פון אַ געוויסער קאַטעגאָריע, ווי אויף אַלע אַנדערע פאַרשיקטע. צוגלייך מיט דער העכערער נאַ-טשאַלסטווע האָבן אויך די קלענערע קאָמאַנדירן זיך צוגעוווינט צו קוקן מיט אַזעלכע אויגן אויף די דוואָריאַנעס; זיי האָבן פאַרשטייט זיך, דעם דאָזיקן קוק און טאָן איבערגענומען פון אויבן און האָבן זיך אים לגמרי אונטערגעוואָרפן. איבעריקנס, האָבן אַ סך פון די דאָזיקע קלענערע קאָמאַנדירן טעמפּ געקוקט אויף דער זאַך, האָבן אין דער שטיל קריטיקירט די העכערע פאַראָרדנונגען און וואָלטן אַודאי זייער צופרידן געווען, ווען מען וואָלט זיי, אַ שטייגער, נישט געשטערט דורכצופירן זייערע אייגענע פאַראָרדנונגען. אָבער מען האָט עס זיי נישט אינגאַנצן דערלויבט. איך האָב אַ פעסטן גרונט אַזוי צו מיינען, און אָט פאַרוואָס. די צווייטע קאַטעגאָריע פון דער קאַטאָרגע, אין וועלכער איך האָב מיך געפונען, און וועלכע איז באַשטאַנען פון די אַרעסטאַנטן פון דער פעסטונג, אונטער דער מיליטערי-שער נאַטשאַלסטווע, איז געווען אומפאַרגלייכלעך שווערער פון די איבעריקע צוויי קאַטעגאָריעס, דאָס הייסט פון דער דריטער

(פון זאַוואָד) און פון דער ערשטער (אין די שאַכטעס). און שווערער איז געווען נישט בלויז פאַר די דוואָריאַנעס, נאָר אויך פאַר אַלע אַרעסטאַנטן, נעמלעך דערפאַר, וואָס די נאַטשאַלסטווע און די איינאָרדנונג פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע איז געווען דורכאויס אַ מיליטערישע, זייער ענלעך צו די אַרעסטאַנטישע ראָטעס אין רוסלאַנד. די מיליטערישע נאַטשאַלסטווע איז שטרענ־גער, די אָרדענונגען שווערער, תּמיד אין קייטן, תּמיד אונטער אַ וואַך, תּמיד אונטערן שלאָס. אין די ערשטע צוויי קאַטעגאָריעס דערגייט עס נישט צו אַזאַ מדרגה. אַזוי, לפּחות, האָבן געזאָגט אַלע אונדזערע אַרעסטאַנטן און צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען געווען שטאַרק באַהאַוונט אין דעם דאָזיקן ענין. זיי וואָלטן אַלע מיט פרייד געגאַנגען אין דער ערשטער קאַטעגאָריע, וועלכע האָט זיך גערעכנט, לויטן געזעץ, פאַר דער שווערסטער און האָבן אַפילו אַ סך מאָל געחלומט וועגן דעם. אָבער וועגן די אַרעסטאַנטישע ראָטעס אין רוסלאַנד האָבן אַלע אונדזעריקע, וועלכע זענען דאָרט געווען, גערעדט ממש מיט שרעק און האָבן פאַרזיכערט, אַז אין גאַנץ רוסלאַנד איז נישטאָ קיין ערגער אָרט, ווי די אַרעסטאַנטישע ראָטעס אין די פעסטונגען, און אַז אין סיביר איז אַ גן־עדן אין פאַרגלייך מיט דעם דאָרטיקן לעבן. אַלזוי, אויב בײַ אַזאַ שטרענגן תּפיסה־לעבן, ווי בײַ אונדז, בײַ אַ מיליטערישער נאַטשאַלסטווע, אויף די אויגן פונם גענעראַל־גובערנאַטאָר אַליין און, צולעצט, צוליב אַזעלכע פאַלן (וואָס פלעגן טיילמאָל טרעפן), וואָס אייניקע זייטיקע, נאָר האַלב־אָפיציעלע מענטשן, זענען מוכן ומזומן, פון פאַרביסנקייט אָדער אייפערזוכט צו דער דינסט, צו מסרן אין דער שטיל, ווו מען באַדאַרף, אַז די פאַרברעכער פון אַזאַ און אַזאַ קאַטעגאָריע ווערן געבאַכט פאַרלייכטערונגען דורך געוויסע בייזוויליקע קאָמאַנדירן, — אויב אין אַזאַ אָרט, זאָג איך, האָט מען געקוקט אויף די פאַר־

ברעכער־דוואָריאַנעס אַ ביסל מיט אַנדערע אויגן, ווי אויף די איבעריקע קאַטאָרזשניקעס, האָט מען דאָך אַודאי און אַודאי געקוקט אויף זיי אַ סך פרייער אין דער ערשטער און דער דריטער קאַטעגאָריע. אַלזוי, לויט דעם אָרט, ווו איך בין געווען, וואָלט איך געקענט, מיין איך, משפטן אין דעם פרט אויך וועגן גאַנץ סיביר. אַלע קלאַנגען און מעשיות, וואָס זענען דערגאַנגען צו מיר אויף דעם דאָזיקן חשבון דורך די פאַרשיקטע פון דער ערשטער און דריטער קאַטעגאָריע, האָבן באַשטעטיקט מיינע אויספירונגען. אין טורמע האָט די נאַטשאַלסטווע אינדעראמהן געקוקט אויפמערקזאמער און פּאָרזיכטיקער אויף אונדז, דוואָריאַנעס. קיין שום פאַרלייכטערונגען אין באַצוג צו דער אַרבעט און צו דעם תפיסה־לעבן האָבן מיר נישט באַקומען. די זעלבע אַרבעט, די זעלבע קייטן, די זעלבע שלעסער, מיט איין וואָרט, אַלץ דאָס זעלבע, וואָס בײַ אַלע אַרעסטאַנטן. אַגב האָט מען גאָר אויך נישט געקענט פאַרלייכטערן. איך ווייס, אַז אין דער דאָזיקער שטאָט זענען אין אָט דער נישט לאַנגסטער לאַנג־פאַרגאַנגענער צייט געווען אַזוי פיל מוסרים, אַזוי פיל אינטריגעס, אַזוי פיל פאַרשוינען, וואָס האָבן אונטערגעשטעלט איינאַנדער אַ פוס, אַז די נאַטשאַלסטווע האָט, נאַטירלעך, מורא געהאַט פאַר אַ מסירה. און וואָס האָט נאָך אין יענער צייט געקענט זיין שרעקלעכער פון דעם, ווי אַ מסירה, אַ שטייגער, אַז די פאַרברעכער פון אַ געוויסער קאַטעגאָריע ווערן געמאַכט פאַרלייכטערונגען! יעדער האָט, אַלזוי, מורא געהאַט, און מיר האָבן געלעבט צוגלייך מיט אַלע קאַטאָרזשניקעס, אָבער בנוגע לייבשטראָף איז דאָ געווען אַ שטיקל אויסנאַם. אמת, מען וואָלט אונדז גאַנץ פיין אַריינגעקאַטעוועט, ווען מיר וואָלטן עס פאַרדינט, דאָס הייסט, ווען מיר וואָלטן זיך אין עפּעס פאַרשולדיקט. פאַר דער לייב־שטראָף איז עס דאָך געווען אַ חוב פון דינסט און פון גלייכהייט.

נאָר סתם אַזוי, לייכטזיניק וואָלט מען אונדז פונדעסטוועגן נישט געשמיסן; און מיט די פּשוטע אַרעסטאַנטן האָט, פאַרשטייט זיך, אַזאַ מין לייכטזיניקע באַציִונג געטראָפן, באַזונדערס בײַ די קלע־נערע קאָמאַנדירן און בעלנים צו באַלעבאַטעווען און אָנצולערנען בײַ יעדן ענלעכן פאַל. מיר האָבן געוווסט, אַז דער קאָמענדאַנט, געוויר־ווערנדיק וועגן דער געשיכטע מיטן אַלטן זש־קין, איז געווען שטאַרק צעקאָכט אויפן מאַיאָר און האָט אים געגעבן גוט צו פילן, אַז ווייטער זאָל ער באַוויליקן צו האַלטן די הענט בײַ זיך. אַזוי האָבן מיר אַלע דערציילט. מען האָט אויך בײַ אונדז געוווסט, אַז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר אַליין, וואָס האָט געהאַט צוטרוי צו אונדזער מאַיאָר און טיילווייז אים ליב געהאַט, אַלס אויספירער און אַלס מענטש מיט געוויסע פעיקייטן, געוויר־ווערנדיק וועגן דער דאָזיקער געשיכטע, האָט עס אים אויך פאָרגעהאַלטן. און אונדזער מאַיאָר האָט דאָס גענומען אין אַכט. נו, ווי האָט ער עס, אַ שטייגער, געוואָלט זיך דערקריגן צו מ–ן, וועלכן ער האָט פיינט געהאַט צוליב אַ–ווס מסירות, אָבער ער האָט אים בשום אופן נישט געקענט אַריינצימבלען, הגם ער האָט אַלץ געזוכט עפּעס אַן אויסרייד, האָט אים פאַרפאָלגט און זיך געטשעפּעט צו אים. די גאַנצע שטאָט איז געוווּר געוואָרן פון זש–קיס געשיכטע, און די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען געגן מאַיאָר. אַ סך האָבן אים פאָרגעהאַלטן, אַ טייל אַפילו מיט אומאַנגענעמלעכקייטן. איך דערמאַן מיך איצט אויך אין מיין ערשטער באַגעגעניש מיטן פּלאַץ־מאַיאָר. מען האָט אונדז, דאָס הייסט מיך און אַ צווייטן פאַרשיקטן פון די דוואָריאַנעס, מיט וועלכן איך בין צוזאַמען געקומען אויף קאַטאָרגע, אָנגעשראָקן נאָך אין טאָבאָלסק מיט די מעשׂיות וועגן דעם שלעכטן כאַראַק־טער פון אָט דעם מענטשן. דאָרט זענען דעמאָלט געווען אַלטע פאַרשיקטע פון די דוואָריאַנעס מיט פינף און צוואַנציק־יעריקע

טערמינען, זיי האָבן אונדז באַגעגנט מיט גרויס סימפּאַטיע און האָבן מיט אונדז געהאַט באַציונגען די גאַנצע צייט, וואָס מיר זענען געזעסן אין עטאַפּן-הויף; האָבן זיי אונדז טאַקע געוואָרנט מכּוח אונדזער קינפטיקן קאָמאַנדיר און האָבן צוגעזאָגט צו טון אַלץ, וואָס זיי וועלן נאָר קענען, דורך באַקאַנטע מענטשן, כּדי אונדז צו באַשיצן פון זיינע פאַרפאָלגונגען. און ווירקלעך, די דריי טעכטער פון גענעראַל-גובערנאַטאָר, וועלכע זענען געקומען צופאָרן פון רוסלאַנד און זענען דאַמאָלס געווען צוגאַסט באַם פאָטער, האָבן דערהאַלטן בריוו פון זיי, און, האָבן שיינט מיר, איבערגעשמועסט מיטן פאָטער לטובת אונדז. וואָס אָבער האָט ער געקענט טון? ער האָט נאָר געזאָגט דעם מאַיאָר, אַז ער זאָל זיין אַ ביסל געוויסנהאַפטער. אַרום דריי נאָך מיטאָג זענען מיר, דאָס הייסט, איך און מיין חבר, געקומען אין דער דאָזיקער שטאָט און די וואַכסאָלדאַטן האָבן אונז גלייך אַוועקגעפירט צו אונדזער מושל. מיר זענען געשטאַנען אין דעם פאָדערצימער, ווו מיר האָבן אים אָפּגעוואַרט. דערווייל האָט מען שוין געשיקט נאָכן אונטער-אָפיציר פון טורמע. באַלד ווי ער איז געקומען, איז אויך אַרויס דער מאַיאָר. זיין רויטפלאַמיק, ביין און פרישטשעוואַטע פנים, האָט געמאַכט אויף אונדז זייער אַ פיינלעכן איינדרוק: פונקט ווי אַ בייזער שפין וואָלט אַרויסגעלאָפן צו דער אָרעמער פליג, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זיין שפינוועבס.

— ווי רופט מען דיך? — האָט ער געפרעגט מיין חבר. ער האָט האַסטיק, שאַרף און אָפּגעהאַקט גערעדט, און האָט, אַפנים, געוואָלט מאַכן אויף אונדז אַן איינדרוק.

— אַזעלכער און אַזעלכער.

— און דו? — האָט ער זיך אָנגערופן צו מיר, און אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע ברילן.

— אַזעלכער און אַזעלכער.

— אונטער-אָפיציר! אַריינפירן זיי באַלד אין טורמע אַריין, אַ האַלבן קאָפּ זיי תיכּף ומיד אָפּגאָלן אין דער קאָרדעגאַרדיע, די קייטן אָבער איבערשמידן מאָרגן. און וואָס פאַר אַ שינעלן זענען דאָס? ווו באַקומען? — האָט ער פּלוצלינג אַ פרעג געטון, אָנשטעלנדיק די אויגן אויף די גרויע קאַפּאָטעס מיט די געלע לאַטעס אויפן רוקן, וואָס זענען אונדז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין טאָבאָלסק. — דאָס איז אַ נייע פאָרמע! אַודאי עפּעס אַ נייע פאָרמע... פּראָיעקטירט נאָך... פון פּעטערבורג... — האָט ער געזאָגט, דרייענדיק דאָ מיך, דאָ מיין חבר. — און זיי האָבן גאָרנישט בײַ זיך? — האָט ער פּלוצלינג אַ פרעג געטון דעם זשאַנדאַרם, וואָס האָט אונדז געפירט.

— זיי האָבן אייגענע מלבושים, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, — האָט געענטפערט דער זשאַנדאַרם, און האָט זיך עפּעס אויגנבליקלעך אויסגעצויגן, אַפילו מיט אַ קליינעם ציטער. אַלע האָבן אים געקענט, אַלע האָבן געהערט וועגן אים און אַלע האָבן פאַר אים מורא געהאַט.

— אַלץ צונעמען, אַוועקגעבן זיי בלויז דאָס וועש, דאָס ווייסע וועש, און דאָס קאָלירטע צונעמען, אויב עס איז דאָ. און ווייטער דאָס איבעריקע אַלץ פאַרקויפן אויף דער ליציטאַציע. דאָס געלט פאַרשרייבן אין הכנסה-בוך. אַן אַרעסטאַנט האָט נישט קיין אייגנטום, — האָט ער ווייטער געזאָגט און האָט אונדז שטרענג אָנגעקוקט. — זעט אָבער זיך גוט אויפצופירן! איך זאָל גאָרנישט הערן! ווען נישט... איז ליי-ב-שטראָ-ף! פאַרן קלענסטן חטא — ר-ר-ריטער!..

דעם גאַנצן אָוונט בין איך, מחמת נישט געוווינהייט, געווען כמעט קראַנק פון דעם דאָזיקן אויפנעמען. דער איינדרוק האָט זיך נאָך, איבעריקנס, פאַרשטאַרקט דערמיט, וואָס איך האָב

דערזען אין טורמע; נאָר ווענן מיין טורמע־התחלה האָב איך שוין דערציילט.

איך האָב ערשט דערמאנט, אַז אונדז האָט מען נישט געמאַכט קיין שום הנחה, קיין שום פאַרלייכטערונגען אין דער אַרבעט אין פאַרגלייך מיט די איבעריקע אַרעסטאַנטן. נאָר איינמאָל האָט מען עס יאָ געפּרוּווט צו מאַכן; איך און ב—קי זענען גאַנצע דריי חדשים צייט געגאַנגען אין דער אינזשיניערן־קאַנצעליאַריע אַלס שרייבער. אָבער דאָס האָט מען געמאַכט אין דער שטיל, און געמאַכט האָט דאָס די אינזשיניערן־נאַטשאַלסטווע. דאָס הייסט די אַלע איבעריקע טאַקע, וואָס זיי איז עס אָנגעגאַנגען, האָבן געוווּסט, האָבן נאָר געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז זיי ווייסן נישט. דאָס איז נאָך געווען בײַ ג—ון, דעם קאָמאַנדיר פון דער קאָמאַנדע. דער פּאָד־פּאָלקאָווניק ג—קאָוו איז אַראָפּגעפאַלן צו אונדז ווי פון הימל אַראָפּ, נישט לאַנג איז ער בײַ אונדז געווען, — אויב איך בין מיך נישט טועה, נישט מער ווי אַ האַלב יאָר, און אַפילו נאָך ווייניקער, — און איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, מאַכנדיק אַן אומגעווייגלעכן איינדרוק אויף אַלע אַרעסטאַנטן. די אַרעסטאַנטן האָבן אים נישט בלויז ליב געהאַט, זיי האָבן אים פּשוט פאַרגעטערט, אויב מען קען דאָ נאָר געברויכן דאָס דאָזיקע וואָרט. ווי אַזוי ער האָט עס געמאַכט, ווייס איך נישט, אָבער ער האָט באַזיגט זייערע הערצער באַלד צום ערשטן מאָל. „אַ טאַטע, טאַטע! מען דאַרף גאָר קיין טאַטן נישט!“ האָבן ווײַלעווייז גערעדט די אַרעסטאַנטן פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט אָנגעפירט מיט דער אינזשיניערן־אָפּטיילונג. ער איז געווען, שיינט מיר, אַ געוואַלדיקער לעבּ־יונג. נישט קיין הויכער, מיט אַ חוצפּהדיקן זעלבסטפאַרטרויטן בליק. נישט געקוקט דערויף אָבער איז ער געווען זייער פריינטלעך מיט די אַרעסטאַנטן, וואָס איז כמעט

דערגאַנגען ביז צערטלעכקייט, און ער האָט זיי באמת ליב געהאַט, ווי אַ פאָטער. פּראָוואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט די אַרעסטאַנטן — קען איך נישט זאָגן, אָבער ער האָט נישט גע־קאָנט זען אַן אַרעסטאַנט, ער זאָל אים, אַ שטייגער, נישט זאָגן אַ גוט וואָרט, אַ פריילעך וואָרט, ער זאָל זיך נישט פריילעך מאַכן מיט אים, נישט אַ שפּאַס טון מיט אים, און דערעיקרשט — דערין איז קיין זכר נישט געווען פון עפּעס אַזעלכעס, וואָס געהער זיך אָן מיט אַ נאַטשאַלניק, כאָטש עטוואָס אַזוינס, וואָס זאָל באַצייכענען די נישט גלייכע אָדער די כאַראַקטעריסטישע צערטלעכקייט פון אַ נאַטשאַלניק. דאָס איז געווען אַן אייגענער חבר, אַן אייגענער מענטש אויף דעם העכסטן גראַד. אָבער נישט געקוקט אויף זיין גאַנצן אינסטינקטיוון דעמאָקראַטיזם, האָבן די אַרעסטאַנטן דאָך קיינמאָל נישט עובר געווען אין דער העפלעכ־קייט אָדער פאַמיליאַרישקייט בנוגע צו אים. אדרבה, אַן אַרעס־טאַנט האָט גאָר אויפגעלעבט, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיטן קאָמאַנדיר, און, אַראָפּנעמענדיק דאָס היטל, האָט ער שוין גע־קוקט שמייכלענדיק, ווען יענער איז צוגעגאַנגען צו אים. און אויב יענער האָט עפּעס אַ זאָג געטון, איז פּונקט ווי ער וואָלט אים געשענקט די גרעסטע מתנה. אַזוינע פּאָפּולערע מענטשן זענען דאָך פאַראַן. אויסגעזען האָט ער מעשה כוואַט, געגאַנגען גלייך, בראַוו. „אַן אָדלער!“ פלעגן די אַרעסטאַנטן זאָגן אויף אים. פאַרלייכטערן זייער לאַגע האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט; ער איז בלויז געווען פאַרוואַלטער איבער די אינזשיניערן־אַרבעטן, וואָס זענען, ווי בײַ אַלע אַנדערע קאָמאַנ־דירן, געפירט געוואָרן אין זייער שטענדיקער, שוין איינמאָל איינגעשטעלטער געזעצלעכער אָרדנונג. סיידן אַמאָל, ווען ער האָט צופעליק באַגעגנט אַ פּאַרטיע אויף דער אַרבעט און האָט אײ..עזען, אַז די אַרבעט איז געענדיקט, פלעגט ער די

פֿאַרטיע נישט אויפֿהאַלטן לענגער און פֿלעגט זי אָפּלאָזן נאָך פֿאַרן קלאַפּן פֿון דער פּויק. אָבער עס האָט שטאַרק אויסגענומען זיין צוטרוי צום אַרעסטאַנט, דאָס, וואָס ער איז בטבע נישט קליינלעך און נישט אויפֿגערעגט, וואָס עס פֿעלט אים בכּלל דער באַליידיקונגס-נוסח פֿון אַ נאַטשאַלניק. ווען ער זאָל, אַ שטייגער, פֿאַרלירן טויזנט רובל — און דער ערשטער גנבֿ פֿון די אונדזעריקע וואָלט זיי געפֿינען, וואָלט ער; דער גנבֿ, מיין איך, געבּרענגט זיי אים צוטראָגן. יאָ, איך בּין איבּערצייגט, אַז אַזוי וואָלט עס געווען. מיט וואָס מער אַ טיפֿער פֿאַראינטערעסירונג זענען די אַרעסטאַנטן געוואָיר געוואָרן, אַז זייער אָדלער-קאָמאַנדיר האָט זיך צעקריקט אויף טויט מיט אונדזער פֿאַרהאַסטן מאַיאָר. דאָס איז טאַקע געשען בּאַלד אין דעם ערשטן חודש נאָך זיין אָנקומען. אונדזער מאַיאָר האָט אַמאָל צוזאַמען מיט אים געדינט. זיי האָבּן זיך בּאַגעגנט נאָך אַ לאַנגן צעשיידן זיך, ווי פֿריינט, און האָבּן אַפֿילו צוזאַמען אַ לעבּ געטון. פּלוצלינג אָבּער האָט די פֿריינטשאַפֿט געפּלאַצט. זיי האָבּן זיך בּעקריגט, און ג—ט איז אים געוואָרן אַ שונא אין לעבּן. מען האָט אַפֿילו געשמועסט, אַז בּיי דער געלעגנהייט האָבּן זיי איינאַנדער גוט אָנגעבּראָכן די בּיינער, אַ זאַך, וואָס האָט געקענט פּאַסירן מיט אונדזער מאַיאָר: ער האָט זיך אָפֿט געשלאָגן. אַז די אַרעסטאַנטן האָבּן דאָס דערהערט, איז צו זייער פֿרייד גאָר קיין סוף נישט געווען. „דער אַכטאויגיקער וועט זיך מיט אַזעלכן איינלעבּן! יענער איז אַן אָדלער, און אונדזערער"... און דאָ איז געוויינטלעך צוגעגעבּן געוואָרן אַ וואָרט, וואָס לאָזט זיך נישט דרוקן. בּאַ אונדז האָט מען זיך שרעקלעך פֿאַראינטערעסירט דערמיט, ווער פֿון זיי האָט בּאַקומען אָנגעבּראָכן די בּיינער. אויבּ דער קלאַנג וועגן דעם, אַז זיי האָבּן זיך געשלאָגן, וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר נישט אמת, און עס קאָן זיין, אַז אַזוי איז עס טאַקע געווען,

וואָ״ט עס אונדזערע אַרעסטאַנטלעך מטמא שרעקלעך באַנג געטון. „ניין, דער קאָמאַנדיר האָט אים אַוודאי בעסער געגעבן,— האָבן זיי געזאָגט, — ער איז אַפילו אַ קליינינטשקער, אָבער אַ האַנט האָט ער אַ שטאַרקע, און יענער, זאָגט מען, איז גאָר אונטערן בעט אַרונטערגעקראָכן״. אָבער ג—קאָוו איז באַלד אַוועקגעפאָרן, און די אַרעסטאַנטן זענען אַריינגעפאַלן אין גרויס מרה-שחורה. אמת, די אינזשיניער-קאָמאַנדירן זענען בײַ אונדז געווען אַלע גוטע: אין מיין צייט האָבן זיי זיך געביטן בײַ אַ דריי אָדער פיר; „אָבער אַזאַ וועלן מיר שוין מער נישט האָבן, — האָבן די אַרעסטאַנטן געזאָגט, — אַן אָדלער איז ער געווען, אַן אָדלער און אַ באַשיצער״. אָט דער דאָזיקער ג—קאָוו האָט אונדז, דוואָריאַנעס, זייער ליב געהאַט און צולעצט האָט ער געהייסן מיר און ב—ן גיין אַמאָל אין דער קאַנצעליאַריע. נאָך זיין אָפּפאָרן אָבער האָט מען דאָס איינגעאָרדנט אויף אַ מער רעגלמעסיקן אופן. צווישן די אינזשיניערן זענען געווען מענטשן (באַזונדערס איינער), וואָס האָבן זייער סימפּאַטיזירט מיט אונדז. מיר זענען געגאַנגען, און איבערגעשריבן פּאַפּירן, און אַפילו אונדזער האַנטשריפט האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרפולקומען. פּלוצלינג אָבער איז פון דער העכערער נאַטשאַלסטווע אָנגעקומען אַ דרינגענדיקער באַפעל, מען זאָל אונדז צוריקשיקן אויף דער פריערדיקער אַרבעט: עמעצער האָט שוין באַוויזן צו מסרן! איבעריקנס, איז דאָס אויך גוט געווען: די קאַנצעליאַריע איז שוין אונדז ביידן נמאס געוואָרן. נאָכדעם בין איך אַ צוויי יאָר צייט כמעט צוזאַמען געגאַנגען מיט ב—ן צו איין אַרבעט, עפּטערס — אין וואַרשטאַט. מיר פלעגן עפטער שמועסן. מען האָט גערעדט פון אונדזערע האָפענונגען, איבערצייגונגען. אַ בראַווער מענטש געווען. ער האָט אָבער טיילמאָל געהאַט מאָדנע איבער-צייגונגען, אייגנאַרטיקע. בײַ אַ געוויסן סאָרט מענטשן, זייער

קלוגע מענטשן, האַלטן זיך עפּטער סאַמע פּאַראַדאָקסאַלע השגות. פאַר די דאָזיקע השגות איז ער אַזויפיל אויסגעליטן געוואָרן אין לעבן, זיי זענען דערגרייכט געוואָרן דורך אַזאַ הויכן פּרייז, אַז ס'איז זייער פּיינלעך, כמעט אוממעגלעך זיך אָפּצוזאָגן פון זיי. ב-קי האָט מיט גרויס ווייטיק אויפגענומען יעדע אָפּווענדונג און האָט געענטפערט מיט גאַל. ס'איז אפשר אויך מעגלעך, אַז אין אַ סך פּרטים איז ער געווען גערעכטער פון מיר — איך ווייס נישט. אָבער מיר האָבן זיך, סוף־כּל־סוף, צעשיידט, און דאָס האָט מיר פאַרשאַפט גרויסע יסורים, וואָרום מיר האָבן אַ סך דורכגעמאַכט צוזאַמען.

מיט דער צייט אָבער איז ב-קי געוואָרן עפּעס אומעטיקער און טריבער. די בענקשאַפט האָט אים איינגאַנצן דערשלאָגן. פריער, אין דער ערשטער צייט אין טורמע, איז ער געווען מער צוגעלאָזט, זיין נשמה האָט דאָך עפּטער און מער זיך אַרויסגעריסן אויסערלעך. שוין דאָס דריטע יאָר האָט ער גע־לעבט אויף קאַטאָרגע, בשעת איך בין געקומען. לכתחילה האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם אַלעם, וואָס האָט פּאַסירט אויף דער וועלט אין די דאָזיקע צוויי יאָר און וועגן וואָס ער האָט קיין שום אַנונג נישט געהאַט, זיצנדיק אין טורמע; ער האָט מיך אויסגעפרעגט, אויסגעהערט, זיך אויפגערעגט. צולעצט אָבער האָט זיך מיט דער צייט אין אים אַלץ עפּעס אָנגעהייבן צו קאָנצענטרירן אינעווייניק אין האַרץ. די קוילן האָבן זיך באַדעקט מיט אַש. די פאַרביטערונג איז געוואָקסן אין אים אַלץ מער און מער — „Je hais ces prigands“ — האָט ער פאַר מיר עפּטער איבערגעחזרט, קוקנדיק מיט שנאה אויף די קאַטאָרזשני־קעס, וועלכע איך האָב שוין נעענטער דערקענט, און קיין שום ראיות לטובת זיי האָבן אויף אים נישט געווירקט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך רעד. טיילמאָל, איבעריקנס, האָט

ער אַ צוזייטער צוגעשטימט. צומאָרגנס אָבער האָט ער ווידער איבערגעחזרט : „Je hais ces prigands“ אַגב : איך האָב מיט אים עפּטער גערעדט פראַנצויזיש, און דערפאַר איז דעם אינזשעניערן־זעלנער דראַנישניקאָוון סתם איינגעפאַלן צו רופן אונדז פ ע ל ד ש ע ר ס. ב–קי פלעגט נאָר באַגייסטערט ווערן, ווען ער פלעגט דערמאָנען זיין מוטער. „זי איז אַלט, זי איז קראַנק, – פלעגט ער מיר זאָגן. – זי האָט מיך ליבער פון אַלץ אין דער וועלט, און איך וויים דאָ נישט, צי לעבט זי אָדער נישט? פאַר איר קלעקט שוין דאָס, וואָס זי האָט געוווּסט, ווי אַזוי מען האָט מיך געטריבן דורכן פראָנט. . . ב–ק איז נישט געווען קיין דוואָריאַנין, און פאַרן פאַרשיקן איז ער באַשטראָפט געוואָרן מיט לייבשטראָף. דערמאָנענדיק וועגן דעם, האָט ער צוזאַמענגעדריקט די ציין און זיך באַמיט צו קוקן אין דער זייט. אין דער לעצטער צייט האָט ער אַלץ עפּטער און עפּטער גענומען גיין אַליין. איינמאָל, אינדערפרי, אַ זייגער צוועלף, האָט מען אים אַרויסגעפאָדערט צום קאָמענדאַנט. דער קאָמענדאַנט איז אַרויסגעגאַנגען צו אים מיט אַ פריילעכן שמייכל.

– נו, ב–קי, וואָס האָסטו היינט אין חלום געזען? – האָט ער אים געפרעגט.

„איך האָב פּשוט אויפגעציטערט,– האָט ב–קי דערציילט, בשעת ער איז צוריקגעקומען – פּונקט ווי מען וואָלט מיר דאָס האַרץ אַדורכגעשטאָכן“.

– איך האָב געזען אין חלום, אַז איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיין מוטער, – האָט ער געענטפערט.

– נאָך בעסער, נאָך בעסער! – האָט דער קאָמענדאַנט אָפּגעוועגדט. – דו ביסט פריי! דיין מוטער האָט געבעטן. . . איר בקשה איז דערהערט געוואָרן. אָט איז איר בריוו, און אָט

איז אויך דער באַפעל וועגן דיר. דו וועסט באַלד אַרויסגיין פון טורמע.

ער האָט זיך אומגעקערט צו אונדז א בלאַסער, און האָט נאָך נישט געקאָנט קומען צו זיך פון דער בשורה. מיר האָבן אים באַגריסט. ער האָט אונדז געדריקט די הענט מיט זיינע ציטערדיקע, קאַלט-געוואָרענע הענט. אַ סך אַרעסטאַנטן האָבן אים אויך באַגריסט און זענען געווען צופרידן פון זיין גליק.

ער איז אַרויס אַלס קאָלאָניסט און איז טאַקע פאַרבליבן אין אונדזער שטאָט. מען האָט אים באַלד געגעבן אַ שטעלע. לכתחילה איז ער אָפט געקומען צו אונדז אין טורמע, און ווען ער האָט געקאָנט, האָט ער אונדז מיטגעטיילט פאַרשיידענע נייעס. דערעיקרשט האָבן אים זייער אינטערעסירט פּאָליטישע נייעס.

פון די איבעריקע פיר, דאָס הייסט, חוץ מ-ין, ט-ין, ב-ין און זש-ין, זענען געווען צוויי נאָך זייער יונגע מענטשן, פאַרשיקטע אויף קורצע טערמינען, ווייניק געבילדעטע, אָבער ערלעכע, פשוטע, אָפנהערציקע. דער דריטער, אַ-טשוקאָווסקי, איז שוין געווען צופיל תם און קיין שום באַזונדערעס האָט ער נישט פאַרמאָגט אין זיך, אָבער דער פערטער, ב-ם, שוין אַן עלטערער מענטש, האָט אויף אונדז אַלעמען געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק. איך ווייס נישט, ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן אין דער קאַטעגאָריע פון אַזעלכע פאַרברעכער. ער אַליין האָט דאָס אָפּגעלייקנט. דאָס איז געווען אַ גראָבע, קליינבירגערלעכע נשמה, מיט געוויינהייטן און כללים פון אַ קרעמערל, וואָס איז רייך געוואָרן פון אויסגערעכנטן גראָשן. ער איז קיין שום בילדונג נישט באַזעסן און האָט זיך מיט גאָרנישט אינטערעסירט, אויסער מיט זיין פאַך. ער איז געווען אַ מאָלער, אַ מאָלער פון די געציילטע, אַ פּראַקטיקער מאָלער. באַלד איז נאַטשאַלסטווע געוואויר געוואָרן פון זיינע פעיקייטן און די

גאַנצע שטאָט האָט אָנגעהייבן צו פאָדערן, אַז ב—ם זאָל זיי אויסמאָלן די ווענט און די סופיטן. אין צוויי יאָר צייט האָט ער אויסגעמאָלט כמעט אַלע רעגירונגס־הייזער. די אייגנטימער פון די וווינונגען האָבן אים באַזונדער געצאָלט, און ער האָט זיך געלעבט גאָר נישט אָרעם. אָבער בעסער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס מען האָט אָנגעהייבן צו שיקן מיט אים אויף דער אַרבעט אויך אַנדערע חברים. פון די, וואָס זענען געגאַנגען מיט אים שטענדיק אויף דער אַרבעט, האָבן צוויי זיך אויסגעלערנט באַ אים דאָס פאַך און איינער פון זיי, ט-זשעווסקי, האָט אָנגעהייבן צו מאָלן נישט ערגער פאַר אים. אונדזער פלאַץ־מאַיאָר, וואָס האָט פאַרנומען אַ רעגירונגס־הויז, האָט אויך אַרויסגעפאָדערט ב—מען און האָט אים געהייסן אויסמאָלן אַלע ווענט און סופיטן. דאָ האָט זיך שוין ב—ם אַ ביסל צוגעסטאַרעט: באַם גענעראַל־גובערנאַטאָר איז נישט געווען אַזוי אויסגעמאָלט. ס'איז געווען אַ הילצערן הויז, אַן איינשטאָקיקס, אַלט און אָפגעלאָזט פון דרויסן. אינעווייניק אָבער איז דאָס געווען אויסגעמאָלט ווי אין אַ פאַלאַץ, און דער מאַיאָר איז געווען גאָר אַנטציקט. . . ער האָט געריבן די הענט און געזאָגט, אַז איצט וועט ער אומבאַדינגט חתונה האָבן: „באַ אַזאַ וווינונג מוז מען חתונה האָבן," האָט ער צוגעגעבן זייער ערנסט. ב—ם האָט באַ אים גאָר אויסגענומען, און צוליב אים אויך די אַנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אים צוזאַמען. די אַרבעט האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן חודש און דעם דאָזיקן חודש האָט דער מאַיאָר לגמרי געענדערט זיין מיינונג וועגן אונדזערע אַרעסטאַנטן און איז געוואָרן זייער באַשיצער. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איינמאָל האָט ער פלוצלינג אַרויסגעפאָדערט זש—קין פון טורמע.

— זש—קי, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב דיך באַ־

ליידיקט. איך האָב דיך אומזיסט געשמיסן, איך ווייס דאָס. איך האָב חרטה. דו פאַרשטייסט? איך, איך, איך – האָב חרטה!

זש–קי האָט געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט עס.

– צי פאַרשטייסטו דען, אַז איך, איך, דיין נאַטשאַלניק, האָב דיך אַרויסגערופן אַהער, כּדי צו בעטן מחילה בײַ דיר. פילסטו דאָס? ווער ביסט דו דען קעגן מיר? אַ וואָרעם! ווייניקער ווי אַ וואָרעם: אַן אַרעסטאַנט! און איך – מיט גאָטס חסד [1] אַ מאַיאָר! פאַרשטייסטו עס?

זש–קי האָט געענטפערט, אַז ער פאַרשטייט אויך דאָס.

– נו, מאַך איך איצט שלום מיט דיר. נאָר צי פילסטו עס, צי פילסטו עס טאַקע אינגאַנצן? צי ביסטו עס פעיק צו פאַרשטיין און צו פילן? שטעל זיך נאָר פאָר: איך, איך, דער מאַיאָר... און אַז. וו.

זש–קי האָט עס מיר אַליין איבערגעגעבן די דאָזיקע סצענע. מסתּמא איז דאָך געווען אין דעם דאָזיקן שיכּורן, נאַרישן און צעבושעוועטן מענטשן אויך אַ מענטשלעך געפיל. נעמענדיק אין אַכט זיינע השגות און זיין אַנטוויקלונג, האָט מען אַזאַ מין האַנדלונג געקאָנט רעכענען כּמעט פאַר אַ גרויס־מוטיקע האַנדלונג. איבעריקנס, האָט דאָס שיכּורע אויסזען אפשר אַ סך מיטגעהאָלפן דערצו.

זיין חלום איז נישט מקוים געוואָרן: ער האָט נישט חתונה געהאַט, הגם ער האָט עס שוין להלוטין געהאַט באַשלאָסן, ווען מען האָט פאַרענדיקט זיין וווינונג. אנשטאט דער חתונה איז ער גאָר אַריינגעפאַלן אין געריכט, און מען האָט אים געצוווּנגען זיך אָנצוגעבן אין דימיסיע. דאָ האָט מען

---

1) דער בוכשטעבלעכער אויסדרוק, וואָס איז, איבעריקנס, אין מיין צייט באַנוצט געוואָרן נישט בלויז דורך אונדזער מאַיאָר, נאָר אויך דורך אַ סך קלענערע קאָמאַנדירן, וואָס זענען הויפּטזעכלעך אַרויס פון די נידעריקערע ראַנגען.

שוין אויך צוגעטשעפּעט אַלע זיינע חטאים. פריער איז ער אין דער דאָזיקער שטאָט געווען גאָראָדניטשי... דער קלאַס האָט אים געטראָפן אומגעריכט. אין טורמע האָט מען זיך געוואַלדיק געפרייט מיט דער דאָזיקער בשורה. דאָס איז געווען אַ יום־טוב, אַ פייערונג! דער מאַיאָר, האָט מען געשמועסט, האָט זיך צערעוועט, ווי אַן אַלטע באָבע און זיך באַגאָסן מיט טרערן. אָבער העלפן האָט מען שוין נישט געקענט. ער האָט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע, די פערד האָט ער פאַרקויפט, דערנאָך דאָס גאַנצע גוט און איז אפילו אַריינגעפאַלן אין גרויס דחקות. מיר האָבן אים נאָכדעם באַגעגנט אין אַ ציווילן אָפּגעטראָגענעם ראָק, אין אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדעלע. ער האָט מיט גרויס גרימצאָרן אָנגעקוקט די אַרעסטאַנטן. אָבער זיין גאַנצער רייץ איז געפאַלן, וויבאַלד ער האָט נאָר אויסגעטון דעם מונדיר. אין מונדיר איז ער געווען אַ סטראַשידלע פאַר אַלעמען, און אָט אין ראָק אָבער איז ער פּלוצלונג געוואָרן אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט און האָט דערמאָנט אַ לאַקיי. מערקווירדיק, וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט אַ מונדיר באַ די דאָזיקע לייט.



IX

# דאָס אַנטלויפן.

באַלד נאָכדעם, ווי מען האָט געטוישט אונדזער פּלאַץ־מאַיאָר, זענען פאָרגעקומען גרינטלעכע ענדערונגען אין אונדזער טורמע. די קאַטאָרגע איז בטל געוואָרן און אנשטאט איר האָט מען געגרינדעט די אַרעסטאַנטישע־ראָטע, וואָס האָט אָנגעהערט צום מיליטערישן אַמט, אויפן גרונט פון די רוסישע אַרעסטאַנטישע ראָטעס. דאָס האָט געהייסן, אַז מער האָט מען שוין צו אונדז אין טורמע נישט געברענגט צו פירן קיין פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. פון איצט אָן איז די טורמע באַזעצט געוואָרן בלויז מיט די אַרעסטאַנטן פון מיליטערישן אַמט, דאָס הייסט מיט מענטשן, וואָס האָבן נישט פאַרלאָרן אַלע רעכט, טאַקע מיט סאָלדאַטן, ווי אַלע סאָלדאַטן, נאָר מיט באַשטראָפטע, וואָס זענען געקומען אויף קורצע טערמינען (ביז זעקס יאָר העכסטנס) און וואָס אַז זיי זענען אַרויס פון טורמע, זענען זיי ווידער אַריינגעטרעטן אין זייערע באַטאַליאָנען אַלס געוועגלעכע סאָלדאַטן, ווי זיי זענען געווען פריער. איבעריקנס, די, וואָס זענען געקומען און טורמע צוליב אַ צווייטן פאַרברעכן, זענען ווי פריער, באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ צוואַנציק־יעריקן טערמין. ביז אָט דער רעפאָרם האָבן מיר, איבעריקנס, געהאַט אַן אַרעסטאַנטישע

אָפּטיילונג, וואָס האָט אַנגעהערט צום מיליטערישן אַמט, נאָר זיי זענען געווען מיט אונדז דערפאַר, ווייל זיי האָבן קיין אַנדער אָרט נישט געהאַט. אַצינד אָבער האָט זיך די גאַנצע טורמע פאַרוואַנדלט אין דער דאָזיקער מיליטערישער קאַטעגאָריע. עס פאַרשטייט זיך אַליין, אַז די פריערדיקע קאַטאָרזשניקעס, די עכטע ציווילע קאַטאָרזשניקעס, וואָס האָבן פאַרלאָרן אַלע זייערע רעכט, די קעפּ, וואָס זענען געשטעמפּלט און געגאָלט געוואָרן לענגאויס, זענען פאַרבליבן אין טורמע ביז זיי וועלן ענדיקן זייער פולן טערמין; קיין נייע זענען נישט צוגעקומען און די איבערגעבליבענע זענען ביסלעכווייז איבערגעקומען דעם טערמין און זענען אַוועקגעגאַנגען, אַזוי, אַז אין אַ וואָסערע צען יאָר אַרום האָט אין אונדזער טורמע שוין נישט געקאָנט פאַרבלייבן קיין איין קאַטאָרזשניק. די באַזונדערע אָפּטיילונג איז אויך פאַרבליבן באַ אונדזער טורמע, און אין איר האָט מען נאָך אַלץ פון צייט צו צייט צוגעשטעלט די שווערע פאַרברעכער פונם מיליטערישן אַמט, ביז ס'איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין סיביר די שווערסטע קאַטאָרגע-אַרבעט. אויף אַזאַ אופן האָט זיך, אין תוך גענומען, דאָס לעבן פאַר אונדז געצויגן אַזוי ווי פריער: דאָס זעלבע תפיסה-לעבן, די זעלבע אַרבעט, און כמעט די זעלבע אָרדנונגען; די נאַטשאַלסטווע האָט זיך בלויז געענדערט און זיך מער קאָמפּליצירט. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ שטאַב-אָפיציר, אַ ראָטע-קאָמאַנדיר, און אַ חוץ דעם פיר אָבער-אָפיצירן, וואָס האָבן לויט דער ריי דעזשורירט אין טורמע. עס זענען אויך בטול געוואָרן די אינוואַלידן; אויף זייער אָרט זענען באַשטימט געוואָרן צוועלף אונטער-אָפיצירן און אַ קאַפּטענאַרמוס [1]. מען האָט איינגעפירט גרופּעס צו צען נפשות, מען האָט געמאַכט יעפרייטאָרס פון די אַרעסטאַנטן גופא בלויז לויטן נאָמען, און ס'פאַרשטייט זיך שוין

1) דער, וואָס גיט אַכטונג אויף דער זעלנערישער קליידונג און הצ״ע.

אַליין, אַז אַקים אַקימיטש איז טאַקע באַלד געוואָרן אַ יעפרייטאָר.
די דאָזיקע גאַנצע איינריכטונג און די גאַנצע טורמע מיט אירע
אַלע ראַנגען און אַרעסטאַנטן האָבן, ווי פריער, אָנגעהערט צו
דעם אַמט פון קאָמענדאַנט, אַלס העכערער נאַטשאַלניק. דאָס איז
די גאַנצע רעפאָרם. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך, נאַטירלעך, לכתחילה
שטאַרק אויפגערעגט, האָבן געשמועסט, זיך געפרוּווט פאָרויס-
זאָגן און צעלייגן אויף טעלערלעך די נייע נאַטשאַלניקעס; אָבער
אַז זיי האָבן איינגעזען, אַז אין פלוג איז אַלץ געבליבן, ווי
פריער, האָבן זיי זיך באַלד באַרויִקט און אונדזער לעבן האָט
זיך אַוועקגעצויגן אויפן אַלטן שטייגער. דער עיקר איז אָבער
דאָס, וואָס אַלע זענען פטור געוואָרן פונם פריערדיקן מאַיאָר
אַלע האָבן אַזוי ווי אָפגעצויגן פרייער דעם אָטעם און זענען
מונטערער געוואָרן. עס איז אַנטרונען געוואָרן דער איבערגע-
שראָקענער בליק, און יעדער האָט איצט געוווּסט, אַז אין פאַל
פון אַ נויט קען מען איבעררעדן מיטן נאַטשאַלניק, אַז, אַן אומ-
שולדיקן קען מען סיידן דורך אַ טעות באַשטראָפן אנשטאט אַ
שולדיקן. אַפילו דעם בראָנפן האָט מען בײַ אונדז ווייטער פאַר-
קויפט, פונקט ווי פריער און אויף די זעלבע יסודות, נישט געקוקט
דערויף, וואָס אויף דעם אָרט פון די פריערדיקע אינוואַלידן זענען
אָנגעקומען אונטער-אָפיצירן. די דאָזיקע אונטער-אָפיצירן האָבן
זיך על-פי-רוב אַרויסגעוויזן פאַר אַנשטענדיקע און באַדאַכטע
מענטשן, וואָס פאַרשטייען זייער לאַגע. מאַנכע פון זיי האָבן
אַפילו לכתחילה אַרויסגעוויזן צופיל קוראַזש, און האָבן, נאַטירלעך,
געוואָלט, צוליב זייער נישט געניטקייט, זיך באַגיין מיט די
אַרעסטאַנטן, ווי מיט זעלנער. אָבער אינגיכן האָבן זיי אויך
פאַרשטאַנען אין וואָס דאָ האַנדלט זיך. אַנדערע אָבער, וואָס
האָבן דאָס נישט אַזוי גיך פאַרשטאַנען, האָבן שוין די אַרעס-
טאַנטן אַליין זיי אויפגעקלערט דעם תּוך פון דער זאַך. עס זענען

אַפילו געווען גאַנץ שאַרפע צוזאַמענשטויסן: מען נעמט, אַ שטייגער, אַן אונטער־אָפיציר, מען שכורט אים אָן, און נאָכדעם דערקלערט מען אים, נאַטירלעך, אויפן היימישן שטייגער, אַז ער האָט גע־טרונקען צוזאַמען מיט זיי, און דעריבער... געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס די אונטער־אָפיצירן האָבן זיך גלייכגילטיק צוגע־קוקט, אָדער, בעסער, זיי האָבן זיך באַמיט נישט צו קוקן, ווי מען טראָגט אַדורך די פענכערס און מען פאַרקויפט דעם בראָנפן. ס'איז נאָך ווייניק: זיי זענען אויך געגאַנגען, ווי די פריערדיקע אינוואַלידן, אויפן באַזאַר, און האָבן געברענגט די אַרעסטאַנטן קוליטשן, רינד־פלייש און אַלע איבעריקע זאַכן, דאָס הייסט אַזעלכעס, צו וואָס זיי האָבן זיך געקאָנט נעמען אָן שום חרפה. צו וואָס מען האָט געמאַכט די רעפאָרם, צו וואָס מען האָט איינ־געפירט די אַרעסטאַנטישע ראָטע, — דאָס ווייס איך שוין נישט. דאָס איז שוין געשען אין די לעצטע יאָרן פון מיין קאַטאָרגע. אָבער נאָך אַ צוויי יאָר איז מיר באַשערט געווען צו לעבן אין די דאָזיקע נייע אָרדנונגען...

צי זאָל איך באַשרייבן אָט דאָס גאַנצע לעבן, די אַלע יאָרן מיינע אין טורמע? איך האָב דאָס נישט בדעה. אויב שרייבן כסדר, אַלץ דורכאַנאַנד, וואָס עס איז געשען און וואָס איך האָב געזען און וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די דאָזיקע יאָרן, וואָלט מען געקאָנט, נאַטירלעך, נאָך אָנשרייבן דריי מאָל, פיר מאָל מער קאַפּיטלעך, וויפל עס איז ביז אַהער אָנגעשריבן געוואָרן. אָבער אַזאַ באַשרייבונג וואָלט סוף־כּל־סוף גאַנץ אומגערן געוואָרן צו מאָנאָטאָן. אַלע פּאַסירונגען וואָלטן אַרויסגעקומען צו פיל איינטעניק, באַזונדערס, ווען דער לייענער האָט שוין באַוויזן, לויט די קאַפּיטלעך, וועלכע זענען שוין אָנגעשריבן געוואָרן, זיך צו שאַפן כאָטש עפּעס אַ גענוגלעכן באַגריף וועגן דעם קאַטאָרגע־לעבן פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. איך האָב געוואָלט פאָרשטעלן

די גאַנצע טורמע אונדזערע און אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די דאָזיקע יאָרן, אין איין אָנשווילעכן און קלאָרן בילד. צי האָב איך דערגרייכט דעם דאָזיקן ציל, ווייס איך נישט. נישט איך באַדאַרף, אַגב, משפטן וועגן דעם. אָבער איך בין זיכער, אַז דערויף קען מען שוין ענדיקן. דערצו, ווידער, באַפאַלט מיך אַליין טיילמאָל אַ בענקשאַפט באַ די דאָזיקע ערינערונגען. אַגב בין איך מסופק, צי איך קען זיך אַלץ דערמאָנען. די ווייטערדיקע יאָרן זענען אַזוי ווי אויסגעמעקט געוואָרן פון מיין זכרון. כיל אומשטענדן, און איך בין זיכער דערין, האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן. איך געדענק, למשל, ווי די אַלע דאָזיקע יאָרן, וואָס זענען אין פלוג אַזוי ענלעך צו איינאַנדער, זענען אַדורכגעפלאָסן פויל און פיינלעך־טרויעריק. איך געדענק, ווי די דאָזיקע לאַנגע און לאַנגווייליקע טעג זענען געווען אַזוי איינטעניק, פונקט ווי דאָס וואַסער, וואָס קאַפּעט פון דאַך נאָך אַ רעגן. איך געדענק, ווי בלויז דער איינציקערליידנשאַפטלעכער פאַרלאַנג פון אויפלעבונג, פון באַנייונג, פון אַ נייַ לעבן האָט מיר געגעבן כוחות צו וואַרטן און צו האָפן. און איך האָב מיך, סוף־כל־סוף, געשטאַרקט: איך האָב געוואַרט, איך האָב אַראָפּגערעכנט יעדן טאָג, און נישט געקוקט דערויף, וואָס עס זענען נאָך פאַרבליבן טויזנט טעג, האָב איך דאָך מיט פאַרגעניגן אַראָפּגערעכנט דעם איין טאָג, אים באַגלייט און באַגראָבן, און אַז דער צווייטער טאָג איז אָנגעקומען, בין איך געווען צופרידן, וואָס עס בלייבט שוין איבער נישט טויזנט טעג, נאָר ניין הונדערט ניין און ניינציק. איך געדענק, אַז פאַר אָט דער גאַנצער צייט האָב איך מיך געפונען אין אַ שרעקלעכער איינזאַמקייט, נישט געקוקט אויף די הונדערטער חברים. און די דאָזיקע איינזאַמקייט האָב איך סוף־כל־סוף ליב באַקומען. גייסטיק איינזאַם, האָב איך אַדורכגעבלעטערט מיין גאַנץ לעבן, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען, צעגלידערט אַלץ ביז דער

לעצטער קליינקייט, זיך ארייגעטראַכט אין מיין עבר און זיך אַליין געמשפּט האַרב און שטרענג, און אַפילו טיילמאָל געשענקט אַ ברכה מיין שיקזאַל דערפאַר, וואָס ער האָט מיר מהנה געווען מיט דער דאָזיקער איינזאַמקייט, וואָס אָן איר וואָלט נישט צושטאַנד געקומען נישט דער דאָזיקער משפט איבער זיך, נישט דער דאָזיקער שטרענגער חשבון הנפש פונם פריערדיקן לעבן. און מיט יוואָס פאַר אַ האָפנונגען עס האָט דאַמאָלס געגומען קלאַפּן מיין האַרץ! איך האָב געטראַכט, איך האָב באַשלאָסן, איך האָב מיר געשווירן, אַז עס וועלן שוין מער נישט זיין אין מיין קינפטיק לעבן—נישט יענע פעלערן, נישט יענע ירידות, וועלכע זענען געווען פריער. איך האָב מיר אָנגעצייכנט אַ פּראָגראַם פון דעם גאַנצן עתיד און באַשלאָסן זיך פעסט צו האַלטן אָן אים. אין מיר האָט אויפגעלעבט אַ בלינדער גלויבן, אַז איך וועל דאָס אַלץ דערפילן, און אַז איך קען דאָס דערפילן... איך האָב געוואַרט, איך האָב גערופן וואָס שנעלער די פרייהייט; איך האָב מיך געוואָלט פונדאָסניי אויספּרווון אין אַ נייעם קאַמף. צייטנווייז האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ פיבערלעכע אומגעדולט... אָבער ס׳איז פיינלעך-שווער איצט צו דערמאָנען די דאַמאָלסטיקע שטימונג פון מיין נשמה. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז נוגע נאָר מיר אַליין... אָבער איך האָב עס טאַקע דערפאַר פאַרצייכנט, ווייל מיר שיינט, אַז יעדער וועט עס פאַרשטיין, ווייל מיט יעדן איינציקן דאַרף אויך דאָס אייגענע געשען: אויב ער וועט אַריינפאַלן אין טורמע אויף אַ טערמין אין די רעכטע בליענדיקע יאָרן און כוחות.

נאָר צו וואָס וועגן דעם!.. אַמער וועל איך בעסער דערציילן נאָך עפּעס, כדי נישט אָפּצוהאַקן צו שאַרף דעם סוף.

ס׳איז מיר איינגעפאַלן, אַז עמעץ קען נאָך אפשר פרעגן: שוין זשע האָט מען גאָרנישט געקענט אַנטלויפן פון דער קאַטאָרגע און צי איז קיינער בא אונדז אין משך פון די אַלע יאָרן נישט

אַנטלאָפן? איך האָב שוין געשריבן, אַז אַן אַרעסטאַנט, וועלכער איז אָפּגעווען א צוויי-דריי יאָר אין טורמע, הייבט שוין אָן צו שאַנעווען די דאָזיקע יאָרן, און נישט ווילנדיק קומט ער צום אויספיר, אַז עס איז גלייכער דורכצולעבן די איבעריקע צייט אָן דאגות, אָן געפאַר, און נאָכדעם אַרויסגיין אויף אַ געזעצלעכן אופן אין דער קאָלאָניע. אָבער אויף אַזאַ חשבון קען איינגיין אַן אַרעסטאַנט, וואָס איז געקומען אויף נישט קיין לאַנגן טערמין. אַ לאַנגיעריקער וואָלט אפשר אַ בעלן געווען צו ריזיקירן... אָבער באַ אונדז האָט מען דאָס עפּעס נישט געטון. איך ווייס נישט, צי האָט מען אַזוי מורא געהאַט, צי די השגחה איז געווען אַ באַזונדערס שטרענגע, אַ מיליטערישע, צי די אומגעבונג פון אונדזער שטאָט איז אין אַ סך פּרטים נישט געווען גינסטיק (די אָפענע סטעפּעס אַרום) — עס איז שווער צו זאָגן. איך האַלט, אַז די אַלע סיבות האָבן געהאַט זייער השפּעה, און באמת, אַנטלויפן פון אונדז איז געווען שווערלעך. און פונדעסטוועגן האָט אויך פאַר מיר פּאַסירט אַזאַ פאַל. צוויי מענטשן האָבן ריזיקירט, און אַפילו פון די סאַמע וויכטיקסטע פאַרברעכער...

נאָכדעם ווי מען האָט געטוישט דעם מאַיאָר, איז אַ—וו (יענער, וואָס האָט שפּיאָנירט פאַר אים אין טורמע) פאַרבליבן גאָר איינגאַנצן אַליין, אָן פּראָטעקציע. ער איז נאָך געיווען גאָר אַ יונגער מענטש, אָבער זיין כאַראַקטער האָט זיך פאַרפעסטיקט און איז מיט דער צייט איינגעשטעלט געוואָרן. בכלל איז דאָס געווען אַ מענטש מיט חוצפה, אָן אַנטשלאָסענער און אַפילו זייער אַ פאַרשטענדיקער. ער וואָלט נאָך אפשר אויך ווייטער שפּיאָנירט און זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע געהיימע מיטלען, אויב מען וואָלט אים נאָר געגעבן די פרייהייט, אָבער איצט וואָלט ער שוין נישט אַריינגעפאַלן אַזוי נאַריש און אומבאַרעכנט ווי פריער, באַצאָלנדיק פאַר זיין נאַרישקייט מיט פאַרשיקן. ער האָט זיך טיילווייז

איינגעאיפט באַ אונדז אין דער מלאכה פון פאַלשע פעסער-
איבעריקנס, זאָג איך עס נישט אויף זיכער. אַזוי האָב איך גע-
הערט פון אונדזערע אַרעסטאַנטן. מען האָט געשמועסט, אַז ער
האָט געאַרבעט דערביי, ווען ער איז נאָך געגאַנגען צום פלאַץ-
מאַיאָר אין קיך, און האָט, נאַטירלעך, באַ דעם היבש פאַרדינט.
מיט איין וואָרט, ער האָט, שיינט מיר, יאָ געקאָנט ריזיקירן,
כדי צו טוישן זיין גורל. איך האָב גראדע געהאַט די געלעגנ-
הייט צו דערקענען עטוואָס זיין נשמה: זיין ציניזם איז דער-
גאַנגען ביז צו דער העכסטער חוצפה, ביז צו דעם קאַלטסטן
חוזק, און האָט אַרויסגערופן אומגערנדיקן עקל. מיר דאַכט
זיך, אַז ווען אים, אַשטייגער, וואָלט זיך זייער פאַרגלוסט
אויסצעטרינקען אַ גלעזל בראָנפן, נאָר אָט דאָס גלעזל בראָנפן
קען ער באַקומען נישט אַנדערש, סיידן ער וועט עמעצן שעכטן,
וואָלט ער אומבאַדינגט געשאָכטן, אויב מען וואָלט דאָס נאָר
געקאָנט מאַכן אינדערשטיל, אַז קיינער זאָל נישט געוויר ווערן.
אין טורמע האָט ער זיך אויסגעלערנט צו זיין באַדאַכט און
באַרעכנט. אָט אויף דעם דאָזיקן מענטשן האָט קוליקאָוו, דער
אַרעסטאַנט פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג, געוואָרפן אַן אויג.

וועגן קוליקאָוון האָב איך שוין גערעדט. ער איז געווען
אַ מענטש נישט קיין יונגער, נאָר אַ ליידנשאַפטלעכער, אַ לעבנס-
פעיקער, אַן אייזנפעסטער, מיט אויסערגעוויינלעכע און פאַר-
שיידנאַרטיקע פעיקייטן. אין אים איז געזעסן אַ כוח, און ער
האָט נאָך געוואָלט לעבן. אַזעלכע מענטשן זענען נאָך אַלץ
דורשטיק צום לעבן ביז דער טיפסטער זקנה, און אויב איך
וואָלט מיך אָנגעהייבן צו חדושן, פאַרוואָס מען אַנטלויפט נישט
באַ אונדז, וואָלט איך מיך, נאַטירלעך, צום ערשטן געחדושט
אויף קוליקאָוון. נאָר קוליקאָוו האָט זיך אַנטשלאָסן. ווער אויף
וועמען האָט דאָ געהאַט אַ גרעסערן השפעה: צי א–וו אויף

אויף קוליקאָוון אָדער קוליקאָוו אויף א–ווין? איך ווייס נישט, נאָר ביידע זענען זיך איינס דאָס אַנדערע אָנגעשטאַנען און זיי דעם ענין האָבן זיך ביידע זייער גוט געפּאַסט צו איינעם. ער זיי זענען געוואָרן פריינט צווישן זיך. מיר דאַכט זיך, אַז קוליקאָוו האָט בלויז אויסגערעכנט דערויף, אַז א–וו וועט צוגרייטן פּעסער. א–וו האָט געשטאַמט פון דוואָריאַנעס, איז געווען פון אַ גוטער געזעלשאַפט — דאָס האָט באַדאַרפט אַריינטראָגן אַ געוויסע פאַרשידנאַרטיקייט אין די קינפטיקע פּאַסירונגען, אַבי נאָר דער־קריגן זיך קיין רוסלאַנד. ווער ווייסט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך צונויפגערעדט און אויף וואָס זיי האָבן געהאָפט. זייערע האָפע־נונגען האָבן אָבער זיכער איבערגעשטיגן די געוויינלעכע מאָס פון די סיבירער בראָדיאַגעס. קוליקאָוו איז פון דער נאַטור געווען אַן אַקטיאָר, און האָט זיך געקאָנט אויסקלייבן פיל און פאַרשידנאַרטיקע ראָלן אין לעבן. ער האָט געקאָנט האָפן אויף אַ סך זאַכן, לפּחות, אויף פאַרשידנאַרטיקע פּאַסירונגען. אַזעלכע מענטשן האָט געדאַרפט אַרויסגעבן די טורמע. זיי האָבן זיך אָפּגערעדט צו אַנטלויפן.

אָבער אָן דעם וואַכסאָלדאַט איז געווען אוממעגלעך צו אַנטלויפן. מען האָט באַדאַרפט אָנריידן אויך דעם וואַכסאָלדאַט צוזאַמען מאַכן פּליטה. אין איינעם פון די באַטאַליאָנען, וואָס זענען געשטאַנען אין פעסטונג, האָט געדינט אַ פּאָליאַק, אַן ענערגישער מענטש, וואָס איז אפשר ווערט געווען עפּעס מער ווי צו זיין אַ זעלנער אין סיביר. ער איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש, אַ בריהשער און אַן ערנסטער. נאָך אין די יונגע יאָרן, באַלד ווי ער איז געקומען אויף דער דינסט אין סיביר, איז ער אַנטלאָפן, מחמת ער האָט שטאַרק געבענקט אַהיים. מען האָט אים אָבער געכאַפּט, באַשטראָפט און צוויי יאָר אָפּגעהאַלטן אין די אַרעסטאַנטישע ראָטעס. ווען מען האָט

אים ווי׳ער צוריקגעשיקט צו די זעלנער, האָט ער זיך באַדאַנקט און האָט אָנגעהייבן זייער פלייסיק, מיט גרויס ברען, צו דינען. פאַר זיין אויסצייכענען זיך האָט מען אים געמאכט פאַר אַ יעפרייטאָר. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַמביציע, וואָס טרויט זיינע אייגענע כוחות, און וואָס ווייס זיין ווערט. ער האָט טאַקע אַזוי געקוקט, אַזוי גערעדט, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען זיין ווערט. אין דער צייט האָב איך אים עטלעכע מאָל באַגעגנט צווישן אונדזערע וואַכטאָלדאַטן. אויך די פאָליאַקן האָבן מיר עטוואָס פאַרציילט וועגן אים. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די פריערדיקע בענקשאַפט זיינע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַר־באַהאַלטענער, שטילער, באַשטענדיקער פיינטשאַפט. דער דאָזיקער מענטש האָט זיך געקאָנט באַשליסן אויף אַלץ, און קוליקאָוו האָט זיך נישט טועה געווען, בשעת ער האָט אים אויסגעקליבן פאַר אַ חבר. געהייסן האָט ער קאָלער. זיי האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט און באַשטימט אַ טאָג. דאָס איז געווען אין יוני, אין די הייסע טעג. דער קלימאַט איז אין דער דאָזיקער שטאָט אַ גאַנץ מעסיקער. זומער איז דאָס וועטער אומפאַרענדערלעך הייס, און דאָס איז טאַקע געוווּנטשן פאַר אַ בראָדיאַגע. ס׳פאַר־שטייט זיך, אַז זיי האָבן בשום אופן זיך נישט געקאָנט לאָזן דירעקט פון אָרט, פון דער פעסטונג: די גאַנצע שטאָט שטייט אויף אַ באַרג, אָפן פון אַלע זייטן. אַרום און אַרום איז אויף אַ גאַנץ ווייטן שטח נישטאָ קיין וואַלד. מען האָט זיך באַדאַרפט איבערטון אין געוויינלעכע בירגערלעכע מלבושים, און צוליב דעם האָט מען זיך קודם באַדאַרפט אַדורכקריגן אין דער פאָר־שטאָט, וווּ קוליקאָוו האָט שוין פון לאַנג געהאַט צוגעגרייט אַ טונקל ווינקעלע. איך ווייס נישט, צי די גוטע פריינט פון דער פאָרשטאָט האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער זאַך. מען דאַרף רעכענען, אַז זיי האָבן זיך יאָ באַטייליקט, הגם דערנאָך,

ביים פּראָצעס, איז עס נישט אינגאַנצן קלאָר געוואָרן. אין דעם דאָזיקן יאָר האָט אין אַ ווינקל פון דער פאָרשטאָט נאָר וואָס אָנגעהייבן צו פירן אירע געשעפטן אַ יונג און זייער שיין מיידל, מיטן צונאָמען וואַנקאַ-טאַנקאַ, אויף וועלכער מען האָט געלייגט געוויסע האָפענונגען און וואָס האָט זיי טיילווייז שפּעטער טאַקע פאַרווירקלעכט. מען האָט זי אויך גערופן: פייער. זי האָט דאָ אויך, שיינט מיר, גענומען א געוויסן אָנטייל. שוין אַ יאָר צייט ווי קוליקאָוו איז רוינירט געוואָרן דורך איר. אונדזערע יונגע חברה-לייט זענען אַרויסגעגאַנגען אינדערפרי צו דער אַרבעטס-פאַרטיילונג און האָבן אַזוי געשיקט געמאַכט, אַז מען האָט זיי אַוועקגעשיקט מיטן אַרעסטאַנט שילקין, דעם אויוון-מאַכער און טינקער, אַרומצוטינקעווען די ליידיקע קאַזאַרמעס פון די באַטאַ-ליאָנען. פון וועלכע די זעלנער זענען שוין לאַנג אַוועק אין די לאַגערן אַריין. א–וו און קוליקאָוו זענען אַוועק מיט אים אַלס צוהעלפער. קאָלער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער וואַך, אָבער אַזוי ווי אויף דריי נפשות האָבן זיך געפאָדערט צוויי, וואַכ-סאָלדאַטן, האָט מען קאָלערן, אַלס עלטסטן זעלנער און יעפרייטאָר גערן איבערגעגעבן דעם יונגן רעקרוטל, ער זאָל אים שוין ווייזן און לערנען די פונקציעס פון דער וואַך. מסתמא האָבן דאָך אונדזערע פּליטהניקעס געהאַט גאָר אַ שטאַרקע השפּעה אויף קאָלערן, און ער האָט זיי דאָך אַודאי געטרויט, וויבאַלד אַז נאָך אַ לאַנגיעריקער און געלונגענער דינסט פאַר דער לעצטער צייט, האָט ער, אַ מענטש אַ קלוגער, אַ סאָלידער און באַדאַכטער, זיך באַשלאָסן מיטצוגיין מיט זיי.

זיי זענען געקומען אין די קאַזאַרמעס. עס איז געווען אַרום זעקס אַ זייגער אינדערפרי. חוץ זיי איז קיינער נישט געווען. אָפּגעאַרבעט באַ אַ שעה, האָט קוליקאָוו און אַ–וו. געזאָגט שילקינען, אַז זיי וועלן גיין אין וואַרשטאַט אַריין, מחמת,

ערשטנס ווילן זיי עמעצן דאָרט זען, און, צווייטנס, וועלן זיי זוכן פאַר איינוועגס אויך מיטנעמען עפּעס אַן אינסטרומענט, וואָס האָט זיי צוגעפּעלט צו דער אַרבעט. מיט שילקינען האָט מען באַדאַרפט פירן די זאַך כיטרע, דאָס הייסט, ווי מעגלעך נאַטיר־לעכער. ער האָט געשטאַמט פון מאָסקווע, אַן אויוון־מאַכער לויטן פאַך, אַ מענטש אַ שטאָטישער, פון מאָסקווע גופא, אַ כיטרער, אַ דורכגעטריבענער, אַ קלוגער, וואָס האָט פיינט געהאַט פיל צו רעדן. אויסערלעך איז ער געווען אַ קרענקלע־כער, אַ שוואַכער. ער וואָלט זיך געקאָנט זיין גאַנץ לעבן אַרומגיין אין אַ וועסטל מיט אַ כאַלאַט אויפן מאָסקווער שטייגער, אָבער דער שיקזאַל האָט עס געמאַכט אַנדערש, און נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט ער זיך אַנידערגעזעצט בײַ אונדז אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג אויף שטענדיק, דאָס הייסט, אין דער קאַטעגאָריע פון די סאַמע שרעקלעכסטע מיליטערישע פאַרברעכער. איך ווייס נישט, ווי אַזוי־אַרום האָט ער זיך גע־מאַכט אַזאַ קאַריערע. אָבער מען האָט קיינמאָל נישט באַמערקט, ער זאָל זיין באַזונדערס אומצופרידן מיט זיין לאַגע. ער האָט זיך אויפגעפירט רויק און שטיל. נאָר אַמאָל האָט ער זיך אָנגעשיכּורט, ווי אַ שוסטער, אָבער אויך אין אַזאַ פאַל האָט ער זיך גוט אויפגעפירט. אין זייער געהיימער אונטערנעמונג האָט ער זיך, נאַטירלעך, נישט באַטייליקט, אָבער שאַרפע אויגן האָט ער געהאַט. עס פאַרשטייט זיך אַליין, אַז קוליקאָוו האָט אים געמוזט אַ ווינק טון, אַז זיי גייען נאָך בראָנפן, וואָס מען האָט נאָך נעכטן פאַרבאַהאַלטן אין וואַרשטאַט. דאָס האָט שילקינען גערירט. האָט ער זיך צעשיידט מיט זיי אָן שום פאַרדאַכט און איז פאַרבליבן מיטן רעקרוטל, און קוליקאָוו, אַ–וו און קאָלער זענען אַוועק אין פאָרשטאָט.

אַ האַלבע שעה איז אַוועק. די חברהלייט האָבן זיך נישט

צוריקגעקערט, און פּלוצלינג האָט זיך שילקין געכאַפּט אַז איז אַריינגעפאַלן אין שווערע רעיונות. דער יונג איז אַדורכגעגאַנגען דורך פייער און וואַסער. ער האָט זיך אָנגעהייבן צו דערמאָנען: קאָליקאָוו איז געווען עפּעס באַזונדערס געשטימט, אַ-וו האָט עפּעס אַ פּאָר מאָל זיך אַדורכגעשעפּטשעט מיט אים, און קאָליקאָוו האָט אים אַודאי אַ פּאָר מאָל צוגעווונקען, ער האָט עפּ אַליין געזען. איצט געדענקט ער דאָס אַלץ. אין קאָלערן האָט מען אויך געקענט עפּעס באַמערקן: וואָרום בשעת ער איז אַוועק מיט זיי, האָט ער אָנגעהייבן דוקא צו לערנען דאָס רעקרוטל, ווי אַזוי ער דאַרף זיך פירן אין זיין אפּוועזנהייט, און דאָס איז געווען עפּעס נישט גאָר נאַטירלעך, לכל הפּחות, מצד קאָלערן. מיט איין וואָרט, וואָס מער שילקין האָט זיך דערמאָנט, אַלץ פאַרדעכטיקער איז עס אים אויסגעקומען. די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען, זיי האָבן זיך נישט צוריקגעקערט, און זיין אומרויקייט האָט שוין דערגרייכט די העכסטע מדרגה. ער האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, מיט וואָס ער האָט ריזיקירט אין דעם דאָזיקן עסק: אויף אים האָט דאָך געקאָנט פאַלן דער חשד פון נאַטשאַלסטווע. מען האָט געקאָנט אָננעמען, אַז ער האָט אָפּגעלאָזט זיינע חברים אומישנע לויט אַ געגנזייטיקער הסכמה, און ווען ער שלעפּט אָפּ, אַ שטייגער, מיטן מעלדן, אַז קאָליקאָוו און אַ-וו זענען אַנטרונען געוואָרן, וואָלט דער חשד נאָך גרעסער געוואָרן. פאַרלירן צייט האָט מען נישט געטאָרט. דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אין דער לעצטער צייט איז קאָליקאָוו מיט אַ-וון געווען עפּעס גאָר נאָנט צווישן זיך, זיי האָבן זיך עפּטער געסודעט, עפּטער געגאַנגען הינטער די קאַזאַרמעס, ווייז פון אַלמנגנס אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אויך דאַמאָלס האָט ער שוין עפּעס געהאַט אין די רעיונות וועגן זיי... ער האָט שאַרף אָנגעקוקט זיין וואַכזעלנער. יענער האָט געגענעצט, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן

עלנבויגן אויף דער ביקס, און אויפן סאַמע אומשולדיקסטן אופן זיך אויסגעריייניקט מיטן פינגער די נאָז, אַזוי, אַז שילקינען איז שוין גאָרנישט איינגעפאַלן צו ריידן דעריבער מיטן רעק-רוטל, און ער האָט אים בלויז פראָסט-פשוט געזאָגט, ער זאָל מיטגיין מיט אים אינם אינזשיניערן-וואַרשטאַט. אינם וואַרשטאַט האָט מען זיך באַדאַרפט פרעגן, צי זיי זענען געקומען דאָרט אַהין. עס האָט זיך אָבער גרויכגעוויזן, אַז דאָרט האָט זיי קיינער נישט געזען. שילקינס ספקות זענען אַזוי-אַרום צערונען געוואָרן: „ווען זיי זאָלן, אַ שטייגער, זיך פשוט אַוועקלאָזן אין פאָרשטאָט שיכורן אָדער אַ הוליע טון, וואָס ס'פלעגט טיילמאָל פאַסירן מיט קוליקאָוון, — האָט שילקין געטראַכט, — לייגט זיך דאָס עפּעס אויך נישט אויפן שכל. דאַמאָלס וואָלטן זיי דאָך אים געזאָגט, ווייל עס וואָלט דאָך פשוט נישט געלוינט צו פאַר-באָרגן פאַר אים אַזאַ קלייניקייט. שילקין האָט אַ וואָרף געטאָן די אַרבעט, און נישט אַריינגייענדיק אין קאַזאַרמע, איז ער גלייך אַוועק אין טורמע.

עס איז שוין געווען כמעט גיין אַ זייגער, ווען ער איז געקומען צום פעלדפעבעל און האָט אים דערקלערט דעם גאַנצן ענין. דער פעלדפעבעל האָט זיך דערשראָקן און האָט תחילת אַפילו נישט געוואָלט גלויבן. ווארום אויך שילקין האָט אים, נאַטירלעך, איבערגעגעבן די זאַך, ווי אַ השערה, אַ פאַרדאַכט. דער פעלדפעבעל האָט זיך גלייך אַוועקגעלאָזט צום מאַיאָר, דער מאַיאָר איז תיכף ומיד אַוועק צום קאָמענדאַנט. אין אַ פערטל שעה אַרום זענען שוין אָנגענומען געוואָרן אַלע נויטיקע מיטלען. מען האָט אַפילו געמאָלדן דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר. דאָס זענען געווען ערנסטע פאַרברעכער, און זיי האָבן געקענט באַקומען אַ שטאַרקן פאָרוואורף פון פעטערבורג. צי ס'איז ריכטיק, צי נישט, נאָר אַ-וו איז פאַררעכנט געוואָרן צו די פאָליטישע

פאַרברעכער; קוליקאָוו, ווידער, איז געווען פון דער „באַזונדערער אָפּטיילונג", דאָס הייסט אַ פאַרברעכער פון פאַרברעכער און נאָך אַ מיליטערישער אַלס צולאָג. ביז אַהער האָט נאָך נישט געשען דער פאַל, אַז עמעצער זאָל אַנטלויפן פון דער „באַזונדערער אָפּטיילונג". מען האָט זיך, אגב, אויך דערמאָנט, אַז לויטן געזעץ קומט אויס באַ דער אַרבעט אויף יעדן אַרעסטאַנט פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג" צו צוויי וואַכסאָלדאַטן, אָדער, לפּחות, איינער פאַר איינעם. דערדאָזיקער כּלל איז דאָ נישט אָפּגעהיט געוואָרן. אַזויאַרום האָט זיך באַקומען דערפון נישט קיין אַנגענעמע געשיכטע. עס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן ספּעציעלע שליחים אין אַלע דערפער, אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך, צו מעלדן וועגן די אַנטלאָפענע, און אומעטום איבערצולאָזן זייערע סימנים. מען האָט געשיקט קאָזאַקן זיי נאָכצויאָגן, צו כאַפּן; מען האָט אויך געשריבן אין די שכנישע פּאָוויאַטן און גובערניעס... מיט איין וואָרט, זיי האָבן זיך זייער איבערגעשראָקן.

דערווייל האָט זיך באַ אונדז אין טורמע אויפגעהייבן אַן אַנדער מין גערודער. געקומען פון דער אַרבעט, זענען די אַרעסטאַנטן באַלד טאַקע געוווּיר געוואָרן, וואָס עס איז געשען. די ידיעה איז שוין אַדורכגעלאָפן פון מויל צו מויל. אַלע האָבן אויפגענומען דאָס נייס מיט עפּעס אַן אומגעוויינלעכער פאַרבאָרגענער שמחה. באַ אַלעמען האָט עפּעס אַ ציטער געטון דאָס האַרץ... אַחוצדעם, וואָס דער דאָזיקער פאַל האָט געשטערט דאָס מאָנאָטאָנע לעבן פון טורמע און צעגראָבן דעם מוראשניק — האָט די פּליטה, און נאָך אַזאַ מין פּליטה, זיך עפּעס וואַרעם אָפּגערופן אין אַלע הערצער און האָט צעשאָקלט אין זיי די לאַנגפאַרגעסענע סטרונעס. עפּעס ענלעכס צו האָפענונג, דרייסטקייט און מעגלעכקייט איבערצוטוישן דעם גורל, האָט זיך אַ ריר געטון אין אַלע הערצער. „זענען דאָך טאַקע מענטשן אַנטלאָפן: פאַר-

וואָס־זשע זאָל?..„ און יעדערער איז בײַ דעם געדאַנק אויפגע־
מונטערט געוואָרן און מיט אַן אַרויסרופנדיקער תּנועה געקוקט
אויף די אַנדערע. זענען אַלע עפּעס פלוצלינג געוואָרן
אַזעלכע שטאָלצע און פון אויבן אַראָפּ גענומען קוקן אויף
די אונטער־אָפיצירן. ס'פאַרשטייט זיך, אַז אין טורמע איז
באַלד טאַקע אָנגעלאָפן די נאַטשאַלסטווע. עס איז אויך געקומען
צופאָרן דער קאָמענדאַנט אַליין. די אונדזעריקע האָבן זיך
געשטאַרקט און געקוקט דרייסט, אַפילו אַ ביסל מיט פאַראַכטונג
און מיט עפּעס אַ שווייגעדיקער, שטרענגער סאָלידקייט: „אַט,
אַ שטייגער, ווי מיר קענען באַאַרבעטן אַן עסק“. ס'פאַרשטייט
זיך, אַז מען האָט טאַקע באַלד פאַרגעזן אַן אַלגעמיינעם
באַזוך פון דער נאַטשאַלסטווע. מען האָט אויך פאַרגעזן, אַז
עס וועלן אומבאַדינגט זיין רעוויזיעס, און מען האָט פריער
אַלץ פאַרבאַהאַלטן. מען האָט געוווּסט, אַז די נאַטשאַלסטווע
איז אין אַזעלכע פאַלן שטענדיק זייער כּיטרע. אַזוי איז טאַקע
געשען. עס איז געווען אַ גרויסע בהלה: אַלץ האָבן זיי איבער־
גענישטערט, אַלץ איבערגעזוכט און, פאַרשטייט זיך, גאָר־
נישט געפונען. אויף דער נאָכמיטאָגדיקער אַרבעט האָט מען
אַוועקגעשיקט די אַרעסטאַנטן אונטער אַ פאַרשטאַרקטער וואַך.
אין אָוונט זענען די וואַכסאָלדאַטן ווײַלעוויז געקומען אין
טורמע געוואָיר ווערן. מען האָט איבערגעציילט די מענטשן אַן
איבעריקן מאָל, נישט לויטן מנהג. דערבײַ האָט מען זיך טועה
געווען אין חשבון אַ פּאָר מאָל, אויך נישט לויטן מנהג. פון
דעם איז ווידעראַמאָל אַרויסגעקומען אַ גאַנצע בהלה: האָט
מען אַלעמען אַרויסגעטריבן אויפן הויף און געציילט פונדאָסניי.
נאָכדעם האָט מען געציילט נאָכאַמאָל, לויט די קאַזאַרמעס...
מיט איין וואָרט, ס'איז געווען אַ סך אַרבעט און טומל.
אָבער די אַרעסטאַנטן האָבן זיך גאָרנישט געמאַכט

דערפון. אַלע האָבן אויסגעזען גאַנץ אומבאַצופֿרידן, און ווי דאָס פּאַסירט שטענדיק אין אַזעלכע פֿאַלן, האָבן זיי זיך זייער לייטיש געהאַלטן אין דעם דאָזיקן אָוונט: „וועלן נישט האָבן, הייסט עס, צו וואָס זיך צו טשעפּען". די נאַטשאַלסטווע, ווידער האָט געטראַכט: „צי זענען אין טורמע נישט פֿאַרבליבן מיט־העלפֿער פֿון די אַנטלאָפֿענע?" און מען האָט געהייסן גוט אַכטונג געבן און זיך צוהערן צו די אַרעסטאַנטן. אָבער די אַרעסטאַנטן האָבן בלויז געלאַכט. „דאָס איז עפּעס אַ זאַך, וואָס מען דאַרף איבערלאָזן מיטהעלפֿער נאָך זיך?" „אַזאַ עסק ווערט אָפּגעטון אין דער שטיל, און נישט אַנדערש". „און צו איז דען קוליקאָוו אַזאַ מענטש, צי איז דען אַ־וו אַזאַ מענטש, אַז זיי זאָלן פֿריער נישט פֿאַרטרייבן אַלע שפּורן? עס איז שוין איינמאָל פֿאַראַרבעט געוואָרן, אַז אַ האָן וועט נישט אַ קריי טון. דאָס זענען אַזוינע מענטשן, וואָס זענען אַדורכגעגאַנגען דורך פֿייער און דורך וואַסער און דורך אַ פֿאַרשלאָסענער טיר וועלן זיי אויך אַדורכגיין!" מיט איין וואָרט, קוליקאָוו און אַ־וו זענען אויסגעוואָקסן אין זייער רום; אַלע האָבן מיט זיי שטאָלצירט. מען האָט געפֿילט, אַז זייער העלדישקייט וועט דערגרייכן ביזן לעצטן דור פֿון די קאַטאָרזשניקעס און וועט די טורמע איבערלעבן.

— שוין איינמאָל אַ חברה! — האָבן אייניקע געזאָגט.

— אָט האָבן זיי געמיינט, אַז בײַ אונדז מאַכט מען נישט קיין ויברח. אָבער פֿאָרט אַ ויברח!.. — האָבן אַנדערע צוגעגעבן.

— אַנטלאָפֿן! — האָט זיך אָפּגערופֿן אַ דריטער און זיך אַרומגעקוקט ווי אַ מושל. — אָבער ווער האָט דאָ געמאַכט אַ ויברח. האַ!.. דו וואָלסט אויך געקאָנט באַווייזן אַזאַ קונץ?

אין אַ אַנדער צייט וואָלט דער אַרעסטאַנט, צו וועמען

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן, אומבאַדינגט זיך אָפּגערופֿן אויף זיי און וואָלט פֿאַרטיידיקט זיין כבוד. איצט אָבער האָט ער באַשיידן פֿאַרשוויגן די חוצפּה. „און טאַקע אַזוי, נישט אַלע זענען דאָך אַזעלכע, ווי קוליקאָוו און אַ–וו, דו ווייזט פֿריער אָקאָרשט אַרויס, ווער דו ביזט“.

– און טאַקע צו וואָס, ברידערלעך, לעבן מיר דאָ? – רייסט איבער דאָס שווייגן אַ פֿערטער, וואָס איז זיך רויק געזעסן באַם פֿענסטערל פֿון קיך. איצט האָט ער גערעדט אַ ביסל מיט אַ ניגונדל צוליב עפּעס אַן אָפּגעשוואַכטן, פֿאַרבאָרגענעם זעלבסט־צופֿרידענעם גײַפֿיל, אונטערהאַלטנדיק מיט דער האַנט די באַק. וואָס זענען מיר דאָ? עס איז דאָך נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן. ע–עך!

– דאָס איז נישט קיין שוך. דו וועסט עס פֿון פֿוס נישט אַראָפּוואַרפֿן. וואָס ע־ע־כעסטו?

און אָט טאַקע קוליקאָוו.. האָט זיך אַריינגעמישט איינער פֿון די הייסע הברה־לייט, נאָך גאָר אַ יונגער שנעק.

– קוליקאָוו! – כאַפּט באַלד אונטער אַ צווייטער, אַ קוק געבנדיק קרום, מיט פֿאַראַכטונג אויף דעם דאָזיקן שנעק, – קוליקאָוו!

דאָס הייסט אייגנטלעך: זענען דען פֿאַראַן אַ סך קוליקאָווס?

– נו, מען קען זיך, ברידערלעך, אויף אַ–וון אויך פֿאַר־לאָזן, נאָך ווי פֿאַרלאָזן!

– וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגלייך? דער וועט קוליקאָוון אין אַרבל פֿאַרשטעקן. דאָס איז שוין איינמאָל אַ בריה!

– נו, זענען זיי שוין טאַקע ווייט אַוועק, ברידערלעך, ס'וואָלט זיך געוואָלט וויסן...

און באַלד שפּעטער האָט מען זיך שטאַרק געשמועסט וועגן דעם, צי זענען זיי שוין ווייט אַוועק? און אין וואָסער זייט זענען זיי אַוועק? און יווהין וואָלט זיי גלייכער געווען צו גיין? און וואָסער דאָרף איז נענטער? עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס קענען די סביבה. האָט מען זיי אויסגעהערט מיט גרויס נייגיר. מען האָט געשמועסט וועגן די איינוווינער פון די שכנישע דערפער און מען האָט באַשלאָסן, אַז די דאָזיקע מענטשן זענען נישט קיין פּאַסיקע פאַר די פּליטהניקעס. נענטער צו אַ שטאָט איז דער עולם מער אויסגעריבן און שלעכט. מיט די אַרעסטאַנטן וועט מען זיך נישט צאַצקען; מען וועט זיי כאַפּן און אַרויסגעבן.

— דער היגער פּויער, ברידערלעך, איז אַ שלעכטער. אוי, אַ פּויער!

— נישט קיין זיכערער פּויער!

— אַ סיביריאַק איז געפערלעך, ברידער. צו זיי איז נישט אַריינצופאַלן, זיי וועלן דערהרגענען.

— נו, אָבער אונדזערע זענען...

— נו, געוויס, דאָ איז דער עיקר, ווער עס איז שטאַרקער. נו, אונדזערע זענען אויך נישט קיין פרייערס.

— און אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר הערן.

— און וואָס האָסטו געמיינט? מען וועט זיי פּאַקן!

— איך מיין, אַז מען וועט זיי קיינמאָל נישט פּאַקן! — כאַפּט אונטער אַ צווייטער פון די הייסע חברה-לייט און גיט אַ טראַסק מיט דער פּויסט איבערן טיש.

— הם. ס'וועגדט זיך, ווי עס וועט זיך איינגעבן.

— און איך, ברידערלעך, טראַכט מיר אַזוי, — כאַפּט אונטער סקוראַטאָוו, — ווען איך בין אַ בראָדיאַגע, וואָלט מען מיך קיינמאָל אין לעבן נישט געפּאַקט!

— דיך!

דער עולם צעלאַכט זיך, אַנדערע מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי ווילן עס אַפילו נישט הערן. אָבער סקוראַטאָוו האָט זיך שוין צעקאָכט.

— קיינמאָל אין לעבן וואָלטן זיי מיך נישט געפּאַקט! — כאַפּט ער אונטער מיט ענערגיע, — איך טראַכט עס מיר, ברי־דערלעך, עפּעס, און איך חדוש מיך אויף זיך אַליין, איך וואָלט דאַכט זיך דורך אַ שפּאַרע אַדורכגעקראָכן, אָבער זיי וואָלטן מיך נישט געפּאַקט.

— שרעק זיך נישט, אַז דו וועסט ווערן פרעסן, וועסטו קומען צום פויער נאָך ברויט.

אַן אַלגעמיין געלעכטער.

— נאָך ברויט! דו זאָגסט ליגן!

— אָבער וואָס האַקסטו עפּעס אַזוי מיטן צונג? דו האָסט דאָך מיטן פעטער וואַסיעס בלוט דערהרגעט דעם טויט 1), דער־פאַר ביזטו דאָך געקומען אַהער.

דאָס געלעכטער שטייגט אַלץ העכער. די ערנסטע קוקן זיך צו נאָך מיט גרעסערן גרימצאָרן.

— אַ ליגן זאָגסטו! — שרייט סקוראַטאָוו. — דאָס האָט מיקיטקע אָנגעהאַקט אַ טשייניק וועגן מיר, און גאָרנישט וועגן מיר, נאָר וועגן וואַסקען, האָט מען מיך שוין פאַר איינוועגס אויך צוגעטשעפּעט. אַ מאָסקיוער בין איך און פון קינדווייז אָן האָב איך שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַ בראָדיאַגע. דער דיאַק, אַז ער האָט מיט מיר געלערנט, האָט ער מיך געצויגן פאַרן אויער: זאָג נאָך „דערבאַרעם דיך, גאָט, איבער מיר, מיט דיין גרויסן חסד“ א. אַז. וו... און איך זאָג אים נאָך: „פיר מיך אין

1) דאָס הייסט, מען האָט דערהרגעט אַ פויער אָדער אַ פויערטע, און בעת מעשה געמיינט, אַז מען איז אַזויאַרום פטור געוואָרן פונם כשוף, פון וועלכן עס זענען אַוועקגעפאַלן די בהמות. בײַ אונדז איז געווען אַזאַ רוצח.

דער פּאָליציי אַריין מיט דיין חסד" א. אז. וו. אַזוי האָב איך מיך שוין נוהג געווען פון קינדווייז אָן.

אַלע האָבן זיך ווידער צעלאַכט. סקוראַטאָוון איז בלויז געגאַנגען דערין. ער האָט זיך תמיד געמוזט מאַכן צום נאַר. באַלד אָבער האָט מען אים אָפּגעלאָזט און מען האָט זיך ווידער־אַמאָל גענומען פאַר אַן ערנסטן שמועס. די אַלטע לייט און די געניטע, די מבינים אין דעם דאָזיקן ענין — זיי האָבן דערעיקרשט אַרויסגעזאָגט זייערע מיינונגען. די יונגערע און רויִקערע האָבן זיך בלויז געפרייט, קוקנדיק אויף זיי, און האָבן אַרויסגערוקט די קעפּ זיך בעסער צוצוהערן; אַ גרויסער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט אין קיך. קיין אונטער־אָפיצירן זענען דאָ, נאַטירלעך, נישט געווען. אין זייער אַנוועזנהייט וואָלט מען בכלל נישט אַלץ גערעדט. דער טאָטער מאַמעטקע, האָב איך באַמערקט, האָט געהערט צו די יעניקע, וואָס האָבן זיך באַזונדערס געפרייט מיט דעם; זייער אַ קאָמישע פיגור — אַ הויך־געוואַקסענער, מיט אַרויסגעסטאַרטשעטע באַקן־ביינער; ער האָט כמעט גאָרנישט געקענט קיין רוסיש און כמעט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס אַנדערע רעדן, אָבער ער האָט אויך אַרויסגערוקט דעם קאָפּ דורך דעם געדיכטן עולם און זיך צוגעהערט, מיט גרויס תענוג זיך צוגעהערט.

— וואָס מאַמעטקע־לעבן, יאַקשי? — האָט סקוראַטאָוו, וואָס אַלע האָבן זיך שוין אָפּגעקערט פון אים און וואָס האָט איצט, אַרומבלאָנקענדיק אָן אַ שטאָך מלאכה, זיך אָנגעטשעפּעט אָן טאָטער.

— יאַקשי! אַך, יאַקשי! — האָט מאַמעטקע גענומען מורמלען, אַן אויפגעלעבטער, און בעת מעשה געשאָקלט צו סקוראַטאָוון מיט זיין קאָמישן קאָפּ. — יאַקשי!

— וועט מען זיי נישט פאַקן? יאָק?

— יאָק, יאָק! — און מאַמעטקע האָט פונדאָסניי גענומען פלאַפּלען, דאָס מאָל שוין מאַכנדיק מיט די הענט.

— הייסט עס, ני בע, ני מע, ני קוקעריקו, נישט אזוי, וואָס?

— אזוי, אַזוי, יאַקשי! — האָט מאַמעטקע אונטערגעזאָגט, און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— נו, איז טאקע יאקשי!

און סקוראטאָוו האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן היטל, אַראָפּגערוקט עס איס אויף די אויגן, און איז אַרויס פון קיך אין דער בעסטער לוינע, איבערלאָזנדיק מאַמעטקען, וואָס איז געבליבן שטיין אַ פארגאפטער.

אַ גאַנצן יאָר האָט אָנגעהאַלטן די שטרענגקייט אין טורמע און די פארשטאַרקטע אָבלאַוועס און רעוויזיעס אין דער אומגעגנט. איך ווייס נישט ווי אַזויאַרום, נאָר די אַרעסטאַנטן האָבן באַלד באַקומען גענויע און אויספירלעכע ידיעות וועגן די מאַנעווערעס פון נאַטשאַלסטווע אויסער דער טורמע. אין די ערשטע טעג זענען אַלע ידיעות געווען לטובת די אַנטלאָפענע: מען האָט נישט געהערט, נישט געזען, אַנטרונען געוואָרן, ווי אין וואַסער. אונדזערע האָבן געהאַלטן אין איין חוזקן. די קלענסטע זאָרג וועגן דעם גורל פון די אַנטלאָפענע איז צערונען געוואָרן. „זיי וועלן גאָרנישט געפינען, מען וועט קיינעם נישט פאַקן!" — האָט מען בײַ אונדז געשמועסט מיט גרויס הנאה.

— גאָרנישט. אַ נעכטיקער טאָג!

— זוך, ברודער, דעם ווינט אין פעלד!

מען האָט בײַ אונדז געוווּסט, אַז מען האָט אַלע פויערים פון די אַרומיקע דערפער ממש אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות, אַז מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ וואַך אין אַלע פאַרדעכטיקע ערטער, אין אַלע וועלדער און טאָלן.

— ס'איז גאָרנישט, — האָבן אונדזערע געשמועסט און

וזק געמאַכט, — זיי האָבן שוין מסתמא אזא מענטשן, באַ וועלכן זיי האַלטן זיך אויף.

— נו, געוויס האָבן זיי! — האָבן די אַנדערע ווידער געזאָגט, — זיי זענען נישט אַזעלכע נאַראָנים. זיי האָבן אַלץ פריער צוגעגרייט.

מען איז אַוועק נאָך ווייטער אין די השערות: מען האָט אָנגעהייבן שמועסן, אַז די אַנטלויפער זיצן נאָך אפשר אויך איצט אין פאָרשטאָט, ערגעץ אין אַ קעלער און וואַרטן, אַז די בהלה זאָל אַריבער, און די האָר זאָלן אָפּוואַקסן. זיי וועלן זיך דאָרט אויפהאַלטן אַ האַלב יאָר, צי אַ יאָר, און נאָכדעם וועלן זיי אַוועק. . .

מיט איין וואָרט, אַלע האָבן זיך געפונען עפּעס אין אַ ראָמאַנטישן צושטאַנד. פּלוצלינג אָבער, אין אַ וואָסערע אַכט טעג אַרום, נאָכן אַנטלויפן, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען איז געפאַלן אויף די שפּורן. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער נארישער קלאַנג איז באַלד טאַקע אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט פאַר־אַכטונג. נאָר אין דעם אייגענעם אָוונט האָט זיך דער קלאַנג באַשטעטיקט. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אָנגעהייבן צו באַאומרויקן. אויף צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען שוין אָנגעהייבן צו שמועסן אין שטאָט, אַז מען האָט זיי געכאַפּט, אַז מען פירט זיי. נאָך מיטאָג איז מען געוווּיר געוואָרן נאָך מער פּרטים. מען האָט זיי געכאַפּט ערגעץ אין אַ דאָרף, באַ אַ זיבעציק וויאָרסט ווייט פון שטאָט. צולעצט האָט מען באַקומען אַ גענויע ידיעה. דער פעלד־פעבעל, וואָס איז געקומען פון מאַיאָר, האָט געמאָלדן אויף זיכער, אַז אין אָוונט וועט מען זיי ברענגען צופירן גלייך אין דער קאַרדעגאַרדיע באַ דער טורמע. מען האָט שוין נישט געקענט מער צווייפלען דערין. עס איז שווער איבערצוגעבן דעם איינדרוק, וואָס די דאָזיקע ידיעה האָט געמאַכט אויף די אַרעסטאַנטן.

תחילת זענען אַלע אַרייַנגעפאַלן אין גרויס גרימצאָרן, נאָכדעם, ווידער, האָט מען אַראָפּגעלאָזט די נעזער. נאָכדעם האָט זיך דורכגעריסן עפּעס אַ רמז פון חוזק. מען האָט אָנגעהייבן צו חוזקן, אָבער שוין נישט איבער די כאַפּער, נאָר איבער די געכאַפּטע, לכתחילה בלויז איינצלנע, נאָכדעם אָבער כמעט אַלע, חוץ עטלעכע ערנסטע און געשטעלטע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ זעלבסטשטענדיקע מיינונג און האָבן זיך קנאַפּ וואָס אָפּגעשראָקן פאַר די חוזק־מאַכער. זיי האָבן געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף די לייכטזיניקע מאַסן און פאַר זיך געשוויגן.

מיט איין וואָרט, אין דער זעלבער מאָס, ווי מען האָט פריער אויפגעהויבן קוליקאָוון און אַ־וון, אַזוי האָט מען זיי איצט אַראָפּגעוואָרפן, אַפילו מיט הנאה אַראָפּגעוואָרפן, פונקט ווי זיי וואָלטן אַלעמען מיט עפּעס באַליידיקט. מען האָט דערציילט מיט פאַראַכטונג, אַז עס איז זיי שטאַרק געגאַנגען אין דער אַכילה, אַז זיי האָבן נישט געקענט פאַרליידן קיין הונגער און זענען געגאַנגען אין דאָרף אַרייַן צו די פּויערים בעטן ברויט. דאָס איז שוין געווען די לעצטע מדרגה פון בושה פאַר אַ בראָדיאַגע. איבעריקנס, האָבן די דאָזיקע מעשיות נישט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט. די פּליטהניקעס האָט מען אויסגעשפּירט, זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין וואַלד. האָט מען אַרומגערינגלט דעם וואַלד פון אַלע זייטן, האָבן זיי איינגעזען, אַז זיי קענען זיך שוין נישט ראַטעווען און האָבן זיך אונטערגעגעבן. קיין אַנדער אויסוועג האָבן זיי שוין נישט געהאַט.

בשעת מען האָט זיי צו זָונט־צו געברענגט צו פירן, מיט זשאַנדאַרמען, געבונדן הענט און פיס, האָט זיך די קאַטאָרגע אַרויסגעשאָטן צו די פּאַליעס, ווו דער עולם האָט געוואָלט זען, וואָס מען וועט מיט זיי טון. זיי האָבן, נאַטירלעך, באַרנישט געזען, חוץ דעם מאַיאָרס און דעם קאָמענדאַנטס

עקיפּאַזשלעך, וואָס זיינען געשטאַנען ביי דער קאַרדעגאַרדיע.
די פּליטהניקעס האָט מען איינגעזעצט אין די אייגנצל-קאַמערן, פאַרשמידט אין קייטן און גלייך צומאָרגנס זיי איבערגעגעבן אין געריכט. דער חוזק מיט דער פאַראַכטונג האָט זיך באַלד אָפּגעטון פון די אַרעסטאַנטן. מען איז געווען געוויר געוואָרן די זאַך מען האָט זיך דערוווסט, אַז עס איז קיין אַנ-דער אויסוועג נישט געווען, ווי בלויז זיך אונטערצוגעבן, און אַלע האָבן מיטן גאַנצן האַרץ זיך פאַראינטערעסירט מיטן גאַנג פון דעם ענין אין געריכט.
— מ'וועט אַריינצימבלען אַ טויזנט, — האָבן אייניקע גע-זאָגט.
— ווי אַזוי טויזנט! — האָבן די אַנדערע געזאָגט, — מען וועט זיי פאַרשמייסן. אַ-וו וועט אפשר באַקומען אַ טויזנט, אָבער יענעם וועט מען פאַרשמייסן, ווייל ער איז, ברודער-לעבן, פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג.
פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געטראָפן. א-וו האָט אינ-גאַנצן באַקומען פינף הונדערט. מען האָט גענומען אין אַכט זיין גוטע פריערדיקע אויפפירונג און דעם ערשטן חטא. קוליקאָוון, האָט מען, דאַכט זיך, געגעבן פופצן הונדערט שמיץ. באַשטראָפט האָט מען זיי מיט רחמנות. מענטשן מיט אַ גע-שטעלטער דעה, האָבן זיי אין געריכט קיינעם נישט אַריינגע-פלאָנטערט אין דעם ענין, האָבן גערעדט קלאָר, ריכטיק. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען גלייך אַנטלאָפן פון פעסטונג און צו קיינעם נישט אַריינגעגאַנגען. איבערהויפּט האָט מיר באַנג געטון אויף קאָלערן: ער האָט אַלץ פאַרלוירן, די לעצטע האָפענונגען זיינע, און ער האָט באַקומען מער פון אַלעמען — שיינט מיר, ביי צוויי טויזנט און איז ערגיץ פאַרשיקט געוואָרן אַלס אַרעסטאַנט, אָבער נישט אין אונדזער טורמע. א-וון האָט

מען באַשטראָפט שוואַך, מיט רחמנות. די דאָקטוירים האָבן אים א ביסל צוגעהאָלפן דערין. אָבער ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז זייער מוטיק און האָט הויך גערעדט אין שפיטאָל, אַז איצט וואָלט ער שוין אויף אַלץ געגאַנגען, אַז ער איז גרייט אויף אַלץ און אַז ער וועט נאָך ווייזן, וואָס ער קען. קוליקאָוו האָט זיך געהאַלטן אַזוי־ווי אַלע מאָל, דאָס הייסט, סאָליד, אַנ־שטענדיק, און אַז ער איז נאָך דער שטראָף געקומען צוריק אין טורמע, האָט ער אויסגעזען אַזוי, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל נישט אַרויס פון דאַנען. אָבער נישט אַזוי האָבן אויף אים גע־קוקט די אַרעסטאַנטן: הגם קוליקאָוו האָט שטענדיק און אומעטום געקענט אונטערהאַלטן זיין רעפּוטאַציע, דאָך האָבן די אַרעסטאַנטן פאַרלאָרן אין האַרצן די אַכטונג צו אים; מען האָט זיך עפּעס באַצויגן צו אים שוין צופיל פאַמיליער. מיט איין וואָרט, דורך דער דאָזיקער פליטה איז קוליקאָווס רום שטאַרק געפאַלן. דער ערפאָלג שפּילט אַזאַ ראָל בײַ מענטשן...

---

X.

# דאָס אַרויסגיין פון דער קאַטאָרגע.

דאָס אַלץ איז שוין געשען אינם לעצטן יאָר פון מיין קאַטאָרגע. דאָס דאָזיקע לעצטע יאָר איז מיר אויך אַזוי פאַרבליבן אין זכרון, ווי דאָס ערשטע, באַזונדערס די סאַמע לעצטע צייט אין טורמע. נאָר צו וואָס ריידן וועגן פרטים. איך געדענק נאָר, אַז אין דעם דאָזיקן יאָר איז מיר געווען לייכטער צו לעבן, איידער אין די אַלע פריערדיקע יאָרן פון פאַרשיקונג, הגם דער חשק צו ענדיקן וואָס גיכער דעם טערמין האָט מיך נישט געלאָזט רוען. ראשית, האָב איך צווישן די אַרעסטאַנטן געהאַט אַ סך פריינט און חברים, וואָס האָבן אָנטגילטיק באַשלאָסן, אַז איך בין אַ גוטער מענטש. אַ סך פון זיי זענען מיר געווען איבערגעגעבן און האָבן מיך באמת ליב געהאַט. דער פּיאָנער האָט זיך שיער נישט צעוויינט, בשעת ער האָט מיך און מיין חבר אַרויסבאַגלייט פון טורמע און דערנאָך, שוין נאָכן אַרויסגיין, אַז מיר האָבן אַ גאַנצן חודש צייט געוווינט אין דער דאָזיקער שטאָט, אין אַ רעגירונגס-בנין, איז ער כמעט אַלע טאָג געקומען צו אונדז, סתם אַזוי, כדי אונדז פשוט צו זען. עס זענען אָבער אויך געווען אַזוינע, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו מיר האַרב און נישט פריינטלעך סאַמע ביזן סוף, וואָס די איז, שיינט מיר,

פשוט שווער געווען אויסצורעדן מיט מיר א וואָרט, איין גאָט ווייסט, פאַרוואָס. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי צווישן אונדז וואָלט געשטאַנען עפּעס אַ מחיצה.

אין דער לעצטער צייט האָב איך בכלל געהאַט מער הנחות, ווי אין דער גאַנצער צייט פון דער קאַטאָרגע. אין דער דאָזיקער שטאָט האָב איך צווישן די מיליטערישע באַאַמטע געפונען באַקאַנטע, און אַפילו אַמאָליקע שול־חברים. איך האָב אָנגעהייבן פאַרקערן מיט זיי. דורך זיי האָב איך געקענט האָבן מער געלט, געקענט שרייבן אַהיים, און אַפילו געקענט האָבן ביכער. שוין עטלעכע יאָר, ווי איך האָב נישט געלייענט קיין איין בוך, און עס איז שווער אָפּצוגעבן אַ חשבון וועגן יענעם רושם, אַזאַ אויסטערלישן און גלייכצייטיק אַזאַ באַאומרויקלעכן, וועלכן עס האָט געמאַכט אויף מיר דאָס ערשטע בוך, וואָס איך האָב איבערגעלייענט אין טורמע. איך געדענק, אַז איך האָב עס אָנגעהייבן צו לייענען אין אָוונט, ווען מען האָט פאַרמאַכט די קאַזאַרמע, און געלייענט אַ גאַנצע נאַכט ביז באַגינען. דאָס איז געווען אַ נומער פון אַ זשורנאַל. פונקט ווי אַ בשורה פון יענער וועלט איז געקומען צו פליען צו מיר. העל און קלאָר האָט זיך דאָס פריערדיקע לעבן אָנגעקגעשטעלט פאַר מיר, און איך האָב מיך באַמיט צו טרעפן פונם געלייענטן: צי בין איך נפּעס אַ סך אָפּגעשטאַנען פון דעם דאָזיקן לעבן? צי האָבן זיי פּעס דאָרט אַ סך איבערגעלעבט אָן מיר? וואָס באַאומרויקט זיי איצט, מיט וואָסערע פראַגן זענען זיי איצט פאַראינטערעסירט? איך האָב מיך צוגעטשעפּעט צו ווערטער, געלייענט צווישן די שורות, זיך באַמיט צו געפינען אַ פאַרבאָרגענעם געדאַנק, אַ רמז אויפן פריערדיקן לעבן. איך האָב נאָכגעזוכט שפּורן פון דעם, וואָס האָט פריער, אין מיין צייט, באַאומרויקט מענטשן, און אַזוי טרויעריק איז מיר איצט געוואָרן צו אנערקענען, ווי ווייט איך

בין פרעמד פון דעם נייעם לעבן, אַז איך בין בלויז אַן אָפּגע־ריסן שטיק. איך האָב מיך באַדאַרפט צוגעוויינען צום נייעם, זיך באַקענען מיטן נייעם דור. באַזונדערס האָב איך מיך אַרויס־געוואָרפן אויף אַן אַרטיקל, אונטער וועלכן איך האָב געפונען דעם נאָמען פון אַ באַקאַנטן, אַמאָל נאָנטן מענטשן... אָבער אויך נייע נעמען האָבן שוין געקלונגען: עס האָבן זיך באַוויזן נייע טוער, און כ׳האָב שטאַרק געלעכצט מיט זיי זיך צו באַקענען, און גרויס ערגערניש האָב איך געהאַט דערפון, וואָס איך האָב אַזוי ווייניק ביכער פאַר זיך, און וואָס עס איז אַזוי שווער זיי צו באַקומען. פריער אָבער, באַם פריערדיקן פלאַץ־מאַיאָר, איז אפילו געפערלעך געווען צו ברענגען ביכער אויף קאַטאָרגע. אין פאַל פון אַ רעוויזיע וואָלט מען אומבאַדינגט געפרעגט: „פון וואַנען קומען די ביכער אַהער? ווו האָסטו זיי גענומען? מסתמא, האָסטו באַציִונגען?..״ און וואָס האָב איך געקענט ענטפערן אויף אַזעלכע שאלות? לעבנדיק אָן ביכער, האָב איך מיך אַזויערנאָך נישט ווילנדיק פאַרטיפט אין זיך אַליין, האָב מיר אַליין געשטעלט פראַגן, זיך באַמיט זיי צו פאַרענטפערן, טיילמאָל זיך געמוטשעט מיט זיי... אָבער דאָס אַלץ וועסטו דאָך פאַראַמאָל נישט אויסדערציילן.

ווינטער־צייט בין איך אַריין אין טורמע און דעריבער האָב איך אויך ווינטער־צייט באַדאַרפט באַפרייט ווערן, טאַקע אין דער אייגענער דאַטע פון חודש, ווען איך בין אָנגעקומען. מיט וואָס פאַר אַן אומגעדולד האָב איך אָפּגעוואַרט דעם ווינ־טער, מיט וואָס פאַר אַ תענוג האָב איך סוף זומער צוגעזען, ווי עס וועלקט דאָס בלאַט אויפן בוים און דאָס גראָז אין סטעפּ! נאָר אָט איז שוין אַדורך אויך דער זומער, אַ הערבסט־ווינט האָט זיך אויפגעהויבן. אָט האָט שוין אָנגעהייבן פאַלן דער ערשטער שניי... סוף־כל־סוף איז דאָך אָנגעקומען דער דאָזיקער

ווינטער, דער לאַנג דערוואַרטער! דאָס האַרץ האָט מיר אָנגע־הייבן שטאַרק צו קלאַפּן פונם גרויסן פאָרגעפיל פון פרייהייט. אָבער אַ מאָדנע זאַך: וואָס מער צייט עס איז אַוועק און וואָס נענטער עס האָט זיך צוגערוקט דער טערמין, אַלץ געדולדיקער און געדולדיקער בין איך געוואָרן. באַ די סאַמע לעצטע טעג האָב איך מיך אַפילו שטאַרק געחדושט און זיך פאַרגעוואָרפן: מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין לגמרי קאַלטבלוטיק און גלייכגילטיק געוואָרן. אַ סך אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן מיך באַ־געגנט אויפן הויף אין דער ליידיקער צייט, האָבן געשמועסט מיט מיר, האָבן מיר צוגעווונטשן:

— אָט גייט איר שוין אַרויס, אַלעקסאנדער פּיעטראָוויטש, אויף דער פריי, באַלד, באַלד. איר וועט אונדז איבערלאָזן אַליין, ווי אַ שטיין.

— און וואָס, מאַרטינאָוו, איר האָט נאָך לאַנג? — ענט־פער איך.

— איך! נו, וואָס איז דאָ צו רעדן! נאָך זיבן יאָר זיך צו מוטשען...

און ער גיט אַ זיפץ פאַר זיך. בלייבט שטיין, קוקט זיך אַרום, אַ צעזייטער, פונקט ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין דער קומענדיקער צייט... יאָ, אַ סך האָבן מיך אויפריכטיק און פריי־דיק באַגריסט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע האָבן עפּעס אויך פריינטלעכער זיך גענומען באַציען צו מיר. איך בין שוין, קענטיק, געוואָרן אויס זייערער. זיי האָבן זיך שוין מיט מיר געזעגנט. ק—טשינסקי, אַ פּאָליאַק פון די דוואָריאַנעס, אַ שטי־לער און רויקער יונגערמאַן, האָט אויך, ווי איך, ליב געהאַט אַ סך צו גיין אין דער לעדיקער צייט איבערן הויף. מיט ריינער לופט און מיט מאָציאָן האָט ער געוואָלט זיך אָפּהיטן דאָס גע־זונט און אַזויאַרום דעקן די גאַנצע שעדלעכקייט פון די דושנע

נעכט אין קאַזאַרמע. „איך וואַרט שוין מיט גרויס אומגעדולד אויף אייער אַרויסגיין, — האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ שמייכל, בשעת ער האָט מיך איינמאָל באַגעגנט אויפן שפּאַציר, — איר וועט אַרויסגיין, וועל איך שוין דאַמאָלס וויסן, אַז מיר בלייבט איבער פּונקט אַ יאָר צום אַרויסגיין".

איך באַמערק דאָ פאַרבײַגייענדיק, אַז אַ דאַנק דער פאַרחלומטקייט און דער לאַנגער אָפּגעוויינטקייט, האָט אונדז עפּעס די פרייהייט אויסגעוויזן פרייער ווי די אמתע פרייהייט, דאָס הייסט ווי יענע פרייהייט, וועלכע עקזיסטירט באמת אין דער ווירקלעכקייט. די אַרעסטאַנטן האָבן מגזם געווען דעם באַגריף וועגן דער ווירקלעכער פרייהייט, און דאָס איז אַזוי נאַטירלעך, אַזוי אייגנשאַפטלעך פאַר יעדן אַרעסטאַנט. עפּעס דאָרט אַן אַרומגעריסענער אָפּיצירישער דענשטשיק איז בײַ אונדז געהאַלטן געוואָרן כמעט פאַר מלך, כמעט פאַר אַן אידעאַל פון אַ פרייען מענטשן, אין פאַרגלייך מיט די אַרעסטאַנטן, מחמת ער איז אַרומגעגאַנגען נישט געגאָלט, אָן קייטן, און אָן אַ וואַך.

ערב דעם לעצטן טאָג, בין־השמשות, בין איך בײַ די פּאַליעס אַרומגעגאַנגען צום לעצטן מאָל די גאַנצע טורמע אונדזערע. וויפל טויזנטער מאָל בין איך אַרומגעגאַנגען די דאָזיקע פּאַליעס אין די אַלע יאָרן! דאָ, הינטער די קאַזאַרמעס האָב איך אין ערשטן יאָר פון מיין קאַטאָרגע אַרומגעבלאָנקעט איינער אַליין, אַ פאַריתומטער, אַ דערשלאָגענער. איך געדענק, ווי איך האָב דאַמאָלס געציילט, וויפל טויזנטער טעג עס בלייבן מיר איבער. גאָט מיינער, ווי לאַנג איז עס געווען! אָט דאָ, אין דעם דאָזיקן ווינקל, האָט זיך אויפגעהאַלטן אין געפאַנגענשאַפט אונדזער אָדלער; אָט דאָ האָט מיך עפּעטער באַגעגנט פּעטראָוו. אויך איצט טרעט ער נישט אָפּ פון מיר. עפּעטער

לויפט ער צו, און פונקט ווי ער וואָלט פאַרשטיין מיינע רעיונות, גייט ער שווייגנדיק לעבן מיר מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט זיך אין דער שטיל שטאַרק געחדושט פון עפּעס. אין געדאַנק האָב איך מיך געזעגנט מיט די דאָזיקע שוואַרץ-געוואָרענע באַלקן-ווענט פון אונדזערע קאַזאַרמעס. ווי נישט פריינטלעך האָבן זיי מיך דאַמאָלס, אין דער ערשטער צייט, איבערראַשט. אפנים, אז זיי זענען אויך עלטער געוואָרן אַנטקעגן דאַמאָלס. אָבער איך האָב דאָס נישט באַמערקט. און וויפל יוגנט איז אין די דאָזיקע ווענט אומזיסט-אומנישט באַגראָבן געוואָרן, וויפל גרויסע כּוחות זענען דאָ אומגעקומען בחינם! מען דאַרף דאָך שוין אַלץ זאָגן: די דאָזיקע מענטשן זענען דאָך טאַקע נישט קיין געוויינלעכע מענטשן! עס קען דאָך זיין, אַז זיי זענען טאָקע די סאַמע באַגאַבטעסטע, די סאַמע שטאַרקסטע מענטשן פון אונדזער גאַנצן פאָלק. אָבער אומזיסט זענען אומגעקומען די מעכטיקע כוחות, אומגעקומען נישט נאָרמאַל, אומגעזעצלעך, אויף אייביק. און ווער איז שולדיק?

אָט דאָס טאַקע, ווער איז שולדיק?

אויף צומאָרגנס אינדערפרי, נאָך פאַרן אַרויסגיין אויף דער אַרבעט, ווען עס האָט נאָר וואָס אָנגעהייבן צו שאַריען אויף טאָג, בין איך אַרומגעגאַנגען אַלע קאַזאַרמעס, כּדי זיך צו געזעגענען מיט אַלע אַרעסטאַנטן. אַ סך אויסגעאַרבעטע, שטאַרקע הענט האָבן זיך אויסגעצויגן פריינטלעך צו מיר. מאַנכע האָבן מיר געדריקט די האַנט גאָר חבריש, אָבער אַזעלכע זענען געווען נישט קיין סך. אַנדערע האָבן שוין גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז איך וועל באַלד ווערן גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי זיי. זיי האָבן געוווּסט, אַז איך האָב אין שטאָט באַקאַנטשאַפט, אַז איך וועל באַלד טאַקע אַוועק פון דאַנען צו די הערן און צוזאַמען מיט די דאָזיקע הערן וועל איך מיך אַוועק-

זעצן ווי אַ גלייכער. זיי האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען, און הגם זיי האָבן זיך צעזעגנט מיט מיר אַפילו גאַנץ פריינטלעך, אַפילו גאַנץ וואַרעם, דאָך אָבער גאָרנישט ווי מיט אַ חבר, נאָר ווי מיט אַ פריץ. אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעקערט פון מיר און ביז גישט געענטפערט אויף מיין געזעגענען זיך. אַנדערע האָבן מיך אַפילו אָנגעקוקט מיט עפּעס אַ שנאה.

עס האָט זיך אָנגעהייבן צו קלאַפּן די פּויק, און אַלע זענען אַוועק אויף דער אַרבעט, איך בין אָבער איבערגעבליבן אין קאַזאַרמע. סושילאָוו איז דעם פרימאָרגן אויפגעשטאַנען כמעט פריער פון אַלעמען, און מיט אַלע כוחות האָט ער זיך באַמיט, איך זאָל קענען טרינקען טיי פאַר מיין אַרויסגיין. אָרעמער סושילאָוו! ער האָט זיך צעוויינט, בשעת איך האָב אים אַוועקגעשענקט מיינע אַרעסטאַנטישע אָפּגעטראָגענע זאַכן, העמדער, קייטן-קישעלעך און אַ ביסל געלט. „איך דאַרף דאָס נישט, איך דאַרף דאָס נישט, — האָט ער געזאָגט, און קוים איינגעהאַלטן זיינע ציטערדיקע ליפּן. — ווי קען איך מיך שיידן מיט אייך, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש? אויף וועמען לאָזט איר מיך דאָ איבער"! צום לעצטן מאָל האָב איך מיך אויך געזעגנט מיט אַקים אַקימיטשן.

— אָט וועט איר אויך אינגיכן! — האָב איך אים געזאָגט.

— נו, איך האָב נאָך לאַנג, איך האָב נאָך זייער לאַנג דאָ צו זיין, — האָט ער געמורמלט און געדריקט מיר די האַנט. איך האָב מיך אים אַ וואָרף געטון אויפן האַלדז, און מיר האָבן זיך צעקושט.

אין אַ צען מינוט אַרום נאָכדעם, ווי די אַרעסטאַנטן זענען אַרויס אויף דער אַרבעט, זענען מיר אויך אַרויס פון טורמע, כדי שוין קיינמאָל זיך מער נישט צוריקצוקערן אין איר, — מיר, איך און מיין חבר, מיט וועלכן איך בין געקומען. מען

האָט באַדאַרפט גיין גלייך אין קוזניע, כּדי אויפצושמידן די קייטן. דער וואַכסאָלדאַט מיט דער ביקס האָט אונדז שוין מער נישט באַגלייט: מיר זענען געגאַנגען מיטן אונטער-אָפיציר. אונדזערע אַרעסטאַנטן טאַקע האָבן אונדז אויפגעשמידט די קייטן אינם אינזשיניערן-וואַרשטאַט. איך האָב צוגעוואַרט, ביז מען וועט אויפשמידן דעם חבר, און נאָכדעם בין איך אויך צוגעגאַנגען צו דעם שמיד-אייזן. די שמידן האָבן מיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו זיך, האָבן אויפגעהויבן פון הינטן דעם פוס, אַרויפגעלייגט אים אויף דעם שמיד-אייזן... זיי האָבן זיך שטאַרק באַמיט, האָבן עס געוואָלט מאַכן וואָס געשיקטער און בעסער.

— דעם נאָגל, דעם נאָגל גיב אקארשט אַ דריי איבער!.. — האָט דער עלטסטער געשריען. — דו לייג אים אַנידער, אָט אַזוי, פיין... איצט שלאָג מיטן האַמער...

די קייטן זענען אַראָפּגעפאַלן. איך האָב זיי אויפגעהויבן... איך האָב געוואָלט זיי האַלטן אין דער האַנט, אַ קוק טון אויף זיי צום לעצטן מאָל. פונקט ווי איך וואָלט מיך איצט געחידושט, וואָס איך האָב זיי נאָר וואָס געטראָגן אויף מיינע פיס.

— נו, גייט אייך מיט גאָטס הילף! מיט גאָטס הילף! — האָבן די אַרעסטאַנטן געזאָגט מיט אָפּגעהאַקטע, האַמעטנע, נאָר ווי מיט עפּעס צופרידענע שטימען.

יאָ, מיט גאָטס הילף! פרייהייט, אַ ניי לעבן, תּחית המתים... וואָס פאַר אַ טייערע מינוט!

1861—1862.



